# לזכר

מײַן מאַמען שׂרה בת מרדכי ורבקה

מײַנע שװעסטערס :

מאַנדזשע און פאַמיליע

חנה

נעכטשע

די ליבהאָבערס פון ייִדישן בוך און פון ייִדישן ליד

אַ דאַנק דעם דיכטער ש. סימכאָוויטש און די קולטור־טוערס י. קאַפּיטאַ און אַ. ביינערמאַן — דעם בוך־קאָמיטעט, ווי אויך יחידים, וועלכע האָבן מיט זייער מי און באַשטייער דערמעגלעכט דאָס דערשיינען פון דעם דאָזיקן בוך.

## נעמען פון גוטע פריינד, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דעם בוכפאָנד

אַפּטער לאַנדסמאַנשאַפט, ניו־יאָרק און טאָראָנטאָ
ח. אַיאַלטי, ניו־יאָרק
ב. אַבראַמטשיק
י. אורבאַס
מ. בידערמאַן
א. ביינערמאַן
ה. בעקערקונץ, מאָנטרעאַל
ר. בעסערמאַן
י.ביילין
י. גאָלדבאַך
ע. גאָלדבערג
ע. גלאַס
צ. גרונדוואַלד
ד״ר ר. ב. דיזענהאַוז
מ. הערלינג
ס. העריס
י. האָראָוויץ
צ. ווידער, ניו־יאָרק
ש. וויסמאַן, מאָנטרעאַל
י. און פאַליע זענדעל
ד. זשאָלטעק
מ. און ס. זעלער
מ. זינגער
ה. טאָפּער
פ. טיק
פ. יאַשאַנאָוויטש
י. יאָרדאַן
מאַניע ליפשיץ
ראַביי ד״ר י. מאַנסאָן
ר. מאַדייסקער
ס. מענאַכאָווסקי
ד. ע. ניומאַן, קיו. סי.
י. סילבערט
ב. סילווערבערג, מאָנטרעאַל
ש. סאָלניצקי
א. סילווער
ש. סימכאָוויטש
מ. ערליך
י. עלבערג, מאָנטרעאַל
י. עגיט
פ. פּרעסמאַן, מאָנטרעאַל
נ. פישאָף
ד. און ס. פּערבערג
א. מ. צימערמאַן
י. צווייגמאַן
ס. קאַגאַן
י. קאַט
ר. קריגשטיין
פ. קראָל, ניו־יאָרק
י. און פ. קאַפּיטאַ
מ. קירשנבלאַט
י. קראַקאַוער
ז. ריטש
ס. ראַאַפּ
ל. שטראָם
ח. שפּילבערג, מאָנטרעאַל

## אינהאַלט:

**מיין פרוי פּאָליע**

און די קינדער:

שרהלע

יצחק

קאַרי

און חנהלע

פאַר דערמוטיקן מיך אָנצושרייבן דאָס דאָזיקע בוך.

# אַמעריקאַנער ייִדיש לעבן
# אין שלום אַשס שאַפן

פֿאַר דעם עלטערן דור ייִדישע אימיגראַנטן אין אַמע־ריקע און נאָך מער פֿאַר די ניי־אײַנגעוואַנדערטע שׂרידים נאָך דעם היטלער־מבול, ביי וועמען עס זיינען נאָך פֿאַרבליבן היפּשע שפּורן פֿון דורות איינגעוואָרצלטע פֿאָלקס־טראַדיציעס, זיינען שלום אַשס ווערק, אין וועלכע ער באַהאַנדלט די אַמעריקאַנער ייִדישעווירקלעכקייט, אַ גע־טרייע אָפּשפּיגלונג פֿון אונדזער מער זיך נישט אומקערנדיקן עבר און אויך פֿון אונדזער לעבן אין דער „נייער וועלט", אויף דער זייט ים.

אונדזער אינטערעס צו לייענען אַשס ווערק אויף דער אָקערשט דער־מאָנטער טעמע קומט נישט בלויז פֿון נייגיר זיך צו באַקענען מיט קנאַפּע אַכציק יאָר ייִדיש לעבן אויף דעם קאָנטינענט. אַריינפֿילנדיק זיך אין די שווערע איבערברוכן, טראַגישע איבערלעבונגען פֿון אַשס געשילדערטע העלדן, דערקענען מיר זיך אַליין. בעת מיר בלעטערן אויפֿמערקיק אַשס ערשטע שריפֿטן איינגעטאַוולט אונטער דעם אַלגעמיינעם נאָמען „אַמעריקע", וויקלט זיך אויף פֿאַר אונדזערע אויגן אַ נאָך נישט פֿאַרגעסן בילד פֿון ייִדישן שטייגער אין דער אַלטער היים, און פֿון דעם גאָר פֿריִערדיקן לעבן אין „קאָלומבוסעס מדינה". קליינשטעטלדיקע אָפּגעשטאַנענקייט, אימיגראַנטישע פֿאַרלוירנקייט, געראַנגל מיט שוועריקייטן זיך אַריינצו־פּאַסן אין די נייע לעבנס־באַדינגונגען פֿון „גאָלדענעם לאַנד", שרעק פֿאַרן

מאָרגן — דאָס זיינען די אומשטאַנדן אין וועלכע עס האָבן געלעבט די אימיגראַנטן, אָנגעקומענע פון די שטעטלעך אין מזרח־אייראָפּע. פון איין זייט די צוגעבונדנקייט צו דער אַלטער היים, די בענקשאַפט צום אַלטן לעבנס־שטייגער, פון דער צווייטער זייט — דער שטאַרקער ווילן זיך איינצוואָרצלען אין היגן באָדן ווו מען וועט שוין, ווי עס איז, „מאַכן אַ לעבן". אָט דער ויתרוצצו דעפאָרמירט דעם אייגנטלעכן כאַראַקטער פון יעדן אימיגראַנט, בפרט דעם קליינשטעטלדיקן, פאַרוואָגלטן ייִד.

חנה־לאה באַקומט ערשט דאָס געפיל פון „באַזעסנקייט", ווען זי לאָזט איבער אויפן בית־עולם אין ניו־יאָרק איר פאַרשטאָרבן זינדל יאָסעלע, הגם זי האָט אויף דעם היימישן „גוטן אָרט" איבערגעלאָזט אַ פיל גרע־סערע משפּחה...

„און איר האָט זיך געדאַכט, אַז זי מוז שוין דאָ פאַרבלייבן
אויף דער ערד — זי האָט שוין דאָ אַ קבר".

אַפילו ווען חנה־לאה און מאיר מאַכן שלום מיטן גורל אָפּצולעבן אַ פאַרהאַוועט לעבן אין דעם אַמעריקאַנער שמעלצטאָפּ, איז, פון דעסטן, נאָך אַלץ קענטיק אויף זיי דער חותם פון דער אַלטער היים. און וואָסערע פעק מיט צרות זיי האָבן געמוזט בייקומען ביז זיי האָבן שוין, מיט מזל, דערגרייכט דעם ברעג פון דער גאָלדענער מדינה!

„אויף עליס איילענד,ביים טויער, דורך וועלכן אַלע גייען דורך אין גאָלדענעם לאַנד אַריין, האָט זיך געצויגן אַן אייביקע מענטשן־סטענגע פון ברעג ים צו דעם גרויסן פירשטאָקיקן הויז, דורך וועלכן אַלע זיינען דורכגעגאַנגען אין לאַנד אַריין. — — — ס׳זיינען געגאַנגען יונגע און אַלטע, ווייבער און מענער, דערוואַקסענע און קינדער, ס׳זיינען געגאַנגען פאַרשידענע פעלקער, נאַציעס אין פאַרשידענע פאַסאָנען און קאָלירן, די שפּראַכן פון דער ערד האָבן זיך געהערט דורך דער סטענגעריידן, און קיין מאָל, קיין מאָל האָבן זיך די רייען נישט געענדיקט און ציִען זיך ביזן היינטיקן טאָג און ביז צו דער איצטיקער צייט..." („קיין אַמעריקע").

דאָס זיינען בלויז געציילטע שורות פון אַן אשיש געמאָלן אויטענטיש בילד פון אימיגראַנטישן נע־ונד. נאַטירלעך זעט דער שרייבער אין עליס

אײלענד אימיגראַנטן פון דער גאַנצער װעלט. דאָך שענקט ער מער קינסט־לערישן אויפמערק דעם אײביקן, ייִדישן וואַנדערער, װעלכער איז אים ברודערלעך נאָענט.

אַש זעט פאַר זיך איין ייִדיש פאָלק, געטראָפן פון איין שותּפותדיקן גורל. דאָס באַקלאָגן דעם ייִדישן גלות גייט ביי אים אין פּאַר מיט דער אַפּאָלאָגיע פון ייִדישער אויסדערווײלטקייט. לויט אונדזער מצב אין דער וועלט האָט אָט די פּאַראַלגעמײנערונג איך באַשטימטן זין. דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז אַש דער קינסטלער פאַרזעט מיט ביטול די סתּירות און געזעלשאַפטלעכע ווידעראַנאַנדן, וועלכע לאָזן זיך מערקן אין פאָלק ביי אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע קאַטאַסטראָפעס, בכלל אָבער ווערן די לעבנס־ווידער־שפּרוכן מאָלעריש און אויך נאַראַטיוו אָפּגעשפּיגלט אין אַשס רייכן שאַפן נישט קאָנטראַדיקציאָנעל. נישט זעלטן געפינען מיר אין זיינע שילדערונגען אויך דעם עלעמענט פון ראָמאַנטיק. אין אונדזערע אויגן קוקט דאָס אויס ווי דער שרייבער וואָלט באַמיט זיך אַריינצוברענגען מער שיינקייט אין מאָלן דאָס רעאַלע. בכלל האָט אַש דער דיכטער ליב דאָס שיינע און נישט דאָס אָפּשטויסנדיקע, דאָס גוטע און נישט דאָס אומרחמנותדיקע אינעם מענטשן, דאָס געמיטלעכע און נישט דאָס גאַליק־פאַרביטערטע. ער ווייסט אָבער אויך, אַז דאָס לעבן אויף אונדזער ערד איז נישט כּולו שיינקייט און צדיקים דאַרף מען זוכן מיט ליכט.

אין דער דערציילונג „לייבל אין דער היים — לייבל אין אַמעריקע" שטעלט אַש אויף אַ פאַרטרעט פון אַן אימיגראַנט, וועלכער האָט אין דעם קליינעם שטעטל זיך אומגעדרייט מיט דעם „שטעקעלע און קאַפּעלושל" און געצויגן פּרנסה פון אויסבאָרגן געלט אויף פּראָצענט. דורך זיין גרויס־האַלטערישער חוצפּה, דערקענען מיר לייבלען דעם זעלבסטזיכערן, גראָב־הויטיקן תּקיף, פאַר וועמען אַלע אין שטעטל האָבן מורא. זיי מייַדן אים אויס, מחמת ער טראָגט אונטער דעם שטאָט־נאַטשאַלניק מסירות, אַז ביי ווײַנשטיינען אין געוועלבל קומען זיך צונויף סאָציאַליסטן.

נאָר מיט אַ מאָל איז לייבל אַראָפּגעפאַלן פון זיין גדולה. זיינע ממזר־שטיקלעך האָב אים אַליין פאַרוויקלט אין אַ גרויסן פּלאָנטער פון וועלכן ער האָט געמוזט זיך אויסקויפן פאַר געלט און אַזוי אַרום פאַרלוירן זיין פאַרמעג.

„...צייט ער האָט פאַרלוירן די צען טויזנט רובל און די זיכער־
קייט אין דעם מאָרגנדיקן טאָג, האָט זיך לייבל עפּעס ווי געאַנדערשט.
— — — לייבל האָט אָנגעהויבן צו דערקענען מענטשן. אַמאָל האָט
לייבל נישט דערקענט קיין מענטשן".

לייבל האָט אין זיין געפאַלענעם מצב געזוכט איצט אַ באָדן פאַר זיין
עקזיסטענץ און געטראַכט צו פאָרן קיין אַמעריקע. אָבער ווי איינער איז
צו זיבן, אַזוי איז ער צו זיבעציק. זיין באַלעבעסלדיקע גאווה האָט נאָך
אַלץ פון אים זיך נישט אָפּגעטאָן.

„— איך אַרבעטן? — — — איך וועל זיי ווייזן אין אַמעריקע
ווער לייבל איז..."

אָנטרעפנדיק זיך מיט דער האַרבער לעבנס־ווירקלעכקייט, איז דער
קליינשטעטלדיקער בריה אין גאַנצן ביי זיך אַראָפּגעפאַלן. ער האָט דאָ
באַגעגנט לאַנדסלייט מיט וועמען ער האָט אין דער היים נישט געוואָלט
אויסריידן קיין וואָרט און דאָ זיינען זיי מענטשן מיט לייטן גלייך. ער האָט
אַפילו ביי איינעם פון זיי געבעטן אַ דזשאָב. לייבל, ווי אַש מאָלט אים,
רופט נישט אַרויס צו זיך קיין סימפּאַטיע .וואָס עס טראַכט וועגן אים דער
מחבר, וועלן מיר ווייטער זען. שילדערנדיק לייבלס פאַרלוירנקייט בעת ער
זוכט אין דעם גרויסן ניו־יאָרק אַ שטיקל אָנהאַלט, ענדיקט דער מחבר די
דערציילונג מיט אָט די „פילאָסאָפישע" מעדיטאַציעס:

„— וועט טאַקע לייבל קיין מאָל נישט שטאַרבן? איך בין דאָך
שוין געשטאָרבן. — דו יאָ, נאָר לייבל נישט. ווייל לייבל לעבט אין
אונדז, אין יעדן פון אונדז איז דאָ אַ שטיק לייבל, ער שטאַרקט זיך
און זעטיקט זיך מיט אונדזער בלוט. — — — יעצט ביסטו גע־
שלאָגן, געהרגעט. אָבער וואָלסטו נאָר געשטאַנען אַ ביסעלע אויף די
פיס אין אַמעריקע, וואָלסטו נאָך בעסער אָפּ געווען. ווען דו זאָלסט
האָבן צו זאָגן איבער משהן און נישט משה איבער דיר — וואָלסטו גע־
זען ווי דער גאַנצער „לייבל" וואָלט זיך מיט אַ מאָל אָפּגעפונען און
נאָך מיט מער שטאַרקייט און מיט מער חוצפּה, אַז עס וואָלט געווען
אַ שרעק פאַר דיר".

דאָ האָט איר פֿאַר זיך דעם גאַנצן „אָלרייטישן" וועלטבאַנעם. אַלע זיינען מיר פון דעם זעלבן טייג געקנאָטן ווי לייבל.

אויב מירריידן בכלל וועגן דער אָפּגעשפּיגלטער אַמעריקע אין אַשס שאַפֿן, דאַרף מען אויך נישט פֿאַרבייגיין זיינע רייזע־באַשרייבונגען אין דעם זעלבן בוך. זיינע נאַטור־געמעלן און בעלעטריסטיש געשילדערטע באַגעגענישן מיטן אַמעריקאַנער יידן לייענען זיך מיט הנאה. („אַמעריקאַנער איינדרוקן", „אַ רייזע קיין קאַליפאָרניע" און אַנדערע). נאָר אין שוואַכקייט — ער איז נישט מדקדק אויף שפּראַך. אָט די שוואַכקייט לאָזט זיך פֿאַרענטפערן מיט דעם ריזיקן כּוח פון אַשס טאַלאַנט. פון זיין פּראָזע טראָגט זיך אַ דורכגעלייטערטע לירישע וואַרעמקייט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין שרייבערישן סטיל אין זיין גאַנצן שאַפֿן.

אַ ווערק פון ברייטערן פאַרנעם אויף דער טעמע פון יידישן אימיגראַנטן־לעבן אין אַמעריקע איז אַשס „אָנקל מאָזעס" (ניו־יאָרק, 1918). דאָ ווייַזט אונדז דער קינסטלער אַ בילד פון מכּלומרשטער אידיליע צווישן ניי־אָנגעקומענע אימיגראַנטן פון שטעטל און זייער לאַנדסמאַן, דעם אַרויפגעאַרבעטן שאַפּ־אייגנטימער „אָנקל מאָזעס". די האַרבע רעאַליטעט לאָזט אין האַרצן נישט איבער קיין אָרט פאַר משפּחה־געפילן, היים־סענטימענטן און אויך נישט פאַר אַלטע בענקשאַפטן פון שטעטל. דאָ איז אָנקל מאָזעס אַ פאַבריקאַנט, אַן אויסנוצער און די קוזמינער — זיינע אַרבעטער, וועלכע לאָזן זיך אויסנוצן. אַש כאַראַקטעריזירט אים ווי אַ פאַרשויך, וועלכער „האָט זיך געיאָגט, געהאַנדלט, געקויפט ליבע, אונטערטעניק געמאַכט לעבנס אונטער זיין ווילן". אין דער נאַראַציע ווייזט דער מחבר נישט אַרויס קיין ליבע צו דער צענטראַלער געשטאַלט און אוודאי נישט קיין שנאה צו די קוזמינער „וואָס קיין אַנדער לעבן האָבן זיי נישט געהאַט, נאָר דאָס לעבן וואָס זיי האָבן הינטער זיך איבערגעלאָזט אין דער היים".

דער קינסטלערישער בליק איז ביי אַשן ברייט אַרומנעמענדיק. ער גראָבט אויך אין דער טיף. אַרויסברענגענדיק דורך עקזאַקטער שילדערונג די קאָנפליקטן און שאַרפע סתירות פון לעבן, נעמט ער אויף זיך נישט די ראָל פון אַ קטיגור און אויך נישט די ראָל פון אַ סניגור. דאָך באַקומט

זיך פון די באַשריבענע קאָנפליקטן דעם איינדרוק ווי ער וואָלט מיט־געפילט מיט דעם באַעוולהטן. רירנדיק איז דאָס בילד ווי מאַשע, נאָך גאָר אַ יונג מיידל, לאָזט זיך אַוועק איבער ניו־יאָרק אויפזוכן דעם אַנט־לאָפענעם ברוגזן טאַטן פון הויז. בעת זיי שפּאַנען ביידע איבער דער וויליאַמסבורגער בריק, בעט זי אים ער זאָל זיך אומקערן אַהיים און זיין אַ טאַטע צו זיינע קינדער. שפּעטער זעען מיר מאַשען שוין אַ דערוואַקסענע, ווי זי פאַרברענגט מיט דעם יונגן סטודענט טשאַרלי — אַ פאַרברענטער סאָציאַליסט. אין אַן אויפגעקאָכטער מינוט, ווען זי צעקריגט זיך מיט דעם פּיל עלטערן פון איר אַנקל מאָזעס, מיט וועמען די עלטערן האָבן זי פאַר־שדכנט, טראָגט זי אַוועק זיינע מתּנות צו די שאָפּ־אַרבעטער, זיי אַרויס־צוהעלפן מיט דעם צירונג אין שטרייק. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז דעם שרייבערס אַ פּאַטעטישער איינפאַל. נאָך לאַנגע קווענקלענישן דערקלערט מאַשע אַנקל מאָזעסן, אַז זי וועט מיט אים נישט חתונה האָבן. אַזוי ווערט די „אידיליע" צווישן אַנקל מאָזעסן און די קוזמינער לאַנדסלייט צערונען.

„אַנקל מאָזעס" ווי אַ קינסטלעריש ווערק געהערט צו די וויכטיקסטע מיילשטיינער אין אַשס שאַפן. אין דעם ראָמאַן געפינען מיר אַ כאַראַקטע־ריסטישע מאָסן־אָפּשפּיגלונג פון ייִדיש־אימיגראַנטישן לעבן אין אַמעריקע.

אין יאָר 1925 איז אין וואַרשע דערשינען אַשס ראָמאַן „די מוטער". דאָ האָט דער קינסטלער געפּרוּווט מאָלן אַ ברייטער בילד פון ייִדישן לעבן אין אַמעריקע. די מוטער־טעמע ווערט דאָ נישט דורכגעפירט ביזן סוף פון ווערק ווי אַ המשך פון בהדרגהדיקער האַנדלונג. שׂרה־רבקה איז אַ מאַמע פון אַשס פּרעכטיק געשילדערטע מאַמעס. זי איז די עקרת הבית, וועלכע טראָגט אויף זיך דעם עול פון דעם גאַנצן הויזגעזינד מיט אַלע צערן און ביטערנישן פון אַ ייִדישער מאַמען. צו איר לוויה זאָגט דער מחבר איר נאָך אַ שבח:

„און די מענטשן וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען און האָבן געזען דאָס טאָגטעגלעכע בילד פון אָרון מיט איין איינציקן ייִד הינטער אים, איז גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז דאָ פירט מען אַ גרויסן העלד צו זיין אייביקער רו..."

דער „איינציקער ייִד״ וואָס גייט נאָך דעם אָרון, אָפּגעבנדיק שׂרה־רבקהן דעם לעצטן כּבוד, איז איר מאַן אַנשל דער בעל קורא. איצט, ווען ער ברענגט שוין נוצן דער וועלט, הגם אים שטייט נאָך אַלץ נישט אָן צו טאָן די ווייבערישע מלאכה — נייען העמדער, איז ער געבליבן אָן אַלמן. מיט די זין האָבן טאַטע־מאַמע שוין נישט געהאַט, ווי עס זאָל נישט זיין, קיין זאָרג, נאָר דבורה — זי איז מער פון אַלע קינדער געווען צוגעבונדן צו דער שטוב, האָט אָנגעהויבן אַהיימקומען שפּעט ביי נאַכט פון אירע שפּאַצירן מיט בוכהאָלצן, מיט וועמען זי האָט ענדלעך חתונה געהאַט אָן חופּה וקידושין. פאַר שׂרה־רבקהן און אַנשלען איז שווער געווען איבער־צוטראָגן דעם דאָזיקן צער.

די מוטער־טעמע פאַרנעמט מער נישט קיין אָרט אין דער ווייטער־דיקער אַקציע פון ווערק. זי ווערט אַזוי צו זאָגן, פּאַטעטיש באַרירט אַרום דבורהס שוואַנגערשאַפט. בוכהאָלץ, וועמען דבורה העלפט מיט איר גאַנצער געטריישאַפט דערגרייכן זיין סקולפּטאָר־קאַריערע, זאָגט איר צו מיט איי־פערדיקער וויזיע צו שאַפן אַ מאָנומענט פון „די מוטער, מיין מוטער, אַלעמענס מוטער״.

אויסערלעך שטייט פאַר אונדז בוכהאָלץ — אַ צעוואַקסענער דעמב, איבערגעלאָדנט מיט פיזישן כּוח. ער האָט אָבער אַן איידל געפיל פאַר קונסט און מוזיק. דבורה איז פאַרחידושט פון זיין שמשון־סטאַטוע. זי שפּיגלט אָפּ אין זיך דעם שעפערס גבורה, זיין פּערזענלעכע טראַגיק, די טראַגיק פון נישט האָבן ווו אַהינצוטאָן די אייגענע כּוחות. בוכהאָלץ פאַר־טרויט דבורהן אַלע זיינע שעפערישע פּלענער. זי איז גערן אים צו העלפן. ער פילט זיך נאָר געקרענקט וואָס ער דאַרף לעבן פון איר פּראַצע.

מיט אַ זיכערער האַנט שילדערט אַש אין „די מוטער״ די אַלגעמיינע קונסט־שעפערישע סביבה אין אַמעריקע. דבורה ווערט אין איר אַריינגע־צויגן אַ דאַנק די זאַלקינדס. עס ווערן דאָ אַרויסגערוקט אַ ריי כאַראַקטע־ריסטישע פיגורן — מענטשן וועמענס איינציקער אינטערעס אין דער וועלט איז די קונסט. אַ וויכטיקע טאָן־געבערין אין דער סביבה איז מיס פוירסטער — אַ רעספּעקטירטע פּיקאַנטע דאַמע, באַקאַנט צווישן אַמע־ריקאַנער שרייבערס און קריטיקערס. בוכהאָלץ האָט איר צו פאַרדאַנקען פאַר אַרויספירן אים אַלס קינסטלער אין דער ברייטער עפנטלעכקייט. דבורה מערקט אַ נאָענטקייט צווישן זיי. אָבער זי איז ערלעך און האָט צו בוכהאָלצן צוטרוי.

אין סך הכל איז „חיים לעדערערס צוריקקומען” אַן אינטערעסאַנט ווערק, הגם דער מחבר דערלויבט זיך דאָ אויף איבערמאָסיקער בעלע־טריזאַציע. דער מיטלפּונקט פון דער אַקציע אין דעם בוך איז חיים לעדע־רער, אַ פּשוטער ייִד, אַן אויסנאַמלעכע כאַראַקטער־שטריכן. אין דער יוגנט איז ער, ווי פיל אַנדערע אימיגראַנטן, געווען דורכגענומען מיט דעם גלויבן אין יושר, מענטשלעכער פרייהייט. אים האָט אָפּגעגליקט אין אַמעריקע, ער איז געוואָרן רייך. כּל זמן חיים לעדערער איז געווען שטאַרק אַריינ־געטאָן אין זיינע מסחרים, איז זיין גאָלדענער חלום, נאַטירלעך, אַוועק אין עולם השכחה. איצט, ווען ער האָט זיך שוין אָפּגעפּטורט פון זיינע גע־שעפטן, האָט ער אָנגעהויבן פילן אַרום זיך אַן אומהיימלעכע פוסטקייט. אין זיין מוח זיינען אויפגעשווומען תכלית־זוכנדיקע רעיונות. צו באַ־שטימטע אויספירן איז ער אין זיינע נאָכטראַכטענישן נישט דערגאַנגען, ווייל צו שמאָל, דאָס הייסט, ווייניק אַנטוויקלט איז געווען חיים לעדערערס גייסטיקער האָריזאָנט, ער זאָל קאָנען ממשותדיק אויפקלערן וואָס עס מאַטערט אים.

אויסערלעך זעט לעדערער אויס צו זיין אַן ערלעכער מענטש, אַן סנאָ־בישע אָנשטעלן, ווי אַנדערע „אַלרייטניקעס”. ער פאַרגעסט נישט ווער ער איז און פון וואַנען ער קומט. אַן אַרויפגעאַרבעטער גביר, וואָלט ער גע־קאָנט שוין רויִק דורכלעבן זיינע יאָרן, נאָר עפּעס פּייניקט זיין געוויסן. ער פּייניקט זיך פון דעם חרטה־געפיל וואָס ער איז, אַלס באַלעבאָס, נישט ערלעך געווען צו זיינע שאַפּמענטשן. ער זוכט אַ וועג זיך מאָראַליש צו רעהאַביליטירן פאַר אויסנוצן יענעמס שווייס און בלוט. געטריבן צו דעם, זאָגט ער, האָט אים די זאָרג וועגן זיין ווייב און קינדער, וועמען ער האָט געוואָלט געבן אַ גוט לעבן.

חיים לעדערערס הירהורי תשובה קומען נישט פון אַ טיפן פערזענלעכן איבערברוך. דער מחבר לאָזט זיך דאָ אַריין אין „פּסיכאָלאָגישער” גרוי־בלערײַ, וואָס זאָגט אונדז גאָר ווייניק. מיר גלויבן, פון דעסטן, אַז לעדע־רער געפינט אין רייכטום נישט קיין לעבנס־אינהאַלט. ער פרוווט זיך פאַר־טיפן אין ייִדישע ווערק, אויך דאָס שטעלט אים נישט צופרידן. אַזוי זעען

אַלע זיינע ווונטשן אויס צו זיין אומשטאַנדהאַפטיקע שטימונגען. אַ טיפער תּהום פון אָפּגעפרעמדקייט שפרייט זיך צווישן אים און זיין הויזגעזינד. בכדי זיין ווייב און קינדער זאָלן אים אין הויז נישט באַטראַכטן ווי אַ „נישטדאָיִקן”, וואָלט ער גענדאַרפט, ווי זיי, מיטמאַכן דאָס זינג־און־טאַנצנ־דיקע אײַנהאַלטלאָזע לעבן אין אַמעריקע. לעדערער באַשליסט צו גיין צוריק אין שאָפּ אַריין. פאַרשטייט זיך, אַז דער גאַנצער געדאַנק פון מאָראַלישער גוטמאַכונג דורך אַוועקזעצן זיך אַרבעטן אין שאָפּ נאָך דעם ווי לעדערער האָט פון מענטשנס פּראַצע אָנגעזאַמלט פיל רייכטום, איז אומגלויבלעכע אידעאַליזאַציע. נאָר דאָס איז דאָך דאָס פּיקטיוו צוגעטראַכטע אין ליטע־ראַטור.קוקנדיק אויף די מאַשינען און אויף די געבויגענע רוקנס ביי דער יאַגנדיקער אַרבעט, ווערט לעדערער אָנגעפילט מיט שטאָלץ וואָס ער האָט דאָס אַלץ זיך דערוואָרבן מיט די אייגענע הענט... אין אים רופט זיך צוריק אָפּ דער אַמאָליקער באַלעבאָס, דער אייגנטימער פון דער פירמע „לעדע־רער ענד סאָן”. און דאָ מאַכט דער קינסטלער זיין פּסיכאָלאָגישן אויספיר, ענלעך צום אויספיר אין דער דערציילונג „לייבל אין דער היים — לייבל אין אַמעריקע”. „דער וואָלף — זאָגט ער — איז צוריק אַריין אין זיין פעל”.

וויטער אַריין ווערט לעדערער באַהערשט פון בית־המדרש־שטימונגען. דער קלויז גיט אים אויך נישט קיין „גלויבן אין עפּעס בעסערס”. צום סוף פאַרלאָזט ער זיין הויז און לאָזט זיך אַוועק אין אַנדערע מקומות ווי אַ נישט געדאַכטער וואַנדערנדיקער לאַמעד־וואָווניק, וועלכער קומט אָפּ חיבוט החיים אויף דעם עולם און קאָן נישט געפינען קיין ענטפער פאַר זיינע „אינערלעכע מאַטערנישן”. מיר מיינען, אַז דאָס זיינען „ענויים” פון אַ איבערגעזעטיקטן גביר וועלכער ווייסט נעבעך נישט וואָס צו טאָן מיט זיין פרייער צייט. מיר זעען נישט קלאָר, אַז ער זאָל זיך ראַנגלען פאַר העכערע ווערטן אין לעבן.

חיים לעדערער קומט אין ערגעץ נישט צוריק.

אין „איסט ריווער” באַווייזט אַש אויף ברייט צעוויקלטע לייוונטן ווי־גרויספאַרנעמיק עס איז זיין קינסטלערישער טאַלאַנט. דער ראָמאַן נעמט אַרום אַ תּקופה פון איבער פערציק יאָר וואָס איר אַנהויב איז די צייט

פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אַש פירט אַריין אין דער האַנדלונג עטלעכע משפחות, טיפּן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן און קלאַסן. אײַן רײַכע, קרעפטיקע שילדערונגען ווערן דאָ אָפּגעשפּיגלט סאָציאַלע ווידער־אַנאַנדן, דראַמאַטישע קאָנפליקטן, טיפע מענטשלעכע איבערלעבונגען — דאָס אַלץ אויף אַ קליינעם שטח פון דער אַמעריקאַנער הויפּטשטאָט ניו־יאָרק — אויף דער 48־ער גאַס.

איידער ש. אַש האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט זײַן גרויסן ראָמאַן „איסט ריווער", האָט די ייִדישע ליטעראַטור אויף זײַן קינסטלער־חשבון שוין געהאַט פאַרצייכנט אַ צאָל וויכטיקע ווערק, וועלכע פאַרנעמען אַן אויבנ־אַניק אָרט אין אונדזער ליטעראַטור. מיר דערמאָנען בלויז עטלעכע פון זיי; „קידוש השם", „די כּישופמאַכערין פון קאַסטיליע", די טרילאָגיע „פאַרן מבול", „גאָטס געפאַנגענע", „דער תּהילים־ייִד", „ביים אָפּגרונט", „דאָס געזאַנג פון טאָל" און אַנדערע ווערק — וויכטיקע מיילשטיינער נישט בלויז אין אַשס שאַפן, נאָר אין דער ייִדישער ליטעראַטור בכלל. דערפאַר ריידן מיר איצט שוין וועגן אַשן ווי וועגן אַ קינסטלער, וועלכער איז אין זײַן דערציילקונסט דערגאַנגען צו גאָר הויכע מדרגות. מערקווערדיק, ווי אַן אידעע, מעג זי זײַן אַ פיקס־אידעע, בליצט אויף אין די ערשטע ליטעראַרישע פּרוּוון פון אַ יונגן שרײַבער און לאָזט זיך נישט אויסמײַדן אין זײַנע שפּעטערדיקע שאַפונגען, ביז זי באַקומט דעם פולן תּיקון אין די רײַפסטע ווערק פון דעם קינסטלער. דאָ איז פּאַסיק צו דערמאָנען צוויי פון אַש׳ס יוגנט־דערציילונגען „דער קריג צווישן געטער" און „אין אַ קאַר־באַוואַל־נאַכט". אין דער ערשטער דערציילט אונדז אַש וועגן צוויי אָרעמע אלמנות, אַ ייִדישער און אַ קריסטלעכער — ביידע וווינען כּמעט אין איין דירה. ביידע אלמנות זײַנען געשלאָגן פון איין גורל. אָט לעבן זיי צווישן זיך ווי צוויי שוועסטערס און אָט לויפט צווישן זיי פאַרביי, ווי דאָס פאָלק זאָגט, אַ שוואַרצע קאַץ. דעמאָלט רופט זיך אָפּ אין דער קריסטלעכער פרוי די אײַנגעוואָרצלטע שׂנאה צום ייִד, און ווי אַן ענטפער — דאָס באַ־רעכטיקטע בייזע געפיל צום גוי. לויטן אַשן, איז אין זייער ברוגז שולדיק „דער קריג צווישן די געטער". אין דער צווייטער דערציילונג זעען מיר דאָס בילד ווי יעזוס ווערט געפּייניקט פון די, וועלכע זאָגן, אַז די ייִדן האָבן אים פאַרפּייניקט. דער מחבר פאַרגלײַכט אונדזער מאַמע רחל צו דער פאַרהייליקטער מרים — צוויי סימבאָלן, וואָס לאָזן זיך נישט אָן אַ להבדיל

פאַרגלייכן... אַש זעט אין קריסטנטום עפּעס אַזוינס וואָס איז אים, אפשר, פּערזענלעך גייסטיק נאָענט. אין „איסט ריווער" פּרוווט ער ברייטער אַרויספירן די מעגלעכע דערנענטערונג פון מענטשן פון פאַרשידענע ראַסן און אמונות. דער קינסטלער קאָן אָבער נישט קוקן דורך די פינגער אויף דעם רעאַלן לעבנס־אמת. דער ענין געמישטע חתונות וואַקסט אַרויס אין דעם ווערק צו אַ פאַרוויקלטן פּראָבלעם, אַרום וועלכן דער גרויסער דערציילער ברענגט מייסטערהאַפט אַרויס אַ ריי דראַמאַטישע מאָמענטן און שאַרפע קאָנפליקטן.

ש. אַש איז מכוון אונדז אויפצווייזן, אַז צווישן אַלע פעלקער זיינען פאַראַן גוטע און שלעכטע מענטשן. דעם ערלעך־פרומען און איידעלן משה־וואָלפן שטעלט ער אַקעגן זיין ווייב דבורה — אַ פּראָסטע, אומדערצויגענע ייִדענע. דעם קראַנקן זון נייטענען פון ווענען משה־וואָלף נעמט דאָס גאַנצע לעבן נישט אַראָפּ זיין אָפּהיטנדיק אויג, שטעלט ער אַקעגן זיין ברודער דעם „פּראַקטישן", אַרויפגעאַרבעטן אירווינג. דאָס אירישע מיידל מערי איז ווייט, אין כאַראַקטער, פון איר פאָטער פּעטריק מעקאַרטי, דעם פאַרביסענעם שונא־ישראל. דער פאַנאַטישער פּעטריק שטעקט אָן די גאַנצע משפחה מיט אַנטי־ייִדישן גיפט. דאָס אָרעמע מיידל מערי בלייבט אַלע מאָל געריירט פון משה־וואָלפס גוטהאַרציקייט ווען זי קומט אַריין אין זיין געוועלב איינקויפן אויף באָרג שפּייזפּראָדוקטן פאַר פּעטריקס הונגעריקן הויזגעזינד. מערי איז אַן אָפטע איינגייערין צו די דאַווידאָוויסקיס און פאַרנעמט זיך מיט דעם קראַנקן נייטענען. זי באַקומט אים ליב. דער בחור ווייזט אַרויס אַ גרויסן חשק זיך צו לערנען. דער שטענדיק פאַרהאַוועטער משה־וואָלף, דער אויסגעטועמער פון אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט רוחניות, טרייסט זיך מיט דעם, וואָס זיין זון פאַרנעמט זיך מיט עפּעס העכערס, צו באַפרידיקן די נשמה. נייטען פילט אַ באַזונדערן דרך־ארץ צו זיין פאָטער. ער געדענקט נאָך פון קינדערייז ווי משה־וואָלף פלעגט אין היימישן שטעטל זיצן איבער ספרים און לערנען מיט התמדה.

מיט שטריכן פון רעזערווירטקייט, ווירדע און מענטשלעכער אויסגעהאַלטנקייט קומט אָפּ פון אַש'ס פּרעכטיקער פעדער, די שיינע ראַשעל. זינט איר פריִער יוגנט גייט זי אום מיט אירווינגן, ווען די שכנים פון דער 48־טער גאַס באַטראַכטן אָן ספק, פאַר איר חתן. דער פּראָסטער יונג,

אירווינג, האָט גאָר חתונה מיט מעריך, צו וועמען נייטען פילט זיך שטאַרק צוגעבונדן.

הערי גליקשטאַק האָט געפונען אַ געטרייע פריינדין אין מיסעס קראַנץ. נאָך זיין ווייבס טויט, שלאָגט ער איר פאָר זי זאָל זיך אַריינקלייבן צו אים אין הויז. ער וויל זי זאָל זיין אַ מאַמע צו זיינע פאַריתומטע קינדער און אַפילו אויך זיין ווייב. פונעם לעצטן האָט ער זיך אָפּגעהאַלטן אויס מורא פאַר בייזע צינגער. דאָ קומט אַש ווידער אַרויס מיט זיינע „ייִד און קריסט"־מחשבות;

„קוים האָט ער געוואָלט איבערשפּאַנען דעם אָפּגרונט, וואָס די געטער האָבן געגראָבן צווישן די מענטשן; קוים איז ער געגאַנגען גאַנץ מאַכן די צעטיילונג וואָס זיי האָבן געשפּאָלטן, האָבן זיי אָנגעשיקט אויף אים חיילות מלאכי־חבלה מיט זייער גאַנצן קלאַפּער־געצייג פון פייערדיקע שפּיזן, גאָפּלען, קאָכעדיקע טעפּ, גיהנום־פייערן, וואָס די אמונה־פאַרזאָרגערס פוןביידע צדדים האָבן אויס־געשטאַט דערמיט זייערע געטער אויף צו באַשיצן זיך קעגן אַזעלכע ווידערשפּעניקע ווי ער, הערי, האָט געפּרוווט זיין".

איצט ווייסן מיר שוין ווער עס איז „געגאַנגען גאַנץ מאַכן די צע־טיילונג"... פאַר מיסעס קראַנץ איז סיי ווי אויסגעפאַלן דער גורל אויפ־צוהאָדעווען הערים קינדער. מיטן טויט פון הערים ווייב זיינען אויך ווי פאַריתומט געוואָרן דער איטאַליענער מאַלאַני און דער פּאָליאַק „באַליעוואַ". זיי אַלע האָט נאָענט פאַרבונדן אַ פּאַרקאָכטע ליבע צו הערים טויבן מיט וועלכע עס איז „פול" געווען דער גאַנצער „איסט ריווער"־קוואַרטאַל. אַזוי פירט דער קינסטלער אַריין אין דער האַנדלונג פון ווערק אַ רייכן טיפּאַזש פון פאַרשידנפאַלקישן אָפּשטאַם. אַן אויסנאַמלעכע געשטאַלט אין דעם ווערק איז דער אומוואָקלדיקער סאָציאַליסט דאָקטער כאַזאַנאָוויטש. ער היילט דעם האָפענונגסלאָז קראַנקן נייטענען מער מיט טרייסטווערטער, ווי מיט מעדיצינישע רפואות. נישט בלויז איז אין „איסט ריווער" אינטערעסאַנט דאָס סיפּור־המעשׂהדיקע אויף אַ ברייטן, בילדערישן פאַרנעם. באַמערק־ווערדיק זיינען די געשטאַלטן, אַרויסגערוקטע אינעם גאַנג פון דער אַקציע. כאַראַקטעריסטיש זיינען די צוויי קעגנזעצלעך געצייכנטע פּראָפילן — דער פּוילישער אָנקל זילבערבערג און זיין ווייב, די אונגאַרישע דאַמע מיט

„אײדעלע מאַניערן". בײ יעדער געלעגנהײט לערנט זי דעם מאַן „אַריסטאָ־קראַטישע" הנהגה...

אַט ווערט פאַר אונדז פאַרגעשטעלט אַ נאָבעלע אימיגראַנטן־משפּחה פון דײטשלאַנד. דורך שילדערן דאָס לעבן פון דער קלײנער, דײטשישער משפּחה אין דעם פרעמדן ניו־יאָרק, פירט אונדז דער קינסטלער אַרײן אין דער קולטור־אַטמאָספערע פון אַמאָליקן ייִדיש־אַסימילירטן רײַן־לאַנד. זײער נאָסטאַלגיע צום הײמישן לעבנס־שטײגער האָט געפונען איר טײל־װײַזע באַרויִקונג אין די קאַמער־קאָנצערטן פון ערנסטער מוזיק, וואָס זײ האָבן אָפּט מאָל אײנגעאָרדנט בײ זיך אין הויז. דאָראָטעאַ און איר פּאַר־זעסענע טאָכטער מילדרעד האָבן אָפּגעגעבן אַ סך ליבע זײער אָפּגע־ציטערטן זון און ברודער ראָבערט. זײ האָבן דעם פײנפילנדיקן אָבער לײכטזיניקן בחור אַלצדינג נאָכגעגעבן, פאַרקויפנדיק קאָסטבאַרע זאַכן פון שטוב, בכדי אים צו דערמעגלעכן אַרויסגײן מיט דער פּרעכטיק שײנער ראַשעל. זי האָט נאָך אַלץ געהאָפט אויף אוירוױנגס צוריקקומען.

צווישן פיל אָנגעווײטיקטע פּראַגעס באַרירטע אין דער האַנדלונג פון זײן ווערק, מײדט אַש אויך נישט אויס דעם סאָציאַלן מאָמענט אין דער געזעלשאַפט. אין אוירוױנג דאַווידאָווסקיס ריזיקער שאָפּ יאָגן אײנער דעם אַנדערן פאַרהאָרעוועטע אָפּערעיטאָרס, פינישערס, פּרעסערס, קלינערס — גאַנצע משפּחות מיט זײערע קינדער, אַרויסצוגעבן וואָס מער פּראָדוקציע, ווײל עס לויערט אויף זײ, ווי עס דריקט זיך אויס דער מחבר, „דער וואָלף פון הונגער".

„אַמעריקע — זאָגט אַש ווײטער — איז אַ רײך לאַנד, ניו־יאָרק איז די גרעסטע שטאָט אין אַמעריקע, און אַמעריקע דאַרפט האָבן יעדן טראָפּן בלוט און כּוח, וואָס געפינט זיך נאָך אין די אַלטע בײנער פון אַן אַרבעטער. אַמעריקע קאָן זיך נישט באַגײן אָן דער אַרבעט פון די קינדער. קינדער מוזן צוהעלפן די הײמען. אַזוי זאָגן די אַלע זײער ביליקע אַדוואָקאַטלעך, וואָס זײנען גרײט פאַר אַ פּאָר סענט צו פאַרקויפן אַלע קאָדעקסן וואָס זײ האָבן געלערנט אין די אַקאַדעמיעס און קאָלעדזשעס. אַזוי זאָגן אַפילו די פאַרטרעטער פון יעזוס אויף דער ערד".

פיל בילדער פון אַמאָליקן, אימיגראַנטישן לעבנס־שטײגער, גאַסנ־

געמעלן פון דער עלטערער צייט, גיבן צו דעם ווערק „איסט ריווער" אַ היסטאָרישן אַטעם. אַזוי פלעכט אַש אַריין אין דער האַנדלונג פון ראָמאַן די אויפטרייסלענדיקע „טרייַענגל"־טראַגעדיע פון 1911 אין ניו־יאָרק, אין וועלכער עס זיינען אומגעקומען צענדליקער מענטשלעכע לעבנס. דאָס יידיש אַרבעטער־מיידל סאָראַ איז זיך מקריב אַרויסצוראַטעווען פון פייער איר קריסטלעכע חברטע מערי אוןביידע צוזאַמען קומען אום. אויך דאָ וויל ש. אַש באַווייזן, אַז דאָס גוטע אין מענטשן פון פאַרשידענע גלויבנס וואָלט שטענדיק באַקומען די געוווּנטשענע פאַרקערפּערונג אין לעבן ווען נישט „דער קריג צווישן געטער".

דער נאַראַטיווער שטאָף איז ביי אַשן געוואַלדיק רייך. שווער אויס־צורעכענען וויפל פּראָבלעמען אַש דער קינסטלער באַרירט אין זיינע ווערק, אַרויסווייזנדיק אַ סך לעבנסדערקענטעניש, באַקאַנטשאַפט אין פיל געביטן פון מענטשלעכן וויסן. מיט זיין קינסטלערישער אינטויִציע דרינגט ער אַריין אין די פאַרהוילנסטע געפילס־קעמערלעך פון מענטשלעכן וועזן.

אין „גראָסמאַן און זון" (ניו־יאָרק, 1954) געפינען מיר שוין ווינציקער פון די מעלות פון דעם גאָר אינטערעסאַנטן, קינסטלערישן ראָמאַן „איסט ריווער". טייל העלדן פון דעם בוך זיינען ענלעך צו יענע, וואָס מיר קענען פון פריִערדיקע ווערק. אין דעם איצטיקן וועגט איבער מער דאָס סיפּור־המעשׂהדיקע ווי די כאַראַקטעריזירנדיקע שילדערונג. פון דעסטן איז „גראָסמאַן און זון" אַ בילד פון אַמעריקאַנער יידישן לעבן אין אונדזער צייט. דאָ ווערט שוין, טיילווייז, אָפּגעשפּיגלט דער היטלעריסטישער אומ־גליק און דער אומגעהויערער רושם וואָס דער יידישער חורבן מאַכט אויף ראָבערטן, אייזיק גראָסמאַנס איניקל. אויך ווערט דאָ געוויזן ווי דאָס יושרדיקע געפיל רופט זיך אַ מאָל אָפּ ערגעץ טיף אין באַוווּסטזיין פון דעם, געוויינלעך, אומפילעוודיקן מיליאָנער. גראָסמאַן גייט אום אַ צעטראָגענער און קאָן זיך נישט געפינען קיין אָרט. זיין סעקרעטאַרין, מיס ראָזנבערג, האָט אים שוין עטלעכע מאָל געהערט אין זיין מבוססהדיקער צערודערט־קייט אַרויסריידן דעם נאָמען קאָוואַלסקי. זי וואָלט וועלן וויסן אין וואָסער שייכות ער דערמאָנט אָט דעם סלאַווישן נאָמען. אויך לאַזאַר באַמערקט

ווי דער פאָטער דרייט זיך אַרום, עלעהיי אַ גאַסט אויף אַ פרעמדער חתונה. ער פילט זיך ווי גאָרנישט קיין היגער. אויף דעם זונס פאַרלאַנג פאָרט גראָסמאַן אַרויס אין זיין אייגענעם רעסאָרט אויף ווינטער־וואַקאַציע. ערשט דאָ, זיצנדיק ביים ברעג פון ים, פאַרטרויט ער זיך פאַר זיין סעקרעטאַרין:

ער האָט אַמאָל אַלס אַנגעשטעלטער אין אַ באַקלייד־געשעפט פאַר־קויפט אַן אָרעמען פאַליאַק אַן אַנצוג. נאָכן אָפדינגען דעם פרייז, קלייבט זיך דער קונה צו באַצאָלן. דאָ כאַפט ער זיך, אַז ער האָט נישט דעם בייטל. ער לויפט אַ צעטומלטער צוריק אין געשעפט, ווו ער איז פריִער געווען, אפשר האָט ער דאָרטן איבערגעלאָזט זיין געלט. דערווייל האָט גראָסמאַן געפונען דעם טייסטער צווישן דעם שטויס מלבושים. דאָס „גע־פונענע" געלט האָט גראָסמאַנען געהאָלפן אַרויפשטייגן אויפן ערשטן שטאַפל פון זיין היינטיקן מיליאָנערישן שטאַנד. דורך די אַלע יאָרן ווען זיינע געשעפטן זיינען אַוועק גאָר גרויס, האָט ער וועגן דעם נישט געדענקט. איצט איז דאָס אים אַריין אין קאָפ און טאָטשעט אים ווי אַ וואָרעם. מאָמענטנווייז פרוווט גראָסמאַן אַליין צו נישט מאַכן די האַרבקייט פון זיין פאַרברעך מיט דעם אויסרייד פון קאָוואַלסקיס נידעריקער מאָראַל, מה שבכן ער איז געווען אַ שיכור. שנית, האָט דען טאַקע גראָסמאַן אַליין נישט אָפגעטאָן אין זיין לעבן קיין גרעסערע עוולות? אויך די דאָזיקע אויסריידן באַרויִקן נאָך אַלץ נישט זיין געוויסן.

אַש דערציילט אונדז אַ סך וועגן גראָסמאַנס לעבן; זיין שווערע יוגנט, די אָרעמקייט אין שטוב, וואָס האָט אים געצוווּנגען צו אויסטערלישע המצאות אַרויסצוהעלפן דער אָרעמער משפחה. וועגן דעם כאַראַקטער־אונטערשיד צווישן אים און קלאַראַן, זיין ווייב. אַן אומשולדיקער צופאַל האָט זיי צונויפגעפאָרט אויף איינער פון זיינע געשעפטס־רייזעס אין קליוור־לאַנד. גראָסמאַן איז ווי אַן אָפשטאַמיקער פון אַ געוויינלעכער סביבה גע־בליבן איינפאַך אין זיין טבע און אויפפיר. קלאַראַ האָט זיך דערצויגן און איז אויפגעוואַקסן אין מאַטעריעלן וווילזיין, אַסימילירט, אָפגעפרעמדט פון ייִדישן שורש. איר כאַראַקטער האָט זיך פאָרמירט אין אומזאָרגעוודיקע באַדינגען, ווייט פון יענע לעבנס־השגות, וועלכע זיינען אייגנטימלעך פאַר אַ פשוטן מזרח־אייראָפעיִשן ייִדן. דער פסיכאָלאָגישער פירוד הלבבות האָט געוואָרפן אַ קילן שאָטן אויף זייערע מאַן־און־ווייב־באַציִונגען. לאַזאַר וואָלט נישט געדענקט וועגן זיין טאָטן, ווען נישט די פיל ווינטער־רעסאָרטן,

האָטעלן און פאַרווײלונגס־פּלעצער וואָס וועלן, מיט דער צייט, בלייבן פאַר אים — ירושה. אַ טיפערע התקרבות צו גראָסמאַנען פילט דאָס אייניקל ראָבערט, באַזונדערס נאָכן אומקערן זיך פון דער מלחמה, ווו ער האָט מיט אייגענע אויגן געזען דעם בראַך פון אונדזער פאָלק.

נאָכן אויסהערן גראָסמאַנס ווידוי, זאָגט אים צו די ערלעכע מיס ראָזנבערג אויסצוגעפינען דעם פּאָליאַק פאַר וועמען ער זאָל זיך רעכט־פערטיקן פאַר דער אָפּגעטאָענער עוולה. ערגעץ אין אַ פּוילישן רעסטאָראַן איז גראָסמאַן געפאַלן אויף די שפּורן פון איינעם אַ קאָוואַלסקי. ער האָט אַמאָל דאָ געאַרבעט ווי אַ געפּעס־וואַשער. איינער פון די קעלנערס וויל פון דעם רייכן בעל־דבר אַרויסנאַרן אַ ביסל געלט מיט דער פאַרזיכערונג, אַז ער ווייסט ווו יענער געפינט זיך. אויף דער עצה פון דעם קלוגן זילבער־שטיין באַשליסט דער מיליאָנער גראָסמאַן אויפצושטעלן אַ בוי־פּראָיעקט פאַר די צוריקגעקומענע מלחמה־וועטעראַנען;

„די אונטערנעמונג וועט אים, אפשר, העלפן צו פאַרשטילן, צו באַרויִקן זיין געוויסן, אויב זי וועט אויסגעפירט ווערן צוליב און נאָר צוליב דעם געקריוודעטן קאָוואַלסקי".

ווי אין אַלע אַשס ווערק, ווערן אויך אין „גראָסמאַן און זון" אַרויס־געבראַנגט ווידערשפּרעכיקע געדאַנקען וועגן וועלט און מענטש. דאָס האָט שוין אַ שייכות צו אַשס אינערלעכער וועלט און צו זיין קינסטלערישער פּערזענלעכקייט. איבער אַלע זיינע סתירותדיקע מחשבות און אָפּשאַצע־רישע דעות, שטעלט ער אָבער העכער די ייִדישע מאָראַל וואָס אַ ניצוץ פון איר איז פאַרקערפּערט אין דער געשטאַלט פון אייזיק גראָסמאַן.

פּראָבלעמען פון ייִדישן לעבן אין אַמעריקע ווערן אויך באַרירט אין אַ טייל פון ש. אַשס דראַמאַטישע ווערק. דאָס איז אַן אומאָפּטיילבאַר קאַפּיטל פון דעם גרויסן קינסטלערס פרוכטבאַרן שאַפן מיט וועלכן מען דאַרף זיך באַזונדער אָפּשאַצעריש פאַרנעמען.

## דאָס ייִדיש־נאַציאָנאַלע
## אין פּרץ מאַרקישעס ראָמאַן „טראָט פון דורות״

אין „טראָט פון דורות״ האָט פּ. מאַרקיש זיך באַמיט, ווי עס האָבן אים דערלויבט די „אָביעקטיווע מעגלעכקייטן״, צו געבן אַ געטריַע אָפּשפּיגלונג פון ייִדישן גורל, ליידן און אומקום — ווי אין זײַנע אַנדערע ווערק, לאָמיר אָנעמען די גרעסערע פּאָעמע „ברידער״, דעם ראָמאַן „דור אויס, דור אײַן״, די ברייטפּאַרנעמיקע דיכטערישע עפּאָפּעע ״מלחמה״, באַזונדערס, „צו אַ ייִדישער טענצערין״. דאָס ייִדיש־נאַציאָנאַלע ווערט אויך אַרויסגעבראַכט אין אַלע זײַנע פריִערדיקע און אויך שפּעטער־דיקע ווערק אין פאַרשידענע זשאַנערן, — נישט אַלע מאָל אין גוסט פון דער סאָוויעטישער אויפפאַסונג פון ליטעראַטור. די לינקיסטישע קריטיק האָט מאַרקישן פאַר זײַנע ייִדישלעכע „אָפּנויגן״ נישט געשוינט, הגם זי האָט אים באַטראַכט פאַר איינעם פון די גרונטלייגערס פון דער ייִדיש־סאָוויעטישער ליטעראַטור.

מאַרקיש באַווײַזט זיך אין די סטיכיש אָנפלייצנדיקע שילדערונגען פון זײַן לעצטן פּראָזאַיִשן ווערק ווי אַ נאַציאָנאַלער שאַפער. מען מערקט אָבער אויך ווי דער קינסטלער היט זיך אויס נישט איבערצוכאַפּן די מאָס אין שענקען מער קינסטלערישן אויפמערק די צום מיינסטן געליטענע פון דעם גרויזאַמען היטלער־אומגליק, וואָס האָט אויך נישט אויסגעמיטן אַנדערע פעלקער.

דאָס ווערק הויבט זיך אָן מיט וויגדעס און סלאָוועקס אַריבערגיין די סאָוויעטיש־דייטשישע גרענעץ צוריק צו זייערע עלטערן אין וואַרשע, ווו עס הערשט איצט דער היטלעריסטישער אָקופּאַנט. עס האָט זיי, כּלומרשט, אָפּגעגליקט דורכצוגיין אַלע וואַכפּאָסטנס מיט וועלכע דער וועג אַהיים איז געווען געדיכט באַשטעלט. אַריינקומענדיק אין דער הויפּטשטאָט, מישן וויגדע און סלאָוועק זיך אויס מיט אַ גרופּע פּאָליאַקן, וועמען די נאַציס האָבן געכאַפּט אויף דער גאַס און טרייבן זיי צו דעם מיצקיעוויטש־דענקמאָל. מאַרקיש מאָלט דאָ אַ כאַראַקטעריסטיש בילד, וואָס שטעלט פֿאַר די טראַגעדיע פון פּוילישן פֿאָלק אונטער דער דייטשישער אָקופּאַציע־מאַכט. די שטורמיסטן באַפעלן די אָנגעטריבענע פּאָליאַקן צו פאַרניכטן זייער פֿאַר־הייליקטן מאָנומענט פון דעם גרויסן, נאַציאָנאַלן דיכטער. געטראָפן אין זייער פֿאָלקס־ווערדע, ווילן די פּאָליאַקן נישט נעמען אויף זיך אַזאַ שאַנד־פלעק, אַפילו אונטער דער דראָונג פון טויט. די נאַצישע וואַנדאַלן קלעטערן שאַדנפריידיק אַרויף אויף דעם דענקמאָל מיט העק אין די הענט און מאַכן פון אים אַ תּל. אַן אַנדער בילד פון גרויל און ווילדער רציחה אין די ערשטע טעג פון דעם יונגן פֿאַרפֿאָלקס אָנקום אין וואַרשעווער געטאָ, איז דער בייזוונדער ווי אַ געסטאַפּאָ־מערדער קאַטעוועט דעם אָרעמען זלמן מיט דעם גומענעם שטעקן פֿאַר נישט טראָגן די געלע לאַטע. ער שליידערט דעם קרועֿ ובלועֿ אַריין אין הויף, ווו עס שטייען נאָך אַנדערע קרבנות, פֿאַרצווייפלטע פון שרעק, נישט ווייסנדיק וואָס דער אכזר וועט טאָן מיט זיי.

אין די ערשטע חדשים פון דער אָקופּאַציע זיינען יידן, ווי עס איז, נאָך געזעסן אין די הייזער. גראָד איז אין יענע טעג אויסגעפאַלן דער בר־מצווה־טאָג פון שייע ריינגאָלדס אייניקל. ווי דער שטייגער איז אויף אַ יידיש־באַלעבאַטישער שׂמחה, ביים טרינקען אַ גלעזל וויַין, איז שייע אַרויסגעטראָטן מיט אַ דרשה צו וועלכער אַלע אַרומזיצנדיקע ביים טיש האָבן זיך צוגעהערט מיט ערנסט און נייגיר. אַ ווילקענער, האָט שייע פֿאַר־שטאַנען די וועלט און אירע פירונגען. דאָך, האָט ער מיט פֿאָטערלעכן צער באַדויערט וואָס די „צווייגן ברעכן זיך אַליין אָפּ פון בוים, זיי ווערן ערגעץ פאַרפאַלן און קערן זיך מער נישט אום צוריק צום שטאַם". כּפי זיין טראַדיציאָנעלער לעבנס־אויפפאַסונג, האָט שייע געהאַט אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן. וועגן זיין עלטסטער טאָכטער פרידע, אַ קאָמוניסטקע, ווייסט ער כּלל נישט ווו זי געפינט זיך אין דער וועלט. מיעטעק איז, אין די דרכים

פון זיין שוועסטער, אויך אַוועק אויסבעסערן די וועלט. און וויגדע — — —
שייעס דרשה קלינגט שוין נישט אַזוי אויפגערוימט ווי אויף דער ערשט
נישט לאַנג פאַרגעקומענער חתונה פון וויגדע מיט סלאַוועקן. אין מיטן
דער שמחה זיינען פּלוצים אַנגעפלויגן די דייטשישע באָמבאַרדיר־עראָפּלאַנען
און שוין איז פוילנס הויפּטשטאָט געשטאַנען אין חורבות. מיטן אַריינמאַרש
פון די דייטשן, זיינען וויגדע און סלאַוועק אַוועק אויף יענער זייט גרענעץ.
איצט זיינען זיי צוריקגעקומען אַהיים.

ווי באַקאַנט, האָט מאַרקיש אין די ערשטע יאָרן נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, געלעבט אין וואַרשע, ווו ער האָט אין דער יִדיש־ליטעראַרישער סביבה זיך אויסגעטיילט מיט זיין מעכטיקן דיכטע־רישן טאַלאַנט. די יאָרן פון זיין דערפאָלגרייכן פאַרברענגען אין דער קרוינשטאָט פון פוילן האָבן משפיע געווען זיין שאַפן. ער האָט געקענט די געאָגראַפיע פון לאַנד, די אייגנאַרטיקע באַזונדערקייט פון פוילישן פאָלק, ער האָט זיך דורכגענומען מיט דער שיינקייט פון פוילישן פייזאַזש, אַזוי אויך האָבן אין זיין זכרון זיך איינגעקריצט די כאַראַקטער־אייגנשאַפטן פון די פוילישע יִדן מיט זייערע „לײדנשאַפטלעכע מיילער און זינגענ־דיקער פאַנעטיק". אין „טראַט פון דורות" רוקט מאַרקיש אַרויס אַ שערענגע פיגורן, וואָס כאַראַקטעריזירן די פילפאַרביקייט פון פוילישן יִדנטום, ווי צום ביישפּיל דער פירער פון קעמפנדיקן געטאָ, אַלעקסאַנדער, דער בוכ־האַלטער מיט דעם צעקנייטשטן קאַפּעלוש לעאָן שאַליט — ער העלפט דעם אינזשעניר דרייער אויסצוגעפינען אַ וואָפן מיט וואָס זיך צו פאַרטיידיקן קעגן די דייטשן; דער בעקער נתן שעפּס, וועמען עס איז אָנפאַרטרויט אויפצושטעלן אין אונטערערדישן געטאָ אַ וואַרשטאַט צו מאַכן געווער, לייבעניו דער טרעגער, דער בלינדער זכריה, דער אַלטער מוזיק־פּראָפע־סאָר — אים שיסט דער טרופּן־פירער האַנטקע אַריין אַ קויל אין מויל פאַר שפּילן אַ רעקוויעם אויף דער חרובער וואַרשע, — דער געלערנטער סעמיאַטיצקי און נאָך פיל אַנדערע געשטאַלטן, וועלכע שטעלן צונויף דאָס גאַנצע טראַגישע בילד פון וואַרשעווער געטאָ. פון איין זייט איז קענטיק מאַרקישעס התקרבות צום פוילישן יִדנטום, פון דער צווייטער זייט לאָזט אים די אויפגעצווונגענע פּאָליטישע טענדענץ נישט באַהאַנדלען די געשעע־נישן אין געטאָ לויט זיין קינסטלערישן איינזען. ווינציק ווערט אין דעם ווערק באַטאָנט, אַז דער אויפשטאַנד פון דעם לעצטן שריד אין געטאָ איז

געווען אַן איינזאַמער געראַנגל, אַן געהעריקער הילף פון דרויסן. דער מחבר האַלט זיך צוריק פון אַרויסהויבן דעם ייִדישן העראָיזם אין קאַמף „פאַר אונדזער און אײַער פרײַהייט", באַשיצנדיק מיט מסירת־נפש דעם כּבוד פון ייִדישן פאָלק. בשעתן לייענען דאָס ווערק (און לייענען לייענט עס זיך מיט שטאַרקן אינטערעס), טראַכט זיך, ווי פולער און נאַציאָנאַל־תּוכיקער וואָלט ביי מאַרקישן דעם קינסטלער אַרויסגעקומען דאָס בילד פון ליידן און קאַמף אין וואַרשעווער געטאָ, ווען ער זאָל זיך נישט פילן געבונדן פון יענער טענדענץ. פון מאָל צו מאָל טרעפן מיר אָן אין די שילדערונגען אויף מאָמענטן, וועלכע זענען אויס צו זיין ווייט פון דערווירקלעכקייט. דאָס מערקט זיך, צ"ב אין קאַפּיטל, ווו עס דערציילט זיך ווי דער סעקרע־טאַר פון בריסקער געגנטלעכן קאָמיטעט נעזלאַבין און דער פאַרזיצער קאַראַוואַיעוו אָרגאַניזירן די אַרבעט ביים אַראָפּנעמען די תּבואה פון די פעלדער. דאָ ווערן באַטאָנט די „באַזונדערע באַקוועמלעכקייטן" אין דער אַרבעט (מיט אַן ערך פערציק יאָר צוריק), אַ דאַנק די מאָדערנע אַרבעטס־מכשירים... מאַרקישעס אייגנאַרטיקע היפּערבאָליע פּאַסט זיך גראָד אַריין אין אָט דער שילדערונג. ערגעץ ווו העלפט זיך דער מחבר אומגויטיק אַרויס מיט אַ ביסל הומאָר, כאַראַקטעריזירנדיק די אומבאַהאָלפנקייט פון די אָנ־געקומענע פּליטים, וועלכע דאַרפן זיך ערשט צוגעווינען צו דער נייער לעבנס־ווירקלעכקייט אין דער סאָוויעטישער מדינה. אין דעם בריסקער בית־מדרש, ווו די היימלאָזע האָבן אויף דערווייל זיך „איינקוואַרטירט", קערט זיך אום פון גאַס אַ יונגער בחור, דורכגעפרוירן פון דער ווינטער־דיקער קעלט. ער האָט אויפן וואָקזאַל געלאָדנט אייזערנע פעסער אויף די וואַגאָנען מיט הוילע הענט, שווינענדיק די וואַרשעווער הענטשקעס... די דאָזיקע מאָמענטן זיינען אָבער ווייט נישט כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם הויכקינסטלערישן ווערק „טראָט פון דורות", וואָס זיין עיקר־טעמע איז דער אַלגעמיין ייִדישער גורל. אין פיל אַנדערע שילדערונגען אַנטפּלעקט מאַרקיש זיין גרויס ייִדיש־פילנדיק האַרץ.

מיט באַזונדערער כּוונה דערציילט מאַרקיש וועגן דער ערנסטער באַ־זאָרגטקייט וואָס די פאַרשטייערס פון דער סאָוויעטישער מלוכה ווייזן אַרויס צו די היימלאָזע פּליטים. מען שיקט זיי אויף אַרבעט קיין אוראַל. מיט צווויפשטעלן די עשאַלאָנען פאַרנעמט זיך בערנאַרד גראָס — אַ היימישער קאָמוניסט. ווי נאָר אָנגעקומען אין אַ שטאָט אין ווייטן הינטערלאַנד,

שפּאַנען די פּליטים גלייך זיך איין צו דער אַרבעט אויפצובויען אַ נייע געווער־פאַבריק. דאָ צייכנט פאַר אונדז מאַרקיש נאָך אַ ריי פּראָפילן פון יידישע פאָלקסמענטשן ווי יאָסי גאַלאַנט מיט זיין ווייב, דעם זשעשעווער שניידער, מענדע — ער ווייסט מער פון אַלעמען וואָס עס טוט זיך אויף די מלחמה־פראָנטן, דער באַוווסטזיניקער אַברהם ספאַרד, פּייטעלע, ירחמיאל און נאָך אַנדערע פּליטים. אין די אָוונטן קומען די מענטשן פון בערנאַרדס אַרבעטס־בריגאַדע זיך צוזאַמען אין שטאָטישן קלוב. מען זיצט און מען שמועסט מיט ציטערדיקער בענקשאַפט וועגן דער פאַרלאָזטער היים. מאַרקיש נעמט ווידער מאָלן בילדער פון יידישע ימים־טובים אין די שטעט און שטעטלעך אין אַמאָליקן פוילן, די היימישקייט אין די יידישע שטיבן, ווו עס האָט זיך געהערט דער „ניגון פון תהילים וואָס טאַטעס פלעגן זינגען פאַר טאָג אָן ווערטער, ווען קינדער זיינען נאָך געשלאָפן". שפּעטער ווערט אַ טייל פון זיי מיט בערנאַרדן בראש זיך מאָביליזירן אין דער ניי־געשאַפענער פוילישער בריגאַדע. זי וועט זיך שלאָגן, לויט דער פּאָפּולערער ווערסיע, אויף די פאַרטיידיקונגס־פראָנטן קעגן די נאַצישע אָנפאַלערס, פון לענינגראַד ביז וואַרשע, ביי דער זייט פון דער רויטער אַרמיי.

דערווייל ווערן די אסירים פון וואַרשעווער געטאָ מאַסנווייז געטריבן צום אומשלאַגפּלאַץ, ווו עס זיינען פאַר זיי צוגעגרייט וואַגאָנען אַוועקצו־פירן צום אומברענגג. עס קומען פאַר אויפטרייסלענדיקע סצענעס — נישט צו באַנעמען מיט דעם מענטשלעכן מוח. די לופט איז פול מיט הימל־שפּאַלטנדיקע קולות, קינדער־געוויין, שיסעריי. דאָס לעבן איז הפקר. דער־שיטערנדיק ביז גאָר איז דאָס בילד ווי מען פירט אַן עולם וואַרשעווער יידן אין טאָג פון יום־כּיפּור, אָנגעטאָן אין טליתים, צום פאַרניכטן. אַזעלכע טויטמאַרשן געהערן אין געטאָ צו די אָפּטע פאַרלויפעניש.

מאַרקיש פּרוווט פּסיכאָלאָגיש פאַרענטפערן דעם פּרעזעס פון יודנ־ראַט, הגם ער מאָלט אים נישט אין סימפּאַטישע פאַרבן. אויף דער יידישער דאָקטער גרייכאַרט (זיין פּראָטאָטיפּ איז אונדז ווירקלעך באַקאַנט פון די פינצטערע צייטן פון געטאָס און טויט־לאַגערס), רעדט צו די מיטגלידער פון יודנראַט פאַרנעפּלטע דיבורים. ער באַמיט זיך איינצושמועסן אַלעק־סאַנדערן, אַז דאָס האָט ער, מיט זיין שתדלנות, אויסגעפּועלט אַ קולטור־פּאָזיציע אין געטאָ, דער אויטאָריטעט פון דער אונטערערדישער באַוועגונג וויזט אים, מיט רוגזה, דאָס שטיקל זייף געמאַכט אין מיידאַנעק פון יידן־

פּעטס: „— און דאָס איז אויך אַ פּאָזיציע?" — אַזוי שטעלט מאַרקיש
גרייכאַרטן אַוועק אין דער ראָל פון אַן עקלדיקן קאַלאַבאָראַטאָר.

דער פּאָליאַק טאַדעוש טענהט, הלמאי אַלעקסאַנדער באַטראַכט דעם
ייִדישן פּאָלקס־אומגליק צו „לייבלעך". ער באַמיט זיך אויפוויזן, אַז זאָגן
אַז דער נאַציזם האָט זיך געשטעלט פאַר אַ ציל פאַרניכטן דאָס ייִדישע
פאָלק, הייסט זיין נאַציאָנאַליסטיש... דאָס מיינט אָפּזונדערן זיך פון אַלע
פעלקער...

דורך דער גאַנצער צייט געפינט זיך וויגדע, אין שליחות פון געטאָ,
אויף דער אַרישער זייט. סלאַוועק איז נישט ניחא וואָס אויספירנדיק
געהיימע אויפגאַבעס אויסער די מויערן פון געטאָ, דאַרפט ער נאָך צו־
טראָגן וויגדען גרוסן פון טאַדעוושן... דער טריאָ־ראָמאַן טוט אים טיף וויי.
סלאַוועק קאָן נישט פאַרשטיין: אין אַזאַ גרויזאַמער צייט, ווען דעם מענטשנס
לעבן האָט נישט קיין ווערט, ווי קאָן אַ מענטש אין שאָטן פון טויט זיך
שפּילן אין ליבהאָבעריי, דערצו נאָך מיט יענעמס פרוי? ווייזט אויס, אַז
דער פּאָליאַק איז ווייט פון יענע איבערלעבענישן, וועלכע טויטן אָפּ אינעם
מענטשן דעם אורשפּרינגלעכן לעבנסדורשט. נאָכן אויספירן דעם טויט־
אורטייל איבער דעם נאַצי־קאָלאַבאָראַטאָר קאָבידלאָ, (עטל האָט, אַרבעטנ־
דיק ווי אַן אַריערין אין דייטשישן רעסטאָראַן, אים דערשנאַפּט) פאַלט
סלאַוועק אַריין אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ.

מאַרקיש פלעכט בכיוון אַריין אין דער פאַבולע פון ווערק מאָמענטן
פון ייִדישן לעבנס־שטייגער, אויף וויפל עס איז נאָך מעגלעך אים אָנצו־
האַלטן אין געטאָ. דער געוועזענער ביבליאָטעקאַר לוי סאַנדלער, פירט
איבער די חרובע גאַסן אַ וועגעלע ביכער... שייע רייִנגאָלד לויפט צו
שלמהלע גערער איינשאַפן פאַר זיין עלטסטן זון, יאַקוב, אַ ביסל וואַקס אויף
צו קאַטשען ליכט פאַר יום־כיפור. בעת מיטעק, — מען האָט אים אַראָפּ־
געלאָזט אין געטאָ מיט אַ פאַראַשוט — באַגעגנט זיין אויסגעמאַטערטן
שווער, פּראָפעסאָר זרחי, וועמענס טאָכטער איז אומגעקומען אין די שפּאַ־
נישע קאַמפן, מאַכט מאַרקיש דעם ווייטערדיקן, ביבלישן פאַרגלייך;
„מיטעק האָט געוווסט, אַז דער אַלטער, חרובער מאַן וועט ביי אים פרעגן
אויף זיין איינציקער טאָכטער, ווי יעקב האָט געפרעגט ביי זיינע זין אויף
יוסף". די ווענט פון דעם קונסט־מאָלער חנניה בערנאַרדאָס בוידעם־
שטיבל, וואָס שטעקט אַרויס פון חרובן דאַך ווי אַ של ראש, זיינען באַ־

האַנגעגן מיט בילדער פון „איוב", „ירמיהו אויף די חורבות פון ירושלים" און מיט אַנדערע פילזאָגנדיקע סימבאָלן פון דער ייִדישער געשיכטע.

דער אָ מאָמענט און פיל אַנדערע שטאַרקערע מאָמענטן זיינען בלתי־ספקדיקע באַווייזן פון ייִדיש־נאַציאָנאַלן מהות אין מאַרקישעס שאַפן.

מיט אומגעוויינלעכער אינטויִטיווער קראַפט גיט דער קינסטלער אונדז איבער וואָס עס שפּילט זיך אָפּ אין האַרצן פון אַ מאַמען בעת זי זוכט מיט ציטערניש איר קינד. זי באַמערקט עס פון וויטנס, צווישן פיל אַנדערע קינדער, געפירטע צום פאַרניכטן, און צולויפנדיק ווערט זי דערשאָסן. האַרצרייסנדיק איז די שילדערונג ווי דער לערער הענריק גאָלדשמיד גייט צוזאַמען מיט די קינדער צו די וואַגאָנען, אָפּזאָגנדיק זיך פון דער „פּריווי־לעגיע" צו בלייבן.

די געטאָ האָט שוין פאַרלוירן יעדן שטאַנדהאַפטיקן אָנהאַלט פאַר עקסיסטענץ. אויף די גאַסן — פיל טויטע. די וואָס האָבן נאָך אַ ביסל כּוח אין זיך, לויפן אום פאַרצווייפלטע, זוכנדיק ווו אַ באַהעלטעניש זיך אויסצובאַהאַלטן פון טויט. קיין סך געוווער זיך קעגנצושטעלן דעם שונא איז נישטאָ. אַלעקסאַנדער טרייסט זיך מיט די ווערטער וואָס דער קינסטלער מאַרקיש לייגט אים אַריין אין מויל: „דאָס שטיינדעלע פון דודס פאַסטוך־טאַרבע וועט איצט מוזן דורכלעכערן די אייזערנע וואַנט פון פאַשיזם".

אויסער די מויערן פון געטאָ גרייט זיך ווייגדע אויסצופירן דעם טויט־אורטייל איבער דעם גרופּן־פירער פאַן פראַש. איר אַרישער אויסזען שטעלט זי אויסער געפאַר. דאָך לעבט זי אין טראַנס פון נאָכאַנאַנדיקער אויס־דאַכטעניש. יעדער טראָט קאָן אַרויסרופן פאַרדאַכט, ווי עס זאָגט דאָס פאָלקסווערטל: היט זיך פאַר פייער און גלויב נישט דעם וואַסער. אויך עטל האָט, אַרבעטנדיק אין דייטשישן רעסטאָראַן, געמוזט אויסשפּילן פאַר דעם אויסוווּרף קאַבידלאָ איר פּוילישן פּאַטריאָטיזם און פאַר די נאַצישע כּלבים — איר געטריישאַפט צום דריטן „רייך".

וועגן ווייגדעס אומדערשראָקענעם אונטערנעם אויסצופירן דעם טויט־משפּט איבער פאַן פראַשן, ווערט אין דעם בוך אַ סך דערציילט. פּסיכאָ־לאָגישע באַטראַכטונגען ווערן דאָ דורכגעפלאָכטן מיט דער אונדז שוין באַקאַנטער טענדענץ. אין אָט דער אָנגעשפּיצטער שעה טויכן אויף אין ווייגדעס זכרון אַ סך מאָמענטן פון איר לעבן. זי געדענקט אַפילו איר לערער הערשהאָרן מיט די הילצערנע פיס. די נאַצישע היצלעס האָבן אים „אַ ריס

געטאָן פון דער ערד און אַריינגעוואָרפן אין לאַסטוואָגן", בעת ער האָט נישט באַוויזן אָנטאָן די פּראָטעזן. זי פאַרגעסט נישט די איבערלעבונג ווען זי האָט די ייִדישע מיידלעך, פאַרמשפּטע צו אומקום, אַרויסגעפירט אין וואַלד אַריין צו די פּאַרטיזאַנער. זי טראַכט וועגן סלאָוועקן און שטעלט זיך פאָר ווי מען האָט אים, בשעת דער אויספאָרשונג, פאַרפייניקט צום טויט, און נאָך דמיונות פון איר פאַרגאַנגענעם לעבן קומען איר אויפן זינען.

עס קומט די שווערמוטיקע מינוט ווען די מיידלעך געזעגענען זיך צו וויגדעס אַוועקגיין אויסצופירן איר שליחות. עטל בלייבט שטיין אויף דער גאַס און קאָן נישט אָפּרייסן די אויגן פון איר חברטע, ביז זי ווערט מיט אַנטשלאָסענע טריט פאַרשווינדן אינעם גאַסנפאַרקער.

„זי האָט זיך נאָך אַ מאָל אויסגעקערעוועט אין יענער ריכטונג, וווּ וויגדע איז אַוועקגעגאַנגען.

אַזוי דאַרף אויסזען אַן אָרט פון אַן אונטערגעגאַנגענער שיף... מע קוקט אויף דעם... מע קוקט... און עס ווערט עפּעס אַזוי נאָענט דאָס אָרט... און מען קאָן פון דעם נישט צונעמען די אויגן..."

אַזעלכע האַרצפאַרכאַפּנדיקע שטעלן געפינען זיך אין בוך זייער אַ סך. מען דאַרפט דאָס וווּנדערלעכע ווערק לייענען און אַליין אָפּשאַצן זיין קינסט־לערישן ווערט. וויגדעס אינערלעכע באַלאַנסירטקייט אין יענער גורלדי־קער מינוט, נעמט זיך נישט פון קאַלטבלוטיק גרינגשעצן אַ מענטשלעך לעבן. זי ווייסט, אַז זי גייט איצט דורכפירן אַ רעכטפאַרטיקן אַקט.

בערנאַרד איז אין שלאַכט אַרום דער וואַלגע געוואָרן שווער פאַר־וווּנדעט. אין שפּיטאָל ליגן נאָך פאַרוווּנדעטע, נאָר ער איז, דאַכט זיך, עלנטער פון זיי. ער איז אויך מער פון זיי באַנומען פון שווערע מחשבות. בערנאַרדן פאַרדריסט וואָס דער רוסישער אָפיציר האָט אים באַשטראָפט פאַר אַראָפּלאָזן אַ פאַרדינטן פאַטש דעם דייטשישן געפאַנגענעם. ער האָט פון זיין אויסשפּיר־מיסיע אויך געבראַנגט וויכטיקע ידיעות פאַר דעם שטאַב. די „צונג" האָט דעם פאַטש זיך פאַרדינט פאַר זאָגן אים, אַז ער וויל נישט ריידן צו קיין „יודע". די וועלט האָט שוין געוווּסט וואָס די היטלעריסטישע באַרבאַרן האָבן געטאָן מיט די שטעט און שטעטלעך אין פּוילן און רוס־לאַנד. דער פאַרוווּנדעטער בערנאַרד שטעלט זיך פאָר ווי די חרובע וואַרשע זעט אויס. און מאַרקיש דערמאָנט אין דער נאַראַציע באַקאַנטע גאַסן וואָס

ער געדענקט נאָך פון יענע צייטן... אָט די גאַסן האָבן דורך לאַנגע יאָרן געלעבט בלויז אין זיין זכרון. איצט איז ער זיי מזכיר מיט ווייטיק און טרויער.

„אַ שטאָט פון שאָטנס. ניטאָ דער ברייטער, הרחבהדיקער פּזשעיאַזד. ער איז פאַרוואַלגערט מיט בראַכוואַרג. עס האָוועט אין אים ניט אַריין די טומלדיקע נאַלעווקעס און עס קוקט ניט צו אים פון וויטנס די בנעימותדיקע גאַוואָליפּיע. די הייזער שטייען ווי משונה־דיק־גרויסע, איינגעפאַלענע מצבות. די פראַנציסקאַנער גאַס גיסט זיך ערגעץ אַראָפּ, גלייך ווי אַ פאַלנדיקע אין אַן אָפּגרונט, און אויף דעם ברוק פון דער באַניפראַטער ליגן צעלייגט ריזיקע שאָטנס פון בראָכשטיקער, פונקט ווי מתים אין דער מדבר. זיי ליגן אויך אַזוי ווונדערלעך און מאַיעסטעטיש אין זייער שאָטנדיקער שטילקייט. מען זעט ניט זייער אָנהייב. עס דאַכט זיך נאָר, אַז ביי זיי זיינען אויך, ווי ביי די מתי מדבר אויסגעבויגן די הויכע גיבורישע קני, וואָס זעען אויס ווי טויערן".

דאָ רופט מאַרקישעס העלדן־וויזיע פון חרובן געטאָ זיך איבער מיט דער גיבורים־וויזיע פון ביאַליקס מדבר־פּאָעמע „מתי־מדבר".

ווי גדע און סלאָוועק זיינען אומגעקומען אין געטאָ. בערנאַרדן איז באַ־שערט געווען דורכצומאַכן אַלע שלאַכטן קעגן די נאַצישע האָרדעס. די רויטאַרמייִשע כּוחות האָבן כּסדר געדרוקט זיך פאַרויס, אַראָפּטרייבנדיק דעם שׂונא פון די פאַרכאַפּטע געביטן. אין אויסגעפּייניקטן געטאָ האָבן נאָך אַלץ זיך גישט אָפּגעשטעלט די סעלעקציעס. די געזונטערע יידן האָבן די דייטשן אויסגענוצט צו שווערער אַרבעט, די שוואַכערע אָוועקגעשיקט אין די אויוונס. די דערוויל אַרבעטנדיקע וויסן, אַז אויך פאַר זיי וועט קומען די ריי... דערווייל פאַרפּעסטיקן זיך די אסירים אין די בונקערס און אין אַנדערע באַהעלטענישן. זיי ברעכן דורך די לעכער אין די שכנותדיקע מויערן צו קאָנען אַנטרינען פון איין הויז אין אַן אַנדערן. יעדע קאַמפּס־גרופּע פאַרנעמט איר פּאָזיציע. דער פרילינג שפּילט־צו די קעמפערס זאָלן גרינגער זיך באַוועגן. מען גרייט זיך אין געטאָ צום פּסח, כאָטש מען ריכט זיך אויפן ערגסטן. שוין עטלעכע נעכט ווי מען שלאָפט נישט. אַ קאָלאָנע באַוואָפנטע דייטשן מאַרשירט אַריין אין געטאָ מיט אויפהייטערנדיקער

מוזיק. אַ צעטומלעניש אין די רייען, די געטאָ־קעמפּערס באַגעגענען די גוט באַוואָפנטע נאַצי־חיילות מיט פייער. מאַרקיש שילדערט די פרייד אין געטאָ בעת מען זעט אויף די גאַסן ליגן דייטשישע הרוגים, צווישן זיי דער סאַמע גענעראַל באַראָן פאָן קאַלמעדי. פריץ האַנטקע האָט זיך געגרייט אונטערצוטראָגן די „ענדגילטיקע" לייזונג פון וואַרשעווער יידנטום ווי אַ מתנה צום „פיורערס" געבוירנטאָג, און דאָ גאָר אַזאַ מפּלה. כּפי היטלערס פאַראָרדענונג דאַרפט וואַרשע וואָס גיכער בלייבן יידנריין.

עטל קערט זיך אום דורך פאַרשידענע אומוועגן אין געטאָ, מיטבערענ־גענדיק מיט זיך אַ ביסל געווער. דאָס רופט אַרויס הייטערקייט צווישן די קעמפער. מען דערוואַרט אויך וויגדעס צוריקקומען. די העלדישע נקמה־נעמערין טאָסיע לאָדנט אויס אַן אויפגעצאָרנטע אירע טענות צו דער וועלט, הלמאי זי קוקט זיך גלייכגילטיק צו צו דער יידן־פאַרניכטונג.

„אין די טויערן פון געטאָ האָבן זיך באַוויזן נייע פאַרניכטלער־גרופּעס" צו פאַרטרעטן די פריערדיקע באַוואָפנטע קאָלאָנעס. לויט דער שטרענגער פאַראָרדענונג פון גובערנאַטאָר, דאַרפט דאָס זיין דער „ענדגילטיקער" עטאַפּ פון ליקווידירן דעם וואַרשעווער געטאָ. די קעמפּערס לאָזן נישט אַרויס דאָס געווער פון די הענט. טאָדעוש ווערט אַרויסגעשיקט אויף דער אַרישער זייט צו העלפן די קעמפּערס פון דרויסן.

„און רובינען האָט פון זיין טויט־געלעגער אויפגעוועקט דער רוף, וואָס די פירער פון אויפשטאַנד האָבן אַרויסגעלאָזט צו די יידן און צו דער וועלט.

דאָס קול האָט אים אויפגעריסן פון זיין לאַנגזאַמען אַריינשלאָפן אין טויט. יעדעס וואָרט האָט אַריינגעגאָסן כּוח אין זיינע אויסגע־טריקנטע אָדערן. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער הערט דאָס קול פון יהודה המכּבי. צוויי טויזנט יאָר האָבן זיך פאַר אים אויפגעעפנט. פונקט ווי עס האָבן זיך פאַר אים דאָס גאַנצע לעבן אויפגעעפנט ספרים, וואָס דורך זיי האָט ער זיך מצרף געווען צו די אורקוואַלן פון דער געשיכטע".

אַזוי קרייצט זיך אין „טראָט פון דורות" דאָס רעוואָלוציאָנערע מיט דעם נאַציאָנאַלן. דאָס צווייטע איז אין דעם ווערק מער זאָגנדיק. דער רוביק־פאַרטרעטע ווערט דורך מאַרקישן געמאָלן מיט וואַרעמקייט און סימפּאַטיע.

ווייטער ווערן מיר מיטגעריסן מיט די פֿאַסצינירנדיקע איינצלהייטן פֿון דעם האָפֿענונגסלאָזן געראַנגל אין געטאָ. דער גערעג פֿון די דייטשן נאָך עטלעכע און וויגדען איבער די חורבות און ווי זיי פֿאַרטיידיקן זיך מיט די האַנטגראַנאַטן. עטלס טויט. וויגדע וויל צוריקגיין אויף דער אַרישער זייט. אַ גערודפֿטע פֿון דער געסטאַפּאָ קערט זי ווידער זיך אום מיט לעצטע כּוחות צו דער געטאָ־מויער און פֿאַלט אין העראָישן קאַמף מיט דעם שׂונא.

דאָס ווערק ענדיקט זיך מיט דער שילדערונג ווי די רויטע אַרמיי שטייט שוין נאָענט הינטער וואַרשע און בערנאַרד גייט בראש פֿון אַן אויסשפּיר־גרופּע אַריבער די ווייַסל צום דאַנציקער וואָקזאַל. אים קומט אויס זיך דורכצוררייסן דורך די חורבות פֿון אויסגעשטאָרבענעם געטאָ. אינעם טאָן פֿון מאָלן די אויסגעלאָשענע געגנט, פֿילט מען ווי דער מחבר טרויערט אויפֿן אומקום פֿון וואַרשעווער ייִדנטום, פֿון אַ דריטל פֿון אונדזער פֿאָלק בכלל, צו וועלכן ער האָט געטראָגן אין האַרצן אַ פֿאַרבאָרגענע ליבשאַפֿט און נאָך אַלץ זיך אויסגעהיטן זי אַרויסצוברענגען אין די שילדערונגען מיט דער גאַנצער אָפֿנקייט.

ווי אין יעדן ווערטפֿולן, קינסטלערישן ווערק, קאָן מען אויך אין „טראָט פֿון דורות" געפֿינען מעלות און חסרונות. דער עיקר־חסרון אין דעם ווערק איז, וואָס פֿאַר די הויפּט־אָנפֿירערס פֿון וואַרשעווער געטאָ־אויפֿשטאַנד האָט מאַרקיש נישט אָוועקגעשטעלט די אַניעלעוויטשעס און צוקערמאַנס, נאָר טאַדעוש און באָלעסלאַוו. דאָס הייסט געבן נישט קיין וואָרהאַפֿטיק בילד פֿון דער פֿאַקטישערווירקלעכקייט אין וואַרשעווער געטאָ. אין סך־הכּל אָבער איז „טראָט פֿון דורות" אַ גרויס פֿאַרנעמיק עפּיש ווערק. נישט בלויז איז פּרץ מאַרקיש אַ דיכטער פֿון ערשטן ראַנג, נאָר אויך אַ פּראָזאַיִקער פֿון גרויסן פֿאַרנעם. דורך דעם גאַנצן שטח פֿון ווערק פֿילן מיר בפּירוש ווי דער קינסטלער־מאַרטירער נעמט זיך צער־און־צאָרנדיק איבער מיט דעם טראַגישן גורל פֿון זיין פֿאָלק.

1976




י. קוזקאָווסקי „ס׳ברענט!"

# כאַראַקטערן און סיטואַציעס
# אין עלי שעכטמאַנס ווערק „ערב‟

צווישן דער פֿאַרהעלטנישמעסיק גרויסער צאָל פּראָזע־ווערק מיט וועלכע די סאָוויעטיש־ייִדישע ליטעראַטור האָט זיך זינט די אָנהייב־זעכציקער יאָרן ביז לעצטנס באַוויזן, געהערט, מעג מען זאָגן, ע. שעכטמאַנס „ערב‟ צו די סאַמע ייִדישסטע סיי אין דער טעמאַטיק, אַזוי אויך אין דער קינסטלערישער באַהאַנדלונג. אין דעם ווערק ווערן ברייט־לייוונטיק אַרויסגעבראַכט געשעענישן פֿון אַלגעמיין ייִדישן באַטייט. אמת, קיין גרויסע נאַציאָנאַלע אויפֿשטייגן ווערן אין דער האַנדלונג נישט פֿאַר־צייכנט. דאָך, שטעלט שעכטמאַנס ווערק מיט זיך פֿאָר אַ גראַנדיעזע עפּאָפּעע וווּ עס ווערן אָפּגעשפּיגלט גורלות פֿון יחידים, ענג פֿאַרבונדן מיט דעם אַלגעמיינעם גורל פֿון פֿאָלק. „ערב‟ שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ ברייט פֿאַר־טראַכט עפּיש בילד פֿון ייִדישן לעבן אין צאַרישן רוסלאַנד, וואָס נעמט אַרום אַ צײַטאָפּשניט פֿון פֿאַר דער רוסלענדישער רעוואָלוציע אין 1905 ביזן אויסברוך פֿון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, נישט אויסמיידנדיק די געשעענישן פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די קינסטלעריש אַרויסגע־ברענגטע פּאַסירונגען טראָגן אויף זיך דעם חותם פֿון אַ באַשטימטער היס־טאָרישער תּקופֿה, אָדער תּקופֿות. דער מחבר פֿאַרנעמט זיך אין זיינע רעאַ־ליסטישע שילדערונגען מיט קאָנקרעטע באַגריפֿן פֿון צייט און אָרט. לויט אונדזער השגה דאַרפֿט דאָס ווערק אין זיין ווייטערדיקן המשך אַרומנעמען

די זיך בייטנדיקע גרויל־פּעריאָדן פון דער רעוואָלוציע גופא, ביז דעם אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־שחיטה, וואָס אירע גרויזאַמע פאָלגן וועלן זיך לאָזן אָפּפילן אין אונדזער פאָלק אויף לאַנגע דורות.

עלי שעכטמאַן פאַרנעמט אַ בכבודיק אָרט אין דער סאָוויעטיש־ייִדישער ליטעראַטור. זיינע ערשטע שריפטן האָט ער אָנגעהויבן פאַרעפנטלעכן אין יאָר 1927. אין 1930 איז דערשינען זיין ערשט בוך פּראָזע „אויפן שייד־וועג“. אין 1932—1941 האָט ער פאַרעפנטלעכט צוויי בענד פון דעם ראָמאַן „פאַראַקערטע מעזשעס“ אין וועלכע ער שילדערט דעם אָנהייב־פּעריאָד פון דער, אַזוי גערופענער, קאָלעקטיווער בויונג אין סאָוויעט־רוסלאַנד. נאָך דעם האָט ער אַרויסגעגעבן אַ בוך דערציילונגען „פּאָליעסיער ערד“. זיין ראָמאַן „ערב“ האָט שעכטמאַן פריִער געלאָזט דרוקן אין דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“. דערנאָך אים אַרויסגעגעבן אין בוכפאָרעם (מאָסקווע, 1965). דאָס ווערק איז אויך דערשינען אין פראַנצויזיש. דער שרייבער וווינט איצט אין ישׂראל.

היות מיר פאַרנעמען זיך דאָ, דער עיקר, מיט כאַראַקטערן און סיטואַציעס אין ע. שעכטמאַנס ווערק „ערב“, איז כּדאי כאָטש לויפיק אויפצוכאַפּן אַ בינטל סוזשעטישע מאָמענטן, בכדי זיך צו באַקענען מיט די רעליעף געצייכנטע פיגורן אין דעם ברייט פאַרמאָסטענעם ראָמאַן.

אינעם ערשטן קאַפּיטל פון ראָמאַן ווערט דערציילט וועגן אברהמס אומקער פון דער יאַפּאַנישער מלחמה. דער שווער געטראָפענער אינוואַליד שלעפּט זיך מיט אָנגעשטרענגטע כּוחות אויף קוליעס איבער די פּאָליעסיער וועגן, דורך געדיכטע וועלדער, דורך וואַנען אים איז שווער זיך דורכצופּלאָנטערן. נישט דער כּוח, נאָר דער שטאַרקער ווילן און בענקשאַפט טרייבן אים וואָס גיכער צו קומען אַהיים.

אברהם וויל, איין וועגס, זיך אָפּשטעלן אין שכנותדיקן כוטאָר, וווּ עס וווינט זיין שוועסטער. קוים דערשלעפּט זיך צו איר שטוב, טרעפט ער רחלען ליגן טויט אויף דער שוועל — אַ קרבן פון אַ פּאָגראָם. דאָס האָפקען אויף די מיליצעס קומט דעם אָפּגעמאַטערטן סאָלדאַט איצט אָן נאָך שווערער. אָפּגעשוואַכט פון הונגער און האַרבסטיקער קעלט, פאַלט ער אַוועק אין מיטן שאָסיי. דערווייל הערט זיך דער סקריפּ פון אַ הילצערנעם וואָגן. אין גיכן געצוואַל נעמט דער באַלעגאָלע ראַפּטום איינהאַלטן די פערד, אויס מורא נישט איבערצופאָרן דעם ליגנדיקן זעלנער, וועמען איווע האָט

גלייך דערקענט. דער מחבר באַקענט אונדז מיט די פּאַרשוינען, וואָס זיצן אין וואָגן, מיט איווען מאַן אַלעקסאַנדער לאַנדע און מיט איר נאָענטן פריינד דאָקטער איליאַ איליטש. דער לעצטער באַמיט זיך גלייך אָפּצו־מינטערן דעם פאַרחלשטן סאָלדאַט. דאָס זיינען, אַזוי צו זאָגן, טרוקענע פאַקטן. שעכטמאַן דערציילט זיי אין אַ וויכן, לירישן טאָן. דער הינטער־גרונט פון די פּאַסירונגען איז די אומפאַרגלייכלעכע, רוסישע נאַטור, גע־מאָלן מיט אַ שפע פון געדיכטע פאַרבן, וואָס פאַרכאַפּן דעם לייענער.

איצט איז אין יצחקס קרעטשמע־שטוב, ווו עס ליגט צו בעט דער כראָניש קראַנקער דניאל, צוגעקומען נאָך אַ חולה. די פרייד אין דער משפחה איז אָבער גרויס וואָס אברהם איז פון דער מלחמה דאָך צוריק־געקומען אַ לעבעדיקער. די שׂמחה ווערט אָבער פּלוצים פאַרשטערט דורך „קאַזנאַ". בעת אַלע זיצן דעם ערשטן, געסטלעכן פרייטיק־צו־נאַכטס אַרום דעם געדעקטן טיש ביי אָנגעצונדענע ליכט, באַווייזט זיך פּלוצים דער סלעדאָוואַטיעל איוואַן פּיאָדאָראָוויטש קאָבלוקאָוו.

אַברהמס פאַרברעך איז באַשטאַנען אין דעם וואָס אויף זיין מאַטערנ־דיקן וועג אַהיים פון דער מלחמה, האָט ער, אָפּרוענדיק אַ ווייל, געוואָלט זיך דערוואַרעמען פון דער האַרבסטיקער קעלט מיט אַ ביסל געקאָכט וואַסער. אים איז שווער אָנגעקומען אויפצובלאָזן אַ פייער פון די צונויפ־געקליבענע נאַסע צווייגן. פון גרויס אויפרעגונג האָט ער אַ שליידער געטאָן דאָס מיליטערישע קעסל מיט דעם וואַסער און געלאָזט עס אַראָפּקייקלען צום ברעג טייך. אָט מיט וואָס אַברהם האָט זיך פאַרזינדיקט קעגן דער צאַרישער מלוכה.

דעם זעלביקן פרייטיק־צו־נאַכטס איז אין הויף פון דעם רייכן אָקסן־הענדלער גבריאל באַיאַר אויך פאַרגעקומען אַן אויפנאַם פאַר זיין טאָכטער און איר מאַן. עס זיינען שוין צען יאָר פאַרביי ווי אַלע אין דער משפחה האָבן איווען אַרויסבאַגלייט צו דער חתונה מיט אַלעקסאַנדער לאַנדע, וועמען זי האָט נישט איבעריק ליב. איר האַרצנס אויסדערוויילטער איז גאָר דניאל. ביי איווען איז געבליבן דער געפיל ווי מען וואָלט זי, דעמאָלט, אויסלאַכנ־דיק, אַרויסגעפטורט פון טאַטנס הויף. צו איר אַהיימקומען פון דער גרויסער שטאָט, זיינען די ברידער מיט זייערע געזינדן איר געגאַנגען אַנטקעגן אויסגעפּוצט אין יומטובדיקע מלבושים. די דאָזיקע באַגעגעניש גיט דעם קינסטלער אַ געלעגנהייט צו צייכענען אַ ריי פיגורן, יעדער מיט זיין אויס־

זען און האַלטונג. דאָס זעלביקע אויך ווען זיי זיצן אַרום דעם שבתדיקן טיש. בלויז נעכע, גבריאלס ווייב, זיצט אויף איר שטענדיק אָרט, אויפֿן דיוואַן, ווי אָפּגעזונדערט פֿון אַלעמען. שוין יאָרן ווי זי איז קראַנק און פֿילט זיך באַעוולט פֿון לעבן. גבריאל — אַ ייִד אַ גבר מיט שטאַרקע מענטש־לעכע אימפּולסן, ווייסט אינעווייניק אין זיך וואָס נעכעס תּרעומות זיינען. בעת זי נעמט אויסביטערן אירע טענות, קומט גבריאל זי „באַרויִקן", באַ־זונדערס אַצינד, ווען די גאַנצע משפּחה איז זיך צונויפֿגעקומען.

גאָר פֿאַרריסן האַלט זיך ביים טיש דער רייכער, שטאַטישער פֿאַבריקאַנט אַלעקסאַנדער לאַנדע. ער האָט אָפּט ליב זיך צו באַווייזן מיט זיין „חכמה און וויסן". זיין צום ווינפלטן מאָל איבערגעחזרטע „פֿילאָסאָפֿיע" וועגן דעם ווערט פֿון יחיד קלינגט אין איוועס אויערן ווי אַ באַנאַלע פּלוידעריי. די גראַשנדיקע „זאָגעכטסן" כאַראַקטעריזירן, אייגנטלעך, זיין פּסיכאָלאָגישן מהות. ער איז צופֿרידן מיט זיך און מיט דער וועלט — אַזאַ ווי זי איז. געזעלשאַפֿטלעכע קרומקייטן און עוולות גייען אים נישט אָן.

גבריאל ווייסט, אַז זיין טאָכטער „וואָלט פֿאַר דניאלן געגאַנגען אין אויסרייסעניש". צו אַלעקסאַנדערן, ביי וועמען זי לעבט אין ווילטאָג „ליגט איר עד־היום ניט דאָס האַרץ". איוועס מעזעליאַנס דערמאָנט אונדז, מאָ־מענטנווייז, אין מירל הורוויץ׳ס נישט איינגעגעבענע פֿאַרבינדונג מיט וועלוול בורנעס, ווי געשילדערט אין בערגעלסאָנס „נאָך אַלעמען". דער אונטערשיד באַשטייט אין דעם וואָס מירל איז „אַ קליינשטעטלדיקע טראַ־געדיע". אין נויטווענדיקע פֿאַלן איז זי אומדעצידירט, עס פֿעלט איר ווילנס־קראַפֿט, איווע, דאַקעגן, איז ווייט פֿון צו זיין „דער שיריים פֿון אַ דור וואָס האָט מער נישט קיין אָרט אין לעבן". מירל באַזיצט, ווי ניגער דריקט זיך אויס וועגן דער העלדין אין בערגעלסאָנס דערמאָנטן ווערק, „שטאַרקע געפֿילן און אַ שוואַכן כאַראַקטער". איווע איז אַנדערש מיט דעם וואָס אירע געפֿילן גייען באַנאַנד מיט געזונטער לאָגיק. איר ברייטע השגה אין לעבן פּאַסט זיך נישט אַריין אין די ענגע גרענעצן פֿון „דעם וויסן מויערל".

דניאל איז אַ פּאָעטישע נאַטור. זיינע גייסטיקע יסורים דערגייען נישט צום פּשוטן שׂכל פֿון דער באַגרענעצטער, האַרעפּאַשנער מלכּה. די אומ־באַשערטע פֿאַרבינדונג צווישן מלכּהן און דניאל איז נישט צו שטאַנד גע־קומען דורך קעגנזייטיק־באַווילקטער פֿאַרויסבאַשטימונג. אויף אַ היימי־שער שׂמחה פֿון יונגוואַרג, האָט דניאל אין גוטן מוט אַראָפּגעצויגן דעם רינג

פון מלכּהס פינגער און פּאָר אַלעמען אין די אויגן דעם רינג איר צוריק אָנגעטאָן. דערביי האָט ער אויף אַ געלעכטער אַרויסגעזאָגט דעם „הרי אַתּ״. אַזוי זיינען מלכּה און דניאל, געצווונגען פון רעליגיעזן געזעץ, פאַרבליבן מאַן און ווייַב.

מלכּה פילט זיך געפּאַלן וואָס זי קאָן זיך מיט איווען נישט פאַרגלייכן אין געלערנטקייט און אין אויסערלעכער שטאַטור. עס דאַכט זיך, ווי זי וואָלט אין איר אומגעקינצלטקייט זיך פאַרענטפערט פאַר איווען, הלמאי אירע זאָרגנפולע באַמיִונגען זיינען נאָך אַלץ נישט געגוג צוריקצושטעלן דניאלס געזונט.

און דער קליינער שמואליק? ער באַמערקט דער פאַרוויינטער מאַמעס דערשלאָגנקייט און בעט דעם טאַטן, דעם מר נפש, ער זאָל זי בעסער באַהאַנדלען. אין דער שמואליק־שילדערונג דריִנגט שעכטמאַן מיט גרויס באַהאַוונטקייט אַריין אין דער פּסיכאָלאָגיע פון קינד. דאָס דאָזיקע קאַפּיטל שטעלט מיט זיך פאָר אַ שטיק פאַרכאַפּנדיקע לעקטור.

דער איינציקער ידיד־נפש דניאלס איז עקיבא דער קלעזמער, „דער לץ וואָס מאַכט פון אַלץ און אַלעמען חוזק״. פאַר אים קאָן דער קראַנקער קינסטלער, וועלכער איז קיין מאָל נישט צופרידן מיט דעם דערגרייכטן, אויסגיסן אַלץ וואָס אויף זיין האַרץ. מיט אים האָט דניאל ליב נישט בלויז צו ריידן, נאָר אויך צו שווייגן... מחמת זיין מסוכּנדיקן פיזישן צושטאַנד פאַרלירט דניאל דעם גלויבן אין זיין שעפערישן כּוח.

„שרעקלעך — זאָגט ער — איז ניט דער טויט, שרעקלעך איז אַוועקגיין פון דער וועלט מיט ליידיקע הענט״.

עקיבא פאַרט אַרום איבער שטעט און שטעטלעך מיט טעאַטער־טרופּעס. איינוועגס פירט ער אויס אין די ערטער רעוואָלוציאָנערע שליחותן. ווען ער איז נײַן יאָר אַלט געווען, האָט עטל, די מאַמע זיינע, ליגנדיק קראַנק אויף איר טויטנבעט, אים אַנטפּלעקט דעם סוד, אַז נישט לייזער אשמדאי איז זיין פאָטער, נאָר גבריאל. סיי ווי באַטראַכט מען עקיבאָן ווי אַן אייגענעם אין דער באָיאַר־משפּחה. אין לאַנגע, הייסע וויכּוחים מיט אים, רופט אים דניאל נישט אַנדערש ווי „עקיבא פריינד״, „עקיבא חבר״.

עקיבא האָט געהאָלפן כּיירוסן אַנטלויפן פון דער היים. דערפאַר טראָגט אויף אים יצחק, איר פאָטער, אַ בייז האַרץ. אויך איווע האָט דעם

מכּלומרשטן לץ אַ סך צו פֿאַרדאַנקען. די טיפֿישקייט אין אים דערמאָנט אונדז צו מאָל אין שלום עליכמס „סטעמפּעניו". נאָר שעכטמאַן שטעלט אים אַוועק אין אַן אַנדערער ליכט. עקיבא פֿרעגט דניאלן הלמאי ער מאָלט נישט קיין בילד פֿון זיין אויסנאַמלעכן טאַטן. דניאלס ענטפֿער איז, אַז דאָס איז אַ צו געוואַגטער פּאַרמעסט. דאָ דאַרפֿט מען מאָלן נישט בלויז יצחק באַיאַר, נאָר אַ גאַנצן דור. אין זיין הויך־באַפֿליגלטן דמיון האָט דניאל פֿאַרטראַכט צו מאָלן אַ ברייט־צעכוואַליעטן טייך מיט שוואַרצע וואַסערן וועלכע טראָגן יצחקן אויף אַ שיפֿל אָן וועסלעס...

שעכטמאַן כאַראַקטעריזירט יצחקן ווי איינעם פֿון די באַיאַרס וואָס „זיינע אַן עצה דאַרפֿט מען הערן און פֿאָלגן". די פּלייצע איז ביי אים גע־בויגן ווי ער וואָלט זיך געריכט אויף אַ קלאַפּ, מיט דער גרייטקייט זיך קעגנצושטעלן. יצחק דער גרויסער בעל־נסיון פֿון וועמענס אויגן עס „קוקט אַרויס דער פֿאָלקס־אומגליק", קאָן נישט לעבן אָן קיין שבת. „איין טאָג אין דער וואָך — בעט ער זיך פֿרייטיק פֿאַר נאַכט ביי עקיבאן בעת זיי איילן זיך אַהיים פֿון אונטערוועגנס, — מוז איך האָבן אַ נשמה יתירה".

אין דעם ווערק „ערב" ווערן אַרויסגעבראַכט אַ ריי טיפּן וואָס זייער סביבה איז דעם מחבר, מיינען מיר, נאָענט באַקאַנט. אין זיין שרייבערישן סטיל מערקט זיך די השפּעה פֿון דעם באַדאַכטן מאָלער בערגעלסאָן און פֿון דעם ברייט אָטעמדיקן נסתּר. עס איז אָבער דאָך קענטיק שעכטמאַנס אייגע־נער אופֿן פֿון שילדערן, באַזונדערס, ווען ער לאָזט זיך אַוועק אין מאָלן זיינע נאַטור־געמעלן. דאָ איז ער, ווי מען זאָגט, ביי זיך אין דער היים.

איווע קאָן נאָך דניאלס טויט נישט קומען צו זיך. זיינע פֿאַרבליבענע בריוו — ער האָט זיי קיין מאָל נישט אָפּגעשיקט אויף איר אַדרעס — האָבן זי איבערלעך צעשרויפֿט און נאָך מער אָפּגעפֿרעמדט פֿון דעם רייכן אַלעקסאַנדערן, מיט וועמען זי קאָן מער נישט זיין צוזאַמען. פֿון איצט אָן שאָטנט זיך דניאלס געשטאַלט זכרונדיק פֿאַרביי אין די ווייטערדיקע קאַ־פּיטלען ווי אַן אומפֿאַרגעסלעכע וויזיע. אין יעדער לעבנס־שייכות דער־מאָנט יצחק זיין פֿאַרשטאָרבענעם זונס אַ לעבנס־חכמהדיקע מימרא פֿון וועלכער עס איז ווערט צו לערנען.

אַן אינטערעסאַנטע געשטאַלט אין שעכטמאַנס עפּאָפּעע איז „די שיינע און קלוגע מומע ליבע". דער מזל שפּילט איר נישט איבעריק צו אין לעבן. איר מאַן, אַן איש תּמים, גייט תּמיד אום אין שטוב פֿאַרזאָרגט און אַנגע־

ברוגזט. וואָס עס זאָל נישט פּאַסירן אין שטוב, לאָדנט ער אויס זיין כּעס אויף די פאַרציטערטע קינדער. נישטאָ קיין משפּחהדיקע וואַרעמקייט אין דער באַציִונג פון שמריה צו זיין שוואָגער גבריאל. ליבע ווייסט פאַר וואָס איר מאַן טראָגט אַ בייז האַרץ אויף איר גבירישן ברודער. זינט שמריהס חתונה מיט ליבען, איז גבריאל אים שולדיק געבליבן פופצן קערבלעך, וואָס יענער האָט אים איינגעשאַצט אין נדן. ביי דעם ברייטהאַרציקן גבריאל שפּילן פופצן קערבלעך נישט קיין ראָל. ער האַלט אָבער, אַז עס איז נישטאָ זיי וועמען צו געבן אין האַנט אַריין. גבריאל פאַרטראַגט נישט קיין בטלנים, וואָס קוקן אין הימל אַריין און וואַרטן אויף נסים. דאָך, צו שלום־בית האָט די מעשה גבריאל נישט קיין שייכות.

שמריהס אָרעמע שטוב ווערט ווי אויפגעלעבט ווען אַבוש ברענגט די אומגעריכטע נײַעס, אַז נתן לאַנדעס מעזיניק, אבנר, האָט נאָכן אומקערן זיך פון זיינע וואַנדער־רייזעס איבער דער וועלט, זיך געסטאַטקעוועט און ער האָט באַשלאָסן חתונה האָבן מיט שפרהן. דער מומע ליבע לאָזט זיך דאָס נישט צוגלויבן. ווי קומט עס, דעם נאָמנס רייך זונדל זאָל גאָר נעמען זייער טאָכטער, אַן אָרעם מיידל פאַר אַ ווייב? די מומע ליבע לאָזט זיך אין שטאָט אַריין געוואָר ווערן דעם אמת. דערווייל זאָגט איר שמריה אָן, זי זאָל „אַראָפּלאָזן פון איר גדלות", ווייל זי דאַרפט ברענגען פון דאָרטן די ישועה...

די מומע ליבע נוצט אויס די געלעגנהייט וואָס יצחק פאָרט אויך מיט זיין וואָגן אין שטאָט אַריין אַהיימנעמען אַברהמען, וועמען דאָקטער איליאַ איליטש האָט דורכן גאַנצן ווינטער געשענקט מעדיצינישן אויפזיכט און אויסגעהיילט זיין שווער פאַרוווּנדעטן פוס. דאָ ווערט דערציילט וועגן דעם טיפן בזיון וואָס יצחק האָט געליטן בעת ער איז אין אַ שנייִקן פאַרטאָג אַריין אין אַ פאַרשטאָטישן בית־המדרש אָפּדאַווענען. ווי נאָר מען האָט אים אויפגערופן צו עליה, האָבן די מתפּללים, צווישן זיי אויך דער חריף אַבוש, זיך געוואָרפן אויף אים מיט חרמדיקע אויסרופן, בכן ער, יצחק, איז שול־דיק אין זיין טאָכטערס שמד. דער טיפישער אויפרודער אין בית־המדרש, יצחקס צער, די עפּנטלעכע פאַרשעמונג, ווערן דאָ אַרויסגעבראַכט מיט אַ סך געפיל און מיטגעפיל.

עס קומט שוין אַזוי אויס, אַז די שמועסן צווישן די באַיאַרס קומען פאַר אונטערוועגנס. פאָרנדיק אין וואָגן גייט דער גערייד וועגן זאַכן אומגע־

שטערט און געמיטלעך. בכדי בולטער צו מאַכן די שטימונג אין וועלכער דער מיטשמועסער פּאַלט אַריין אונטער דער ווירקונג פון דער אַרומגע־רעדטער טרעפעניש אין דער משפּחה, נעמט שעכטמאַן צו הילף די שיינע נאַטור, ווי אַ צושפּיל צום געמיט; די זון — „די האַרצפּאַשניצע פון דער וועלט", די האַרבסטיקע וויוגע אין דער נאַכט־פינצטערניש, דעם פלייצנ־דיקן רעגן, דעם פאַרפלאָנטערטן געדיכטן וואַלד און אַנדערע נאַטור־דער־שיינונגען. די נאַראַציע, אַזוי אויך דער דיאַלאָג, זיינען דורכגעוועבט מיט לעבנס־חכמהדיקע ייִדישע ווערטלעך און מיט שפּראַכלעכן אידיאָם, אויף וואָס שעכטמאַן איז אַ מאַדים. זעלטן אַ שרייבער זאָל זיין אויסגעהיטן פון שפּראַכלעכע וווּלגאַריזמען ביים שילדערן אַפילו דאָס סאַמע טריוויאַלסטע.

שעכטמאַן פירט אונדז מיט באַגלויבטער, קינסטלערישער באַרופנקייט אַריין אין דער גייסטיקער אַטמאָספער פון דעם גאָטספאַרכטיקן נתן לאַנדע. אין דער לאַנדע־שילדערונג גייט דער קינסטלערישער כּוח אין פּאָר מיט דעם מחברס שאַרפן זכרון, נישט געקוקט וואָס ער האָט דעם אַלטן לעבנס־שטייגער, מחמת באַדינגטע סיבות, לאַנג שוין געלאָזט הינטער זיך.

נתן לאַנדע איז דער נאָמן פון שטאָט, דער „איינציקער" וואָס האָט אַ צוטריט צום גענעראַל־גובערנאַטאָר. פאַר יעדער קריסטלעכער חגא, צי אויס מורא פאַר אַ פּאָגראָם, שיקט אים קהל מיט אַ מתּנה „צום אדון", בכדי אויסצוקויפן די עדה פון אַן אומגליק.

אַן אומדערוואַרטער צוגאָב צו דער אַלעקסאַנדער־טראַגעדיע אין הויז פון די לאַנדעס, איז אבנרס זעלבסטמאָרד. נאָך אַ לעבן פון צעבאַלעוועטן ווילזיין, איז דער בעל־תּשובה געקומען צום פאַרצווייפלטן אויספיר, אַז „אין דער היים איז קיין וועלט ניטאָ און אין דער וועלט איז קיין היים ניטאָ". בעת דער דייַן נתן לאַנדע דערזעט, פלוצים, זיין מעזיניק ליגן אין בלוט, פאַלט ער אַריין אין כּופר־בעיקרדיקן פאַרצווייפל. די מומע ליבע וואָס איז נאָך אַבושעס פריידיקער ידיעה אַהערגעקומען אָנקלייבן אַ ביסל נחת פון איר טאָכטער, העלפט דעם דיין הסכּמהדיק אונטער אין זיין שגעונדיקער גאָט־לעסטערונג. זי איז אויפגעטרייסלט פון אבנרס זעלבסט־מאָרד, פון שפּרהס אומאָרנטלעכער האַנדלונג און פון איוועס פערזענ־לעכער צרה. איווע האָט פאַר דער שיינער און קלוגער מומע ליבע זיך נישט אויסגעהיטן אין דערציילן איר דאָס סאַמע אינטימסטע.

דער דיאַלאָג צווישן ליבע און איר טאָכטער איז דורכגעגליט מיט

הייסן דראַמאַטיזם. שפרה איז גאָר יונג אַוועק פון דער היים. זי האָט אין דער גרויסער שטאָט זיך פאַרדונגען פאַר אַ דינסט ביי די לאַנדעס. דערביי האָט זי מיט שוועריקייטן זיך דערוואָרבן אַ ביסל בילדונג און אַ געוויסע אויסערלעכע געשליפנקייט. אין איר כאַראַקטער איז זי אָבער געבליבן דער היפוך פון איר מאַמען:

„— ווי האָסטו זיך אָנגענומען מיט אַזעלכע געדאַנקען?... דו ווילסט רייך ווערן מיט דיין שיינקייט? איך וועל צו דעם ניט דער־לאָזן!"

ווי עס איז די טבע פון אַלע אָפּשטאַמיקע פון דער באַיאַרישער גזע, איז אויך שפרה אויפריכטיק אין איר האַנדלונג. וואָס איז דאָ שייך צו לייקענען? די מאַמע זאָגט דעם אמת.

יצחקן קומט אויס ווי ער וואָלט מיט זיין פאָרן דאָס מאָל אין שטאָט אַריין געפּטורט אַן איבעריקן וועג. אַברהם פילט זיך שוין סיי ווי געזונט. דאָס האָט עקיבא „דער גלות־קלעזמער" אים צוגערעדט ער זאָל פאָרן צום דאָקטער איליאַ איליטש, בכדי יענער זאָל אים, יצחקן, באַווירקן ער זאָל ערוב זיין פאַר דער פאָליטיש פאַרפאָלגטער כיירוס און זי צוריקנעמען אין זיין הויז. דער פרומער טאַטע קאָן אָבער נישט אַראָפּשלינגען דעם שמד־פאַרברעך פון זיין טאָכטער. דאָ נעמט יצחק פאַרציילן אַ מעשׂה שהיה, וואָס ווערט אין דער באַיאַר־משפּחה איבערגעגעבן פון דור צו דור. עס איז די מעשׂה וועגן יאָנטלען דעם פערד־גנב און דעם פריצס שיינער טאָכטער, מיט וועמען ער האָט נישט געוואָלט חתונה האָבן פאַרן פרייז פון אָפּזאָגן זיך פון דער ייִדישער אמונה. אַ קראַנקע פון ליבע צו טודרוס דעם שניידערס זון, איז די פריצישע טאָכטער געשטאָרבן. פאַר אַ שטראָף האָט דער פריץ יאָנטלען פאַרפייניקט צום טויט. נאָכן ענדיקן די מעשׂה, מאַכט יצחק גלייך דעם אויספיר: „אַמאָל האָט מען אַ צווייג געדאַרפט אָפּהאַקן, אַליין איז זי ניט אָפּגעפאַלן".

די פאָלקס־מעשׂה, ווערדליק זי איז סמיכות־הפרשהדיק אַריינגעוועבט אינעם סוזשעט, איז פאַר זיך אַליין אַ פרעכטיקע ליטעראַרישע פערל.

גרייטנדיק זיך צו פאָרן אַהיים, באַמערקט יצחק ביים באַלעגאָלע אין שטוב, ווי מאַכלע קאָרמעט אויף איר שויס אַ קליין נפשל. לויטן אָנבליק דערקענט ער, אַז דאָס איז כיירוסעס קינד. יצחק ברעכט זיך פון רחמנות

און נעמט דאָס קינד אַרויס פון דער באַלעגאַלעכעס אַפּוטרופּסות.

אַברהם פּילט זיך אומזיכער מיט די מתּנות, וואָס ער פירט אַהיים פאַר דאָבציען. די מומע ליבע איז אים מבטיח, אַז דאָבציע וועט זיך נישט אָפּזאָגן אים צו נעמען פאַר אַ מאַן. ווי שטענדיק, פירן יצחק און די מומע ליבע זייער שמועס אונטערוועגנס. פּלוצים דערטראָגט זיך פון ערגעץ אַ פיל־קולותדיק געזאַנג. „דאָס געזאַנג טרייבט אָן אַ פּחד. אין דעם צאַרישן רוסלאַנד, אין דעם לאַנד פון תּפיסות און תּליות, רופט אַלצדינג אַרויס שרעק און ציטערניש". אין די אויגן וואַרפט זיך זיי דאָס בילד פון אַ מחנה פאַרמשפּטע, ווי מען פירט זיי אַוועק אויף פאַרשיקונג. צווישן די אַרעסטאַנטן דערקענט יצחק זיין טאָכטער. דער פאָטער רייסט זיך צו איר. די קאָזאַקן אויף די פערד פאַרשטעלן אים דעם וועג. זעענדיק פון ווייטנס דעם טאַטן, פאַלט כיירוס אויפן וואָגן אין חלשות. דאָס איז אַן אויפרודערנ־דיקער מאָמענט געמאָלן פון אַ גרויסן קינסטלערישן טאַלאַנט.

„ווייט, און ווי פון דער ערד אַרויס רייסט זיך אַ פייער — — —

— — — — — — — — — — — —

— רב יצחק, — האַלט ניט אויס די מומע ליבע — דער וואַלד ברענט.

— זאָל ברענען, ליבע, זאָל ברענען... נאָר די שׂריפה איז ווייט".

און כאָטש ער האַלט נישט פון די נייע נביאים מיט זייערע נײַ אויפ־געקומענע תּורות, וואָלט יצחקן נישט געאַרט, ווען די וועלט, אַ באַ־הערשטע פון די צאַרישע מאַכטהאָבערס, וואָלט אַוועק מיטן פייער.

## ב.

אין די אָנהייב־קאַפּיטלען פון דעם דריטן בוך „ערב" פירט שעכטמאַן דער קינסטלער אין אַ זאַוויערוכע איווען אַרויס פון דעם פירשטאָקיקן מויערל, ווו זי האָט אָפּגעלעבט מיט אַלעקסאַנדערן צען יאָר. דאָס קינד האָט זי מיט לייזער אשמדאי אָפּגעשיקט צום טאַטן אין דאָרף אַריין. איר איינציקער ירושה־פאַרמעג איז דניאלס פילזאָגנדיק בילד פון דעם אָקס מיט דעם אָפּגעבראָכענעם האָרן. דאָס איז דאָס טייערסטע וואָס זי טראָגט

מיט זיך. נישט האָבנדיק אין דער שעה ווו צו עפּענען אַ טיר, זעצט זי זיך צו אויף אַ „פּאַרשנייטער באַנק אין ליידיקן שטאָטפּאַרק״. מיד, ווי פֿאַר־זונקען אין דרימל, פּילט זי, פּלוצים, ווי עמיצער טוט איר אַ כאַפּ ביי דער האַנט. דאָס האָט שפרה זי דאָ אָפּגעפונען און, פֿאַלנדיק אויף די קני, געבעטן איוועץ זי זאָל וואָס גיכער צושיקן אַלעקסאַנדערן אַ גט. די גראָב־הויטיקע שפרה פּרוווט זיך דאָ אָוועקשטעלן מיט איוועץ אויף איין מדרגה. „מירביידע — זאָגט זי — דאַרפן זוכן און געפינען אַ שיין אָרט אין לעבן״.

דער כאַראַקטער־אונטערשיד צווישן איוועץ און שפרהן ווערט דאָ אַרויסגעבראַכט מיט דער גאַנצער וואָרהאַפטיקער קלאָרקייט. הויך־מאָראַ־לישער באַנעם און מענטשלעכע שפלות, וואָס גרענעצט זיך מיט אומ־פֿאַרשעמטער אויסגעראַכנטקייט, ווערן דאָ אָוועקגעשטעלט אויף צוויי קעגנגעזעצטע פּאָלוסן. דער קידער־ווידער פון היפּוכדיקע מענטשלעכע אייגנשאַפטן ווערט אויך באַוויזן אין דער שילדערונג פון איוועס קורצן צוזאַמענזיין מיט דעם מסור אַדריאַן. אַ לעבנס־סתירה וואָס איז באַהויכט מיט דעם קינסטלערס איראָניע איז מאַריע יוליעוונאַס „צוזאַמענלעבן״ מיט דעם פּיל עלטערן פון איר דאָקטער אפרת, מיט וועמען זי איז שוין „לאַנג נישט אויף דו״. ביידע ווערן דורך שעכטמאַנען אָוועקגעשטעלט אין זייער אויסנאַמלעכער טיפּישקייט.

די רעוואָלוציאָנער־אונטערגעצונדענע שׂריפה, וואָס איז אויסגעבראָכן גראָד אַ נאַכט פריער איידער איווע איז אַוועק פון די לאַנדעס; דער טומל אין שטאָט איבער די זעקס פּאָליטישע, אַנטלאָפענע פון עטאַפּ, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען כיירוס; איוועס זוכן אין די הינטער־געסלעך אַ מקום־מקלט אין עקיבאס בוידעם־שטיבל וווהין זי האָט זיך אומזיסט דערקליבן; איר אַריינקום „מיד און פאַרמאַטערט״ אין דאָקטער אפרת׳ס הויז, ווו זיין מוטער נעמט איר גאַנץ קאַלטלעך אויף; עקיבאס באַזאָרגטקייט וועגן איוועץ ביז ער געפינט קוים פאַר איר אַ צימער אין דעם רייכן שטאָטהאָטעל; יעלענאַ אפרת׳ס באַווייזן זיך אויף דער שוועל פון איוועס האָטעל־צימער — איר פאַרדאַכט, אַז איווע איז אין נאָענטע באַציִונגען מיט עקיבאן אין וועמען זי, דעם פּראָפעסאָרס שיינע, פאַרזעסענע טאָכטער, איז אַליין פאַראינטערעסירט; איוועס אומדערוואַרטעטער אַריינ־קום אין דעם העל באַלויכטענעם זאַל פון דאָקטער אפרת׳ס הויז ווו עס קומט פאָר יענעם אָוונט די פייערונג פון זיין זיבעציק יעריקן יובילײ;

די פליאַטקעריי פון די עלעגאַנט אויסגעפּוצטע פרויען — זיי שטעכן זי דורך מיט די אויגן; איוועס דערקענען אויפן זאַל איינעם פון די „העפלעכע" קעלנערס, וואָס האָט ערשט נישט לאַנג, ווי נאָכשפּירנדיק, געדרייט זיך אַרום איר אין האָטעל; די פּלוצימדיקע ידיעה, אַז מען האָט כּיירוסן, מיט וועמען זי האָט דווקא איצט געוואָלט זיך זען, בסוד אַרויסגעפירט פון דאַנען, מחמת די אָכראַנקע האָט דאָ דערשנאָפּט עפּעס פאַרדעכטיקס; דאָס גאַלאָפּירנדיקע יאָגן זיך ביי נאַכט דורך די בלאָטיקע וועגן אין דאָרף אַריין צו בעטן ביי גבריאלן אַ פּאָר בעסערע פערד מען זאָל וואָס גיכער זיך דערשלאָגן צו דער גרענעץ; די שקלאָ־וטריא אין יענער „וואַכנאַכט" אין דעם פינצטערן דרויסן צווישן גבריאל און עקיבאַן, שוין נישט ווי מיט דעם אשמדאיס, נאָר ווי מיט זיין אייגענעם זון; די מורא נישט אַריינצו־פאַלן אין פּאָליציייִשע הענט, — די אַלע פאַרכאַפּנדיקע מאָמענטן זיינען אין זייער פּאַבולאַרן צוזאַמענשטעל, אַזוי אויך אין דער בעלעטריסטישער פאַרפיקסירונג, מיילן ווייט פון יענער פלאַכער, דערציילערישער אַנגע־צויגנקייט, וואָס האַלטן דעם נאַיִוון לייענער אין ביליקער שפּאַנונג.

דאָקטער אפרת איז די אויטענטישע פאַרקערפּערונג פון אַ טיפּישן אַסימיליאַטאָר. שעכטמאַן דרינגט מיט געניטקייט אַריין אין דער פּסיכאָ־לאָגיע פון אָט דעם שוין צוגעגעסענעם טיפּ ייִד, וועלכער איז דערווייטערט און אָפּגעפרעמדט פון זיין אייגן פאָלק. ער־טערווייז איז פאַראַן אַ געוויסע נישט אויסגעהאַלטנקייט אין דער כאַראַקטעריזאַציע פון אַ טייל געשטאַלטן. מיר געדענקען ווי אַבושל חריף האָט יענעם פרימאָרגן אין בית־מדרש נישט געלאָזט צוגיין יצחקן צו עליה, וואָרפנדיק אים אין פּנים כּיירוסעס שמד מיט דעם זאָג: ובערת את הרעה מקרבך. אויף אַן אַנדער אָרט טרעט גאָר דער זעלביקער אַבושל אַרויס אַלס אַ שבתי־צביניק, פּאַר אַ וועלט פון כּולו חייב. און דאָס קומט פאַר, ווי מאָדנע, גראָד אין אַ שמועס מיט איוועץ. אפשר מיינט דאָ דער מחבר אַרויסצוברענגען אַבושלס רעליגיעזן איבערברוך?

עס איז שווער אין שעכטמאַנס איצטיקן ווערק אויסצוטיילן אין צענ־טראַלע געשטאַלט אַרום וועלכער עס זאָל זיך וועבן די גאַנצע פאַבולע. באַגלייך אַנזעעווודיק אין דעם סיפּור־המעשׂה זיינען איווע, די מומע ליבע, גבריאל, יצחק, עקיבא און אויך דניאל, וואָס אַפילו נאָך זיין טויט שווימט ער אַלע מאָל אויף אין זכרון פון די לעבעדיקע העלדן. דניאל איז דאָס

אומבאַפּלעקטע שיינדל אין דער באַיאַר־משפּחה.

פּאַרטרעטיש פּאַרטיפּט איז די יצחק־געשטאַלט. דער לעצטער איז כּסדר פאַרנומען מיט שניצן הילצערנע שטעקנס. טאָמער, חלילה, ברעכט אויס אַ פּאָגראָם, זאָל זיין מיט וואָס זיך קעגנצושטעלן. בעת כּיירוס דער־קלערט אין יענער פּחדימדיקער נאַכט ווען זי לאָזט זיך מיט איוען אַוועק צו דער גרענעץ, אַז זי קאָן מער נישט אָטעמען מיט דער לופט פון דער קרעטשמע־שטוב, וויל יצחק נישט, פון דעסטן, זיין טאָכטער זאָל „אין מיטן וועג וואַרפן די לוחות".

יצחק, גבריאל, די מומע ליבע און אויך עקיבא פאַלן אַריין אין תּפיסה אונטער דער באַשולדיקונג, אַז זיי האָבן טאַקע אין יענער נאַכט געהאָלפן כּיירוסן און די אַנדערע אַריבערשוואַרצן די גרענעץ פון לאַנד. פון די דערפער און כוטאָרס זיינען פיל פון דער פאַרצווייגטער באַיאַר־משפּחה זיך צונויפגעפאָרן אין שטאָט אַריין, אַוועקגעשטעלט זיך מיט פערד־און־וואָגן פאַר דער תּפיסה, אויפצוהויבן צוזאַמען אַ געשריי, מען זאָל די אומשולדיקע שבוים אַרויסלאָזן פריי. צווישן המון האָט זיך אויך געפונען דער אַלטער נתן לאַנדע, אָנגעטאָן אין טלית און תּפילין. עס קומען אָן די פּני העיר. זיי הייסן די וואַלדיידן צוריקפאָרן אין די דערפער. די אָנגעשראָקענע שטאָט־באַלעבאַטים קוקן מיט חידוש און פאַרדראָס אויף נתן לאַנדע דעם „אוהב ישראל", הלמאי ער שטעלט זיך אַרויס פאַר דעם פּראָסטן פאָלק און באַפלעקט אַזוי אַרום זיין גוטן נאָמען... אויך אַבוש טרעט אַרויס קעגן די קהלשע קאָכלעפל, וואָס חנפענען זיך צום מלכות. דער אַלטער דיין פּאַלט פון אַ קאָזאַקישער קויל אין מיטן פון זיין פלאַמיקער דרשה. עס קומען אויך אום דורך די הענט פון די קאָזאַקן צוויי קינדער פון דער באַיאַר־משפּחה. אייניקע ניואַנסן אין דער מאַסן־שילדערונג זיינען בכּוונה צוגע־טראַכט, אָבער אין גאַנצן גענומען איז די פאַרזאַמלונג אַרום דער תּפיסה אַן עכט קינסטלערישע פאַרקערפּערונג, וואָס איר היסטאָרישער אמת איז נישט אָפּצולייקענען.

דער אומגליק מיט זכריה און שמחה האָט די גאַנצע באַיאַר־משפּחה געלאָזט אין טרויער. איינער פון די ברידער האָט נאָך באַוויזן פאַר זיין אויסהויכן דעם לעצטן אָטעם, צו דערציילן וועגן דער רציחה פון די אויפ־געצאָרנטע פּויערן בשעת זיי זיינען פאַרבייגעפאָרן דעם אין פייער אַרומ־געכאַפּטן פּריצישן גוט. אויפן וועג צו זכריהס קבר פּרווון די קאָזאַקן

פֿאַרהאַלטן די לוויה. די באַיאַרס רייסן דאָך זיך דורך מיט דעם אָרון צווישן צוויי שטרענג־באַוואָפנטע זשאַנדאַרמען־רייען. שעכטמאַן דער קינסט־לער מיט יידישן וועלט־באַנעם, לייגט דאָ אַריין אין מויל פֿון זיין העלד פֿאָלקס־אָנרעגנדיקע ווערטער. יצחקס דיבורים זיינען, מיט זייער ביטערן אמת, ווי אָנגעמאָסטן אויך פֿאַר אונדזער צייט.

אויפֿטרייסלענדיק ביז גאָר ווירקט די שילדערונג פֿון נעכעס טויט, באַזונדערס, ווען זי ציט אונטער איר לעצטן חשבון מיט גבריאלן, הלמאי ער האָט, ווי זי טענהט, „פֿאַראומרייניקט איר לעבן". זי וואַרפֿט אים אויף דעם עקיבא־חטא. גבריאל, ווי אַ פֿאַרזינדיקטער, בעט זי זאָל שווייגן. די גוססע נעכע ווייסט, מסתמא, אַז סטיסיע טראָגט אונטער איר האַרצן נישט דעם דערמאָרדעטן שמחהס יורש, נאָר גאָר זיין פֿאָטערס. גבריאל, דער אומגעצוימטער אין זיינע הייסבלוטיקע אויסברוכן, זאָגט טאַקע אָן אין דער משפּחה, מען זאָל סטיסיע באַהאַנדלען ווי אַן אייגן קינד...

סטיסיע קאָן מער נישט שטיין אין גבריאלס הויז, הגם ביי אַן אַנדער סיטואַציע שטעלט זי זיך, נאָך אַלעמען, אַרויס פֿאַר זיין כּבוד. זי קערט זיך אום מיט איר אָרעם געפּעק אַהיים צו איר טאַטן דעם שמיד, ווען זי האָט מיידלווייז געהאָלפֿן ביי דער קאָוואַדלע.

אין פֿערטן בוך טרעפֿן מיר ווידער אַברהמען בעת ער קערט זיך אום פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה מיט זיין צום צווייטן מאָל פֿאַרווונדעטן פֿוס. אויף די שליאַכן טראָגן, פֿאַר זיינע מיט ווי פֿאַרלאָפֿענע אויגן, זיך פֿאַרביי גרויליקע בילדער פֿון מלחמה און פּאָגראָמען. אָט זעט ער אויף אַ תּליה הענגען אַ ייִד. ער שטרענגט זיך אָן, הינקענדיק אויף זיינע קוליעס, דורכצושניידן דעם שטריק און ברענגט דעם יידישן קרבן צו קבורה. ווייטער טרעפֿט ער ליגן אַנדערע אומצאָליקע הרוגים. שלעפּנדיק זיך מיט גרויס מאַטערניש איבער די האַרבסטיקע וועגן, טראַכט אַברהם מיט בענקשאַפֿט און אומרו וועגן זיין ווייב און קינדער. ער לעבט נאָך אַ מאָל איבער די דערשיטערנדיקע מינוט פֿון שמריהס טויט. אַברהם קאָן נישט פֿאַרגעסן ווי ער האָט דעם פֿעטער מיט ווען ער איז צוזאַמען אַוועק אין מלחמה, געטראָגן — אַ גוסס אויף זיינע אַקסלען. אין דער נאַכט־פֿינצטערניש דערטראָגט זיך צו זיין אויער דער היימישער סקריפּ פֿון פֿערד־און־וואָגן. טאַקע אין יענעם וואָגן זיינען פֿאָרנדיק געזעסן אַברהמס

פּאָטער און די מומע ליבע. פּאָרנדיק ביי נאַכט דורכן וואַלד, טענהט די „שיינע און קלוגע" זיך אויס מיט דעם אַלמעכטיקן:

„אויף דיין וועלט — זאָגט זי — גיסט זיך מענטשלעך בלוט ווי וואַסער... הער, רבונו־של־עולם, ווי דאָס פּאַרגאָסענע בלוט שרייט צו דיר! די שׂנאה וועט שוין באַלד פּאַרפּלייצן און דערטרינקען אַלע הייליקייטן און ריינקייטן. רבונו־של־עולם, באַווייז אַ נייעם רעגנ־בויגן, אַ רעגנבויגן פון ליבשאַפט".

דאָ נעמט צווישן יצחק און ליבע, ווי זייער שטייגער איז, זיך פונ־אַנדערוויקלען אַ שמועס וועגן וועלט, מענטש און משפחה. אָנטרייבנדיק די פערד, באַמערקט פּלוצים יצחק אין דער ווינטיקער נאַכט ווי עמיצער באַוועגט זיך אין מיטן וועג. יצחק שפּרינגט אַראָפּ פון וואָגן און, צוקומענ־דיק נענטער, דערקענט ער זיין זון.

די מומע ליבע, כאָטש זי ווייסט שוין, אַז שמריה איז אומגעקומען אויפן פראָנט, דערוואַרט נאָך אַלץ פונעם פּלימעניק, ער זאָל איר ברענגען אַ גוטע בשׂורה פון איר מאַן. אַברהם גיט איר גאָר איבער אַ גרוס פון שפרהן. בעת ער און שמריה זיינען געשטאַנען אויף דער וואַך, האָבן זיי זי געזען פאַרבייגיין מיט אַ גענעראַל צו אַ קאָנצערט... אַוודאי וואָלט די מומע ליבע, דער אויסדריקלעכער טיפּ פון אַ ייִדישער מאַמען, מער צופרידן געווען ווען שפרה וואָלט כאָטש אַוועק אין דער וועלט זוכן דאָס וואָס איז שיין פאַר גאָט און פאַר לייט. די חלומות וואָס כיירוס, איווע און עקיבא האָבן געשטרעבט צו פאַרווירקלעכן, האָבן שפרהן נישט מיטגעריסן. „איר גוף — זאָגט די ערלעכע מומע ליבע — האָט אויפגעפרעסן די נשמה, זי האָט די שיינקייט אירע פאַראומרייניקט". ווי יצחק איז אויך ליבע נישט באַגייסטערט פון די נייע תּורות. דאָך פילט צו איר איווע אַן אינערלעכע התקרבות. שעכטמאַן שענקט דער פּרעכטיקער ליבע־געשטאַלט אַ סך קינסטלערישן אויפמערק. דערוויל ווערט וועגן אַברהמען נישט דער־ציילט ביזן סוף פון דעם פערטן בוך.

מיר האָבן שוין אויבן אָנגעוויזן אויף דער גערעכטקוועדיקער מאַסן־שילדערונג אַרום דעם אַרעסט פון די אַלטע באַיאַרס. מען האָט זיי ערשט אַרויסגעלאָזט אויף דער פריי נאָך דעם ווי כיירוס האָט זיך אַליין איבער־געגעבן אין די הענט פון דער אָכראַנקע. אָבער אומקערנדיק זיך נאָך פינף

חדשים אָפּזיצן אין תּפיסה, האָט יצחק געפונען די קרעטשמע־שטוב פאַר־
העמערט.

דער באַיאַרן־שבט איז אויף דעם שטיקל ערד, ווו עס איז געשטאַנען
די קרעטשמע, דורכגעגאַנגען פיל גלגולים. אויף אָט דער ערד האָט דער
עלטער־זיידע פון די באַיאַרס „עזרא אָבינו" דער ערשטער פאַרלייגט זיין
נעסט, בעת ער איז אַנטלאָפן פון אַ בלוט־בלבול אין דייטשלאַנד. גאָר אַמאָל
האָט דער פריץ פון דער געגנט פאַראָרדנט די קרעטשמע צו פאַרברענען,
מחמת איינער פון די באַיאַרישע עלטער־זיידעס, אַן אַרענדאַר, האָט זיך
נישט אונטערגעגעבן דעם „יאַשני וויעלמאָזשניס" באַפעל צו טאַנצן פאַר
אים דעם בערן־טאַנץ אין סאַמע פרייטיק־צו־נאַכטס. ווי אַ סימבאָל פון
דורותדיקער אַלטגעזעסנקייט האָט אַן אַנדער נאָכקומענדיק אייניקל פון די
באַיאַרס אַריינגעבויט די דריַי אָפּגעברענט־פאַרבליבענע קלעצער אין דער
אויף ס׳ניַי אויפגעשטעלטער קרעטשמע. איצט האָט יצחק אין גאַנצן פאַר־
לוירן דאָס רעכט דאָ צו וווינען.

גבריאל וויל, תּחילת, זיך נישט אונטערגעבן דעם בייזוויליקן גזר פון
דער צאַרישער מאַכט. ניין, ער איז נישט „ווי יצחק וואָס האַלט, אַז ער
איז אין גלות". אים וועט מען פון דאַנען נישט פאַרטרייבן. ער איז „דאָ
אין לאַנד אַזאַ באַלעבאָס ווי אַלע אַנדערע". גבריאל באַנעמט אָבער דאָך,
אַז ער מוז עוקר זיין פון זיין נחלה אין וועלכער ער האָט אַריינגעלייגט
אַזוי פיל לעבנס־פּראַצע. ווען אַלע אין דער משפּחה קומען אין דער
איינציק פאַרבליבענער שטוב אים באַזוכן, טרעפן זיי אים אַ קראַנקן ליגן
צו בעט. ער איז אין כּעס אויף זיי, הלמאי זיי האָבן אַזוי לייכט געלאָזט זיך
פאַרטרייבן. פלוצים רייסט ער זיך אין איינעם העמד אַראָפּ פון בעט
אָפּזוכן אין פאָדערהויז די שטוביקע האַק. דאָ וועלן מיר אָפּגעבן אָרט פאַר
פאָלגנדיקן פאַסוס:

„אַלע טוען זיך אַ רוק אָפּ צו דער וואַנט און בלייבן שטיין מיט
אויפגעריסענע אויגן פון פּחד. ער קוקט ניט אויף קיינעם פון זיי.
מיט דעם רעכטן פוס רוקט ער אָפּ דעם טיש פון וועג און זאָגט
נאָך שטילער, שוין מיט אַזאַ קול, אַז ס׳נעמט זיי טאַקע קילן דאָס
בלוט אין די אָדערן:

— אויף מיין שטול וועט קיינער פון אייך ניט זיצן! — און

ער נעמט האַקן די דעמבענע שטול מיטן הויכן, ביז דער סטעליע, געשניצטן ווענטל. און אַז די שטול צעפאַלט זיך און וואַלגערט זיך שוין שטיקערווייז אויפן דיל, דרייט ער זיך האַסטיק אויס, לויפט צו צום אָרון־קודש, ווו הינטער דעם גרין־סאַמעטענעם פרוכת מיט די צוויי גאָלדפעדימדיקע לייבן שטייט די רייניקייט, די ספר־תורה, און פאַרהייבט די האַק: — נאַדיר אויך, רבונו־של־עולם!... — און דאָ, אויפגעהויבן די האַק אויפן אָרון־קודש, פליסן אים אַלע בליטן פון פנים אָפּ, ער ווערט ווייַס, טוט זיך אַ וואַקל און פאַלט טויט, אויסגעצויגענערהייט, מיט דער האַק אין דער האַנט, אויף דער ערד".

ג.

גבריאלס טויט לאָזט איבער דעם רושם ווי עס וואָלט אָקערשט גע־פאַלן אַ ריזיקער שטאַמבוים וואָס אַן אומגעהויערער כוח, אַ מעכטיקער ציקלאָן, האָט אים אונטערגעבראָכן. אין זיין אונטערגעצויגענעם לעבנס־סך־הכל איז גבריאל נישט שוה בשוה געווען מיט דער וועלט און נישט מיט גאָט. מיט זיין אָפּשטאַרבן האָט דער צעטל פון די פאַרפעלטע אין דער באַיאַר־משפחה זיך נישט געענדיקט, ווי מיר וועלן דאָס זען אין פינפטן בוך, וואָס דער מחבר האָט אָנגעשריבן רעזידירנדיק שוין אין ישראל.

תחילת זיינען צווישן ליטעראַטור־אויטאָריטעטן געווען חילוקי־דעות: צי וועט דער קינסטלער אין דער נייער יידישער מדינה בייקומען זיין מיגראַנטישן דואַליזם און קאָנען ווייטער ממשיך זיין די „ערב"־עפּאָפּעע וואָס איר ערשטע גרעסערע העלפט האָט ער אָנגעשריבן אין רוסלאַנד. דאָרטן האָט דער שרייבער איבערגעלאָזט אַ גייסטיקע ירושה פון דורות־דיקער, יידישער באַזעסנקייט פון וועלכער ער האָט געשעפּט, לויט די סאָוויעטישע באַדינגונגען, שעפערישע יניקה. דאָ דאַרפט ער ערשט זיך אַריינפּאַסן אין אַן אַנדערער וועלט. צי וועט דעם קינסטלער לייכט אָנקומען דאָס איבעררייסן מיט דעם „דאָרטיקן" אויפן חשבון פון „דאָיקן" אין אַ נייער יידישערווירקלעכקייט, וואָס איז עלול אים שעפעריש צו באַווירקן?

ווי מיר זעען, איז שעכטמאַן אַרויס פון דער דילעמע מיט הצלחה.

אַ סברה, אַז דאָס זיינען שוין די לעצטע קאַפּיטלען פון דעם ווערק „ערב". מיר האַלטן שוין ביים אויסברוך פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. אַ בייזע כוואַליע פון אַכזריותדיקע רציחות פאַרשווענקט די פּאָליעסער ערד, ווו די באַיאַרס האָבן דורך דורות געלעבט און זי דורכגעווייקט מיט זייער בלוט און שוויס. דאָס לאַנד, באַהערשט פון צאַריזם, איז אויפגע־רודערט. עס קומט פאָר אַ געראַנגל צווישן פיינדלעכע כוחות און ווי שטענ־דיק, זיינען יידן די קרבנות. אויפן דאָרף צעשטעכן פּאָגראָמשטשיקעס נחומען מיט מעסערס און לאָזן אַוועק אין פייער זיין הויז. סטיסיע באַוויזט קוים אויפצוקלויבן זיינע פאַרקוילטע ביינער. אויך איר קינד פאַלט אַ קרבן פון באַנדאַן כמיעלניצקיס אייניקלעך. די מומע ליבע האָבן די קאָזאַקן אַוועקגעשלעפּט אין וואַלד און זי ערגעץ לעבעדיקערהייט באַגראָבן, בישט צו וויסן ווו איר געביין געפינט זיך. סטיסיע האָט קוים זיך דערשלאָגן אין שטעטל מיט איר מאַנס פאַרקוילטן נשאר אין פאַרטוך און מיט איר טויט קינד אויף די הענט. אויך דאָ האָבן די רוצחים אַלץ פאַרטרונקען אין יידיש בלוט, איבערלאָזנדיק דאָס שטעטל אין חורבות. סטיסיע רייסט זיך אַריין אין קלויז און לייגט איר טויט קינד אַוועק אין אָפענעם אָרון־קודש מיט אַ תּביעה צו גאָט, ער זאָל צוריקברענגען צום לעבן איר איינציק קינד. דניאלקע דער מומע ליבעס זונדל טרעט נישט אָפּ פון איר.

אויפגעטרייסלט פון דעם שרעקלעכן פאָלקס־אומגליק, פרווון יידן, מתוך יאוש, מאַכן פאַרשידענע גאָטספאַרכטיקע פירושים. איין ייד דרינגט, אַז דאָס שטעלט דער אויבערשטער זיין פאָלק פאַר אַ מוראדיקן נסיון. אַן אַנדערער פּשטלט, אַז די אַ צרות וועלן שוין ברענגען די ענדגילטיקע גאולה — „ווער קאָן משיג זיין גאָטס דרכים?" ווי דער שטייגער, קומען אויך אַנדערע אַרויס מיט לעסטערנדיקע טענות צום אַלמעכטיקן, הלמאי ער שטראָפט אַזוי זיין פאָלק.

בעת סטיסיע וויל אַ פאַרקלעמטע נישט אָפּטרעטן פון אָרון־קודש, וואַרטנדיק מיט פאַרבראָכענע הענט אויף תּחית־המת פון איר זרחל, לאָזט יצחק הערן זיין קלאָגנדיק קול צו גאָט:

„— וואָס ווילסטו אויפטאָן מיטן בלוט פון אונדזערע קינדער? פאַר וואָס גייען מיר יאָ אויף קידוש־השם און פאַר וואָס גייסט דו נישט אויף קידוש־העם?"

ערשט ווען דניאלקע הייבט זיך אויף אַ פאַרוויינטער פון הינטערן

שטענדער, ווו ער איז געזעסן אויף דער ערד און זאָגט איר: „געגנוג שוין דאָ צו זיצן און קלאָגן", רוקט זי זיך אָפּ פון אָרון־קודש. סטיסיעס מוטער־לעכע אויפזיכט איבער דניאלקען דערוועקט אין אים פאַרבאָרגענע יוגנט־לעכע געפילן. זי ווייסט, אַז דאָס בחורל האָט זי ערנסט ליב און איז גרייט פאַר איר צו גיין אין פייער. בעת זי גאַלאָפּירט אַוועק אין פעלד, פאַרביי דעם שרעקפולן וואַלד, לאָזט דניאל זיך נאָך אירע שפורן, צו וויסן וואָס מיט איר האָט געטראָפן.

פון פשוטער דערפאַרונג וויסן מיר, אַז יעדע דערשיינונג אין לעבן איז באַדינגט פון דער באַשערטקייט. גאַנץ אָפט טרעפט, אַז אַ יחיד מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער וויל זיך נישט פאַרלאָזן אויף דעם בלינדן גורל און נעמט אים אַליין, ווי מען זאָגט, אין די הענט אַריין. אַזאַ איז געווען שפרהס לעבנסוועג. אָבער נישט אַלע מאָל קומט אָקעגן דאָס גוטע לויטן אייגענעם ווילן. גאַנץ אָפט בלייבט מען ווי אויפן וואַסער. איר מאַן, דעם רוסישן גענעראַל, האָבן די אייגענע צאַרישע שלאַכט־חברים דערשאָסן, מחמת ער האָט אַנדערש געדענקט וועגן דער אויסגאַנג פון די געשעענישן אין רוסלאַנד. איצט וויל זי, אין די גאָר הויכע טעג פון איר שוואַנגערשאַפט, זיך דערשלאָגן צו דער מאַמען. זי טרעפט דאָס וואַלדשטיבל חרוב פאַר־ברענט. פון נישט וויטן שטעטל טראָגן זיך נאָך אַלץ די ווייגעשרייען פון דעם פּאָגראָם. עס טרייבט זי פון דאַנען די דראָענדיקע שרעק פאַר מענטשלעכער הפקרות און מאָרד. זי קומט צו אַ באַנטראַקט, ווו אַ מאַשי־ניסט האָט אויף איר רחמנות און לאָזט זי אײַנשטײַגן אין לאָקאָמאָטיוו. גראָד איז דער פראַכטצוג באַזעצט מיט באַוואָפנטע פּאָגראָמשטשיקעס. ווייטער דערשלעפּט זי זיך קוים, אין שווערע ווייען, אין שטאָטישן קימפּעט־שפּיטאָל. דער אַלטער דאָקטער אפרת דערקענט זי צווישן די פיל פאַר־ווונדיקטע. ער באַשליסט די אויסגעמאַטערטע קימפּעטאָרין, אין דער אַטמאָספערע פון ייִדן־שׂנאה, צו רעגיסטרירן אַלס ציגײַנערין. נאָכן אָפּגעבן דאָס קינד, פאַלן פון שפרהן אָפּ די לעצטע כּוחות און זי שטאַרבט.

איוווע האָט אַמאָל געזאָלט זיין „דאָס שיינע ליד פון דניאלס לעבן". גראָד איר האָט דער גורל באַשערט אויסצוטרינקען אַלע ביטערנישן פון לעבן. באַדינענדיק אין שפּיטאָל די פאַרוווּנדעטע, הערט זי, בשעת מעשׂה, זיך צו צו די אַרויסגעזאָגטע מחשבות פון דעם פאַריאושטן אַסימילאַטאָר, דאָקטער אפרת, וועלכער קומט ענדלעך צום ייִדישן אויספיר פון „בדמיך

חיי". דער אַלטער פּראָפעסאָר מאַכט דורך אַליינמאָרד אַ סוף צו זיין לעבן נאָך דעם ווי זיין טאָכטער יעלענאַ און דאָס אייניקל זיינען אָפּגעגאַנגען אין בלוט.

אַזוי פירט שעכטמאַן אונטער אַ בילדעריש געשילדערטן סך־הכל פון פאַרגאָסן ייִדיש בלוט וואָס דער רוסיש־יאַפּאַנישער קריג, די ערשטע וועלט־מלחמה, די רעוואָלוציע און פּאָגראָמען האָבן אָפּגעקאָסט דער ייִדי־שער אומה אין רוסלאַנד. די געשטאָרבענע און אומגעקומענע באַיאַרס ווערן נאָך זייער טויט נישט פאַרגעסן. דער קינסטלער לאָזט זיי אויפלעבן אין זכרון פון די לעבנגעבליבענע. אַפילו עזרא, די אור־גזע פון דעם באַיאַר־שטאַם אויף דער פּאַליעסער ערד, ווערן צוזאַמען מיט דעם אַלטן זרחל דערמאָנט ביזן סוף פון ווערק.

גבריאלס זין וועלוול און גפתלי פּרווון באַנייס אויפשטעלן אויף אייגע־נעם פאַרמאָג אַ גרויסע ווירטשאַפט אויפן פאַרנעם פון דעם טאַטנס אַמאָ־ליקער נחלה. און איינער פון מאַטעס קאָוואַלס זין חזרט איבער יצחקס געדאַנק צו שמידן מעסערס אויף צו האָבן מיט וואָס זיך אַקעגנצושטעלן די אַנפאַלערס. יצחק איז גערעכט, זאָגט מאַטעס, „אָבער וואָס קאָנען מיר אויפטאָן מיט אונדזערע מעסערס אַנטקעגן ביקסן און שווערדן? און וויפל זיינען מיר און וויפל זיינען זיי?"

אברהם קערט ווידער זיך אום אַ פאַרוואונדיקטער, דאָס מאָל פון די וועלדער ווו ער קעמפט מיט די פאַרטיזאַנער. ער ברענגט מיט זיך אין שטעטל אַריין דעם גייסט פון דער אויפברויזנדיקער רעוואָלוציע. נישט אַלע זיינען פאַרגלויבט אין אָט דער גאולה, ווייל אויך די רעוואָלוציע שמעקט מיט בלוט און אומרעכט. בעת אַ הייסער דיסקוסיע קומט זאַב־וואָלפס טעכטערל, די העברעיִש־לערערין, אַריין מיט דער בשורה פון דער פּראָקלאַמירטער באַלפור־דעקלאַראַציע. הערש־לייב, דער בונדיסט, פרעגט אָפּ די גאַנצע זאַך, ווייל „ווי אַזוי וועט זי, אסתר, אויפהויבן פינף מיליאָן רוסישע ייִדן און זיי פירן מיט ווייב און קינד קיין פּאַלעסטינע, און וואָס וועט זי זיי פירן, אויף וועגענער?"

סטיסיע געטרויט נישט די קברנים זיך מטפל צו זיין מיט דעם טויטן קערפּערל פון איר קינד, מחמת יענע, זאָגט זי, אַרבעטן פאַר געלט און זיינען נישט מסוגל צו אַכפּערן די הייליקייט פון דעם קרבן. זי לאָזט אַליין

דאָס דערמאָרדעטע קינד אַראָפּ אין קבר, עס זאָל רוען צוזאַמען מיט די פאַרברענטע ביינער פון איר מאַן.

סטיסיע איז באַנומען פון אַ ברענענדיקן דורשט נאָך נקמה. קומענדיק פון בית־עולם, גייט זי אום אין וועלוולס שטוב, ווי זי וואָלט עפּעס געזוכט. אַט געפינט זי אין שופלאָד אַ שאַרפן געצייג און וואַרפט אים גלייך צוריק. אַן אַנדערער מכשיר איז אויך נישט טויגעוודיק. סטיסיע נעמט אַרויס פון אַברהמס רוקזאַק דעם נאַגאַן און שאַרט זיך אומבאַמערקט אַרויס אין דרויסן. זי שפּאַנט אויס דאָס פערד פונעם וואָגן אין וועלכן עס ליגט נאָך דער פאַרשניטענער ברוך, ווען עס איז שוין לאַנג צייט קובר צו זיין. זי צוואַלעוועט אַוועק אויף דעם אומגעזאַטלטן פערד אין דאָרף אַריין, ווו עס הוליען דער אַטאַמאַן און זיינע מאָרד־שותּפים נאָך דער אָקערשטער שחיטה. אַן אומגעווייגלעכע, סודותפולע קראַפט טרייבט זי דאָרטן אַהין מיט דעם ניכטערן באַגער אָפּצוצאָלן בלוט פאַר בלוט. דאָס איז דאָך איר נישט פאַרגעסענע ליבע צו גבריאל וועלכע האָט איר געגעבן אַ קינד — זרחל, זיין ירושה־טרעגער. זי האָט אַלע מאָל זיך איינגעשטעלט פאַר גבריאלס כּבוד. איצט וועט זי נקמה נעמען פאַר זיין אויסגעלאָשן לעבן. זי נאַרט זיך אַריין דורך דער שטרענגער וואַך אין דער שטוב, ווו עס זיצט דער אַטאַמאַן אַרומגערינגלט פון זיין מערדער־באַנדע. איר דרייסטער שאָס טרעפט זיך צופעליק צונויף מיט דעם רעוואָלווער־שאָס פון דער נעבנזיצנדיקער אַטאַמאַנשע, וועלכע צילט אים גלייך אין קאָפּ.

שעכטמאַן דער קינסטלער האָט מיט אַ כּיוון אויסגעהיטן די מוט־ווילקע סטיסיע פון אַ מעשה־רע וואָס פּאַסט נישט פאַר דעם כּבוד פון די באַיאַרס. דורך אַ נס גליקט איר אָפּ אויסצומיידן דעם טויט־משפּט פון די רוצחים. מיר זעען זי צוזאַמען מיט דניאלקען אַנטלויפן צוריק אין שטעטל.

ביז אַהער האָבן מיר אַנגעוויזן אויף אַ מענגע כאַראַקטערן און סיטואַציעס אין ע. שעכטמאַנס גרויס ווערק „ערב". מיר זיינען אָבער נישט אין שטאַנד איבערצוגעבן די פאַרכאַפּנדיקע שיינקייט און אָנצינדיקייט פון זיין ליריש־באַהויכטער פּראָזע, וואָס איז רייך מיט זאַפטיקע נאַטור־שילדע־

רונגען, געמאָלן מיט אַ רייכער שפּראַך. ווייניק יידישע שרייבערס זיינען אַזוי באַקאַנט מיט דער נאַטור ווי דער קינסטלער פון דער „ערב״־עפּאָפּעע. ע. שעכטמאַן ווייסט אַנצורופן ביים נאָמען אַלערליי ערדגעוויקסן, פאַר־שידנמיניקעביימער, בלומען און פלאַנצן לויט זייערע שמעקנדיקע ריחות אין דער לופט. ער ווייסט פיל נעמען פון כל מיני פעלד־באַשעפענישן און שרצים. נישט זעלטן קומט שעכטמאַנען אויס קינסטלעריש זיך אַ לאָז אַרויף צו טאָן אויף אַ נסיעה אין די הימלישע ספערן, ווו ער איז פאַן־בראַט מיט דער זון „דער האָרעפּאַשניצע פון דער וועלט״, מיט דער סערפּ־לבנה, מיט דער האַלב און פולער לבנה און מיט די גרין־גלימצערנדיקע שטערן. דאָס אַלץ מאַכט שענער און אינטערעסאַנטער דאָס בעלעטריסטישע ווערק.

שעכטמאַנס שרייבערישער סטיל איז געדיכט דורכגעוועבט מיט אידיאָ־מען נישט בלויז אין דער נאַראַציע, נאָר אויך אינעם לשון פון זיינע העלדן. דער כּוח פון זיין קונסט ליגט אינעם שלל פון פיקטיווע איינפאַלן וועלכע האָבן דאָך אַ שייכות צו דער רעאַליטעט.

לייענענדיק ע. שעכטמאַנס עפּאָפּעע „ערב״, זיינען מיר כּסדר אונטערן רושם, ווי מיר וואָלטן געשטאַנען פאַר אַ ריזיק בילד פון וועלכן עס קוקן אַראָפּ אין העלע, ווי אויך אין שאָטנדיקע קאָלירן, דעטאַל געמאָלענע פיגורן פון אַ גרויסער משפּחה מיט איר גאַנצער הויז־באַלעבאַטישקייט: עלטערן, קינדער און קינדס־קינדער, שטובפלאַנצן, הויז־באַשעפענישן און אַפילו אויך דאָס באַק־לעמעלע, וואָס טרעט נישט אָפּ פון דער קראַנקער, אָפּגעשוירענער נעכע — גבריאלס ווייב.

מיר האַלטן שוין ביים סוף פון בוך. דעם לייענער ווילט זיך אָבער וויסן וואָס עס איז ווייטער געשען מיט סטיסיען (נישט אין גוסט פון אַ מעשׂה אָן אַ סוף). אויך ווילט זיך וויסן וואָס עס האָט ווייטער געטראָפן מיט עקיבאן, מיט אַברהמען דעם פּאַרטיזאַן, מיט דעם רעווקאָם וועלוול און מיט דעם גאָר יונגן דניאלקען, וואָס האָט געזאָלט אויסוואַקסן צו אַ „שיינעם בוים אין דער באַיאַר־משפּחה״. זייער ווייטערדיקער לעבנסגאַנג געהערט שוין צו אַן אַנדערער תּקופה.

1972

# אַ היסטאָריש ווערק פון אַ גרויסן קינסטלער

אַלס שרייבער געהערט האָווארד פאַסט צו דער רייכער, ענגלישער ליטעראַטור, ווו ער איז פאַרטראָטן מיט אַ ריי ווערטפולע ווערק צווישן וועלכע „דאָס בעסטע און וויכטיקסטע", ווי דער מחבר אַליין האַלט, איז „ספּאַרטאַקוס". די קינסטלעריש אַרויסגעבראַכטע געשעענישן אין דעם ווערק האָבן אַן אַלגעמיינע שייכות צו די פאַרלויפענישן אין אונדזער אַלטערטימלעכער געשיכטע. די אַכזריותדיקע טיראַניע פון דער רוימישער ממשלה האָט אין יענעם צייטאַלטער, ווי מיר ווייסן, אויך נישט אויסגעמיטן אונדזער פאָלק. דער אויטאָר לאָזט אונדז וויסן, אַז „די דאָזיקע געשיכטע הויבט זיך אָן אין יאָר 71 פאַר קריסטוסן". דאָס איז, אַן ערך, 8 יאָר נאָך דעם טראַגישן קריג צווישן די חשמונאים־ברידער הורקנוס און אַריסטובולוס. אין יענער צייט האָבן די רוימער שוין געהערשט אין יהודה ביד־חזקה. איינער פון די מושלים האָט דעמאָלט זיך אויסגעדריקט, אַז ער האָט „פאַר די אונטערדריקטע בלויז איבערגעלאָזט די זונשיין". אין אַ גערייד צווישן די באַקלעמטע שקלאַפן וועגן דעם אַמאָליקן קאַמף פון די סיציליאַנער משועבדים, דערמאָנען זיי, ווי עס דערציילט זיך אין בוך, די העלדן, אַכילעס, העקטאָר, אָדיסייוס און אויך די גבורים פון קאַרטאַגאָ, דעם טראַציער סאַלוויוס, דעם גערמאַנער אונדאַרט און „דעם מאָדנעם ייִד בן יאאש, דעם אַנטלאָפענעם אויף דער שיף ,קאַרטאַגאָ' ". באַזונדערס

ווערט מיט שטאַרקע קינסטלערישע מיטלען דערציילט וועגן אַ ייִד מיטן נאָמען דוד. ער איז אין גליל דורך שקלאַפּנהענדלער פאַרקויפט געוואָרן צו שווערער אַרבעט אין די גאָלדמינעס פון נוב. דאָרטן האָבן אים באַטשיאַטאַס אַגענטן ווידער אויסגעקויפט צו טרענירן פאַר אַ גלאַדיאַטאָר. אין לעצטן קאַפּיטל זעען מיר דעם ייִד הענגען, צוגעקלאַפּט מיט נעגל, אויף אַ קרייץ און דער נייגיריקער המון שטייט אַרום און קוקט ווי ער ראַנגלט זיך שווייגנדיק אין פיל־יסורימדיקער גסיסה, ביז ער הויכט אויס זיין לעצטן אָטעם מיט אַ הימל־שפּאַלטנדיקן, גרויליקן אויסגעשריי. דוד איז דער סימבאָל פון אונדזער פילגעליטענעם פאָלק דורך אַלע צייטן און דורות.

אין אָנהייב פון ווערק דערציילט אונדז ה. פאַסט וועגן דער נסיעה פון דעם פּאַטריציער־זונדל קאַיוס און זיין שוועסטער העלענע מיט איר חברטע קלאַודיע. דער בחור פאָרט רייטנדיק אויף אַ ווייסן פערד און די מיידלעך מאַכן דורך די רייזע אויף טראָגבעטן, געטראָגן פון שקלאַפן. דער וועג פירט זיי פון רוים דורך „וויאַ אַפּיאַ" קיין קאַפּואַ. די שטאָט איז גוט באַקאַנט אין לאַנד מיט אירע טייערסטע פּערפומען, מיט איר לוקסור־ריעז אויסגעשטאַטן צירקפּלאַץ און מיט אירע ווילד־פּאַסצינירנדיקע גלאַ־דיאַטאָרן־קאַמפן. שוין חדשים ווי דער ספּאַרטאַקוס־אויפשטאַנד איז דער־שטיקט. אָבער די באַזיגטע אויפשטענדלערס קומען אַלץ נאָך אָפּ זייער שטראָף, הענגענדיק אויף די הילצערנע צלמים, אויסגעשטעלט אויף דער גאַנצער לענג פון ביידע זייטן אויסגעפּלאַסטערטן בולוואַר, אין דער צאָל פון זעקס טויזנט. די פייגל פּיקן שפּייַז פון זייערע טויטע גופים פון וועלכע עס טראָגט זיך אַ פוילער ריח, אַז עס פאַרהאַקט דעם אָטעם. דאָס בילד פון מענטשלעכער אָדער אוממענטשלעכער אַכזריות האָט, לויט די „באַגרינדער פון נייעם יורידישן געזעץ" אין יענער צייט גאָרנישט צו טאָן מיט דער „דרויסנדיקער" וועלט. די גלאַטיק געפּלאַסטערטע וועגן איבערן לאַנד, די פּלאַנירונג פון די שטעט, די אורבאַנישע נאַטור־באַפּוצונגען — אויף זיי איז קענטיק דער חותם פון דער רוימישער „ציוויליזאַציע". אָבער דאָס עכט מענטשלעכע בין אָדם לחברו, איז ביי דעם הערשנדיקן פּאַטריציער־קלאַס געשטאַנען אויף אַ נידעריקן שטאַפּל.

לויטן ערשטן איינדרוק זיינען די יונגע עקסקורסאַנטן אפשר גרויליק אויפגעשוידערט פון דעם קאָשמאַרבילד, וואָס ציט זיך פאַר זייערע אויגן דורכן גאַנצן וועג. אָבער באַלד דערוועקט זיך אין זיי דאָס געפיל פון

שטאָלץ און נצחון. דאַקעגן, די שטאַרק אָנגעמאַטערטע בעט־טרעגערס קוקן אויף די געקרייציקטע מיט טויטשווייסיקער פאָרויסאָנונג, אַז דאָס זעלביקע קאָן אויך געשען מיט זיי.

דערווייל שטעלן קאַיוס און די מיידלעך זיך אָפּ אין דעם פּעטער אַנטאָניוסעס שיינער ווילע. זיי ווערן אויפגענומען מיט באַזונדערער גאַסט־פריינדלעכקייט. צו באַגעגענען דאָס יונגוואַרג קומען אויך אַרויס די אָפּטע איַינגייערס אין דער „ווילאַ לאַסאַריאַ" דער גענעראַל קראַסוס, דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער רוימישער אַרמיי — וועלכער האָט, נאָך פיר יאָר מלחמה, קוים באַוויזן צו דערשטיקן דעם העלדישן ספּאַרטאַקוס־אויפשטאַנד; דער דורכגעטריבענער פּאָליטיקער לענטילוס גראַקוס, דער גרויסגעלערנטער ציצעראָ, מיט וועמען די אָנגעקומענע געסט ווערן באַקאַנט.

אַנטאָניוסעס רעזידענץ, געבויט אין גריכישן סטיל, שטייט אויף אַ באַרג. צו דעם פּרעכטיק אויסגעשטאַטן בנין פירן גלאַטע, מאַרמאָרנע טרעפּ, באַצירטע פון ביידע זייטן מיט אַלבאַסטער־פיגורינען. אויף אַן אַרומגעוועלדערטן, וויטן שטח שפּרייטן זיך פאַרשידנבלומיקע גערטנער און פּלאַנטאַציעס — אַלץ באַאַרבעט דורך אַנטאָניוסעס ליַיבאייגענע, וואָס ער באַזיצט אין אַ גרויסער צאָל. די לעצטע ווינען אין לעבעדיקע קברים ווייט אַוועק פון דער גן־עדנדיקער לאַנדשאַפט. נענטער אַ ביסל זעען זיך די ברעזענטענע ביידלעך פון גענעראַל קראַסוס' אַרמייִשע טיילן. אַזוי מאָלט פאַר אונדז דער קינסטלער האָוואַרד פאַסט דעם לעבנס־שטייגער פון די פּאַטריציער אין אַלטן רוים נישט דורך דער פּריזמע פון דער היינטיקער צייט. ער האָט אַ סך זיך אָפּגעגעבן מיט פאָרשן דאָס לעבן פון יענער עפּאָכע, באַקענט זיך מיט דעם טאָפּאָגראַפישן אויסזען פון די שטעט, מיט דער אַרכיטעקטור פון די הייזער, אַזוי אויך מיט די צווישנבאַציִונגען אין פאָלק.

בעתן אויפנעמען די געסט, באַקענט אונדז דער מחבר גלייך מיט אַנטאָניוסעס קלוגער פרוי. זי העלפט אים אַ סך אַרויס מיט איר אינטע־ליגענץ און חכמה. נאָר באַלד אינעם ערשטן שמועס מיט דעם פּלימעניק, דעם שיינעם בחור קאַיוס, לייגט זי אים גאַנץ אָפן פאָר ער זאָל זי באַשלאָפן. דער אָ מאָמענט און נאָך ענלעכע אָנציִענדיקע סיטואַציעס, ווייזן אָן אויף דער אויסגעלאַסנקייט נישט בלויז פון אַנטאָניוסעס ווייב, נאָר פון דער רוימישער געזעלשאַפט בכלל.

דאָס גאַנצע לאַנד געפינט זיך נאָך אַלץ אונטערן אויפרודערנדיקן רושם פון דער ספּאַרטאַקוס־מרידה. פאַסט דער קינסטלער פירט מיט אַ כּיוון צונויף די פאַרשטייערס פון דעם רוימישן סענאַט אין דער „ווילאַ לאַסאַריאַ“. דאָ קומט פאָר דער גערייד וועגן דעם אויפשטאַנד אין זיין פּרטימדיקן פאַרלויף. דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון די רוימישע לעגיאָנען ווייסט איצט שוין אַלע דערשטוינענדיקע איינצלהייטן וועגן דעם געפאַלענעם גבור ספּאַרטאַקוס. ער שטייט נאָך פאַר זיינע אויגן ווי אַ שרעקיק געשפּענסט וואָס וועט אים, דאַכט זיך, שוין קיין מאָל נישט געבן קיין רו. קראַסוס דערציילט דעם יונגן קאַיוס, ווּעמען עס איז שוין נמאס צו הערן אַלצדינג וואָס דער גלאַדיאַטאָרן־טרענירער באַטשיאַטאָ האָט אים אָנדערציילט אין יענער רעגנדיקער נאַכט ווען ער האָט געשיקט נאָך אים. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס „דערציילטע“ געהערט צו דער אומפאַרגלייכלעכער, בעלעטריסטי־שער מייסטערשאַפט פון מחבר. פאַראַן אין זיי אַ סאָרט עסייִסטישע באַ־האַנדלונג, אַ נאַראַטיווע באַטראַכטונג, געבונדן איינס מיטן צווייטן. דער שרייבער הויבט אַרויס ספּאַרטאַקוסן ווי איינעם פון די שקלאַפן, וועלכער פילט אויף זיך אַ געוויסע אַחריות פאַר די אונטערדריקטע. דער ייִדישער גלאַדיאַטאָר האָט צו אַלע אַרומיקע, ווי דער קינסטלער שטעלט אים פאָר, זיך פאַרהאַלטן מיט שוויגנדיקן רעזערוו. הערנדיק ספּאַרטאַקוסן פאַר־לייענען פון זכּרון פערזן פון האָמערס „אָדיסייע“, געפינט ער אויס אין זיין כאַראַקטער אַ שטריך פון אויסנעמלעכער פיינפילעוודיקייט. עס איז קלאָר פאַר וואָס די שקלאַפן האָבן אויסגעמיטן אָנצוהאַלטן נענטערע פריינדשאַפט צווישן זיך. דאָס טראַגישע גלייכוווערטל: „גלאַדיאַטאָר, חבר זיך נישט מיט קיין גלאַדיאַטאָר“, האָט אונטער יענע אויסטערלישע אומשטענדן געהאַט זיין באַגרינדעטע לאָגיק, ווייל ווי געטריי זיי זאָלן זיך נישט זיין, איז גאַנץ אָפט אויסגעקומען, זיי זאָלן אין אויפגעצווונגענעם געפעכט פאַר־געסן אין זייער ברידערשאַפט און זיך, ווער וועמען, דערמאָרדן.

קראַסוס וויל אויסגעפינען ביי דעם גראָבן נפש באַטשיאַטאָ ווו ער האָט באַקומען ידיעות וועגן ספּאַרטאַקוסן און וואָס אַזוינס האָט ער געזען אין אים, ער זאָל אים אויסקויפן פון דער שקלאַפנאַרבעט און אויסשטעלן אים פאַר אַ גלאַדיאַטאָר. דאָ נעמט ווידער דער קינסטלער אין פּילפאַרביקע בילדער דערציילן דורך דעם מויל פונעם „לאַניס“ * וועגן לעבן פון די־

* לאַניס — גלאַדיאַטאָרן־אינסטרוקטאָר.

שקלאַפֿן אינעם ברענענדיקן מדבר. מיט ווונדערלעכער, שרייבערישער גענױטקייט ווערט דאָ אָפּגעשפּיגלט דער פֿינצטערער גורל פֿון די פּאַרמשפּטע. ווי זיי זיצן ביי נאַכט אין דער חושכדיקער הייל נאָך אַ לאַנגן טאָג אויס־מאַטערנדיקער פּראַצע, מיט די אָנגעהיצטע פֿון דער ברענענדיקער זון קייטן אויפֿן האַלדז, אויסגעטריקנט פֿון דורשט. זיי שטרעקן אויס אין הילפֿ־לאָזן יאוש זייערע צעבײַלטע הענט צו ספּאַרטאַקוסן, ווי זיי וואָלטן געזען אין אים דעם איינציקן דערלייזער. ספּאַרטאַקוס רירט אָן אין דער גע־דיכטער חשכות זייערע מיט טרערן באַוואַשענע פּנימער און טרייסט זיי. אָט דאָס אין שאַטנדיקע קאָלירן געמאָלטע בילד פֿון מענטשלעכן לײַדן און פּאַרצווייפֿל, זאָגט אונדז גאָר אַ סך וועגן דעם קינסטלערס כּוח־הדמיון. די סאַדיסטישע ווילדקייט פֿון די אַלעקסאַנדריער וואַכלייט, וואָס באַקומען אַ באַשטימטן פּראָצענט פֿון דעם אָנגעקליבענעם גאָלד, זייער ברוטאַלקייט, דאָס גראָבע לשון וואָס זיי נוצן, ווייזן אויף דעם חיהשן אינסטינקט אינעם מענטשן. צום באַדויערן, האָט דער „האָמאָ סאַפּיענס" אונטער די באַדינגונ־גען פֿון אונדזער „ציוויליזאַציע" נאָך אַלץ נישט אויסגעוואָרצלט פֿון זיך די אימפּולסן און נייגונגען פֿון דעם מין. זיי זיינען אין אַן אָנזעעוודיקער מאָס די טראַגישע קענצייכנס אויך פֿון אונדזער עפּאָכע.

דער רוימישער סענאַט האָט ווייניק זיך גערעכנט מיט די מאָראַלן, וואָס עס האָט געפּריידיקט דער לאַטיינישער דיכטער לוקרעציוס, דער מיטצייטלער פֿון דעם גרויסן ציצעראָ. פּאַסט ווייזט אונדז דעם טיפֿן אונטערשייד צווישן דעם חריפֿותדיקן פּאָליטיקער לענטילוס גראַקוס און דעם געבענטשטן מיט פֿיל טאַלאַנטן ציצעראָ. אין דער רוימישער געשיכטע ווערט דער לעצטער באַטראַכט ווי דער פֿריידיקער פֿון שלום צווישן קלאַסן. דאָך האַלט ער, אַז דאָס שקלאַפֿנגעזעץ איז אַ „בויטוועדיקער" איינפֿיר, וואָס אָן דעם קאָן די רוימישע מלוכה נישט עקסיסטירן. ציצעראָ האָט זיך נישט גענומען צום האַרצן דעם ביטערן גורל פֿון די שקלאַפֿן. ער וואָלט, אַוודאי, אַליין זיך נישט אָפּגעזאָגט פֿון זיינע לײַבאייגענע. העלענעס אומ־געריכטער אַריינקום, יענעם אָוונט, אין זיין צימער, האָט אים נישט איבער־ראַשט. ער רעדט מיט איר וועגן אָנרעגנדיקע פּראַגן מיט סטאָאישער רויִקייט. דער גרויסגעלערנטער ווערט נישט נתפּעל פֿון די באַוווּנדערנדיקע שמועות וועגן דעם אויסטערלישן העלד ספּאַרטאַקוס. דאָך ווערט די יונגע העלענע אַפֿעקטירט פֿון ציצעראָס ערשטראַנגיקער, סימפּאַטישער פּערזענלעכקייט.

ציצעראָ פאַרנעמט ווינציק אָרט אין דער פאַבולע פון דעם ווערק. מער פאַרטראַכטן אין דער האַנדלונג איז לענטילוס גראַקוס. דער לעצטער טיילט זיך אויס פון דער סענאַטאָרן־סביבה מיט דעם וואָס ער פאַרטראַגט נישט די גלאַדיאַטאָרן־געפעכטן, פאַר וועלכע רוימישע בלוט־ענטוזיאַסטן צאָלן גרויסע געלטער. זיי קויפן אָפּ ביי באַטשיאַטאָ אַ שוידער־פאַרשטע־לונג, אויסגעפירט צווישן מענטש און חיה. אַנדערע ווילן „הנאה" האָבן פון אַ געראַנגל צווישן מענטש און מענטש פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, יעדער מיט זיין אייגנפאַלקישן וואָפן. און ענדיקן זאָל זיך דער געראַנגל מיט טויט. דאָס בילד ווי די געדיכטע באַגריוועטע לייבן רייסן זיך אַרויס פון דער געמויערטער שטייג מיט מוראדיקן געבריל אויף דער צירק־אַרענע, וואַרפן אַן אַ גרויל אויפן לייענער. און אָט הויבט זיך אָן דער סכנהפולער פאַרמעסט פון דעם בחיר־היצירה מיט דעם מעכטיקן קייסער פון די חיות. די צוקוקערס — מענער און פרויען פון אַלע שיכטן אין דער רוימישער געזעלשאַפט — פאַלן אַריין אין צעיושעטער התלהבות, בעת זיי זעען ווי דער בן־אָדם פאַלט רגעוויַיז אָפּ פון די כוחות אין אומגלייכן גע־ראַנגל מיט דער ווילדער, אויפגערייצטער בעסטיע. דער מענטש בלייבט ליגן צעריסן אין אַ טייך בלוט. דער עולם יובלט. דערביי לאָזט מען זיך ווילגיין. מען עסט און מען טרינקט, ווי עס זאָגט דאָס אַלטע לאַטיינישע ווערטל: „דום וויווימוס וויוואַמוס" — כל־זמן מען לעבט, דאַרפט מען לעבן.

אַ צאָרנדיקער אויסברוך. דער אַפריקאַנער גלאַדיאַטאָר וויל אויף דער צירק־אַרענע נישט אַרויסגיין אין טויטגעפעכט מיט ספאַרטאַקוסן. ער נעמט דאָס געזעץ אין די אייגענע הענט, שליידערנדיק זיין טויטוואָפן אין איינער פון די פאַרנטיקע לאָזשעס, וווּ עס הוליען די רוימער שיכורע פון מענטשיש בלוט און שאַרפע געטראַנקען. די זעלנער שטעלן גלייך זיך אַרום דעם נעגער אין אַ געדיכטן רינג און טויטן אים מיט זייערע שאַרפע שפּיזן. דאָס האָט דערפירט צום אַנטשיידנדיקן קולמיניר־פּונקט. די אויפגעברויזטע גלאַדיאַטאָרס ברעכן אויף, אין מיטן נאַכט, די שווערע טיר פון דער, אַזוי גערופענער, טרענירונג־שול, וואָס איז פּאַקטיש געווען אַ תּפיסה. זיי אַנט־וואָפענען די וואַכלייט און לאָזן זיך, באַפרייטע, אַוועק איבער די קאַפּויער פעלדער, מיטרייסנדיק טויזנטער אַנדערע שקלאַפן. עס קומט פאָר אַן איבערוועקסלונג פון כוחות. גרויסע טיילן פון דער רוימישער אַ־מיי גייען איבער מיט זייער געווער אויף דער זייט פון די אויפשטענדלערס.

אַן אָנצייכעניש פון אַ קוים אויסגעטרוימטער, ליכטיקער וועלט אין דער גרויזאַמער באַציִונג פון מענטש צו מענטש, איז דאָס גערמאַנישע שקלאַפנמיידל וואַריניע. זי וואַכט ביי נאַכט איבער ספּאַרטאַקוס ווען ער שלאָפט, צערטלט אים מיט גרויס ליבשאַפט. דורך זייערע פּראָסטע רייד קומען קעגנזייטיק צום אויסדרוק ריינע, הומאַנע געפילן. בעת די אויפֿשטענדלערס גייען נאַקעטע, מיט ווייניק געווער, אַרויס אין קאַמף קעגן די שווער באַוואָפנטע רוימישע לעגיאָנען, בעט זי ספּאַרטאַקוסן ער זאָל זי נישט לאָזן אַליין. זי וויל קעמפן, זאָגט זי, ווי אַ מאַן. די פאַרקנעכטיקטע פרויען האָבן דורכגעטראָגן אַלע גרויזאַמקייטן פון דעם שקלאַפנרעזשים באַגלייך מיט די מענער. פאַסט לאָזט זיי אין דעם סיפּור־המעשׂה נישט אַרויס פון זיין קינסטלעריש אויג. צוזאַמען מיט וואַריניען וואַרפן זיי זיך נקמה־דורשטיק אויף די טרעניררערס, זיי שלאָגן זיך העלדיש מיט די וואַכלייט און זעלנער. דער כּוח פון די נאַקעטע שקלאַפן צו צעקלאַפּן די שטאַרקע רוימישע אַרמיי, האַלט נאָך אַלץ דעם גענעראַל אין חידושדיקער שפּאַנונג. קראַסוס איז נשתּומם פון דער עקשנותדיקער האַלטונג פון דעם לעצטן גלאַדיאַטאָר — אַ ייִד, בעת מען פירט אים צו דער קרייציקונג. יענער הייסט אים ברענגען נענטער צו זיך. דער גענעראַל רעדט צו אים, נאָר דער ייִד שווייגט. קראַסוס וויל וויסן, צי דאָס איז דער גלאַדיאַטאָר מיטן נאָמען דוד. אפשר שאַצט ער אָפּ ביי זיך דעם ייִדס עטישע מידה פון שווייגנדיקן אויסדויער? דער מיליטער־פירער ווייסט, אַז בעת די שקלאַפן האָבן אַרומגערינגלט אַ טייל פון דער רוימישער אַרמיי, האָבן זיי פאַרמשפּט צוויי אָפיצירן צום טויט דורך קעגנזייטיקן קינזשאַלן־געפעכט, צו וואָס דער ייִד האָט אויסגעדריקט זיין קעגנערשאַפט. אַוועקשטעלן איין מענטש קעגן צווייטן זיך ממיתן — דאָס קענען זיי. מיר דאַרפן אַנדערש האַנדלען. קראַסוס האָט, פון דעסטן, גאַנץ קאַלטבלוטיק זיך צוגעקוקט ווי די זעלנער ציִען אַרויף דעם ייִד אויפן צלם. דער ייִד טראָגט שווייגנדיק איבער דעם אויסטערלישן ווייטיק, פאַרלירנדיק אויף אַ ווייל דעם זינען, בעת די זעלנער קלאַפן אַריין די נעגל אין זיינע הענט און פיס. נאָר באַלד קומט דער בעל־יסורים צוריק צום באַוווסטזיין. דער געקרייציקטער פּרווט, הענגענדיק אויפן צלם, אַרויסברענגען פון זכּרון זיין פאַרגאַנגען לעבן אין גליל, ווו ער איז געבוירן, זיין געראַנגל פאַר עקסיסטענץ, ביז מען האָט אים פאַרקויפט פאַר אַ שקלאַף. דעם ייִד איז ניחא וואָס אויף אים איז נישט

אויסגעפאַלן דער גורל אַרויסצוגיין אין טויטגעפעכט מיט ספּאַרטאַקוסן. ווי יעדער בעל־חי וואָלט ער געקעמפט פאַר זיין לעבן מיט דער אויס־רעכענונג אויף יענעמס טויט. די אַלע טראַכטונגען זעען אויס צו זיין צו פּיקטיוו פאַר אַ פּיללייידנדיקן גוסס אויפן קרייץ. מיר גלויבן, אַז אַנער־קענענדיק זעלבסטקריטיש די פעלערן, וואָס זיינען אַריינגעפאַלן אין די סוף־קאַפּיטלעך, מחמת די אָביעקטיווע שוועריקייטן פאַר דעם מחבר אָנצושרייבן דאָס ווערק, האָט ער אויך אָט די לאַנגע פאַרצויגענע שילדערונג, אפשר, געהאַלטן פאַר אומגעראָטן.

קראַסוס האָט זיך אומגעקערט פון קריג מיט פיל זאַקרויב. צו אים געהערן איצט הונדערטער שקלאַפן, צווישן זיי די שיינע וואַריניע מיט איר קינד. דער הויפּט־גענעראַל וויל זי נעמען פאַר אַ ווייב. אָבער שווער איז אַרויסצורייסן פון וואַריניעס האַרצן די פאַרבליבענע ליבשאַפט צום גע־פאַלענעם ספּאַרטאַקוס. זאָל זי אים זאָגן וואָס האָט דער פשוטער פלעבייער געטאָן אַזוינס, וואָס איז איר נאָענט געוואָרן צום האַרצן, וואָלט ער, קראַסוס, יענעם נאָכגעטאָן, בכדי צו געווינען איר ליבע. דער הויכגעשטעלטער רוימער איז מיט זיינע איבעררהאַשנדיקסטע צוזאָגן נישט בכוח זי צו באַ־ווירקן. צוואַרפנדיק וואַריניען אַ בייזע קללה, טרייבט ער זי אַרויס.

אויך גראַקוס איז גרייט צו באַצאָלן אַלע געלטער דעם אָרעמען בטלן פלאַוויוס פאַר אויפזוכן דאָס גערמאַנישע מיידל און זי ברענגען צו אים. מיט דער הילף פון אונטערגעקויפטע שקלאַפן גיט זיך פלאַוויוסן איין אַרויסצופירן וואַריניען פון קראַסוסעס לאַטיפונדיע. איצט געפינט זי זיך אין גראַקוסעס הויז, וווּ זי באַקומט אַ באַזונדערס פריינדלעכע באַהאַנדלונג. זי איז צו אַזאַ גוטער טראַקטירונג נישט צוגעוווינט. וואַריניע געפינט אין דעם אַלטן גראַקוס דעם מענטש וועמען זי קאָן טרויען. זי דאַנקט אים פאַר אַרויסלאָזן זי אויף דער פריי און פאַר געבן איר די מעגלעכקייט צו פאַר־לאָזן רוים.

אין גראַקוסעס באַציִונג צו וואַריניען איז פאַסט אויסן אַרויסצו־ברענגען די פּסיכאָלאָגישע שייכות צווישן דיביידע געשטאַלטן. דער הויכ־געשטעלטער סענאַטאָר גראַקוס איז אַ זון פון אַ שוסטער. דאָס גערמאַנישע מיידל איז אַן אָפּשטאַמיקע פון די טיפענישן פון פאָלק. אָט די הומאַניס־טישע טענדענץ ווערט אין דער האַנדלונג פון ווערק אַריינגעפירט מיט דיסקרעט־קינסטלערישע מיטלען. אין פאַסטס שילדערונגען פון דער אַלטער־

טימלעכער צייט, געפינען מיר אָנצוהערענישן אויף אונדזער היינטצייטיקער סתּירותפֿולער ווירקלעכקייט. מיט דעם דערפֿילט דער קינסטלער אַ הויך־מאָראַלישע שליחות אין זיין שאַפֿן. „ספּאַרטאַקוס” איז אַ היסטאָריש־באַלערנדיק ווערק. איינצײַטיק איז דאָס אַ ווערק מיט פֿיל קינסטלערישע מעלות, וואָס פֿאַרשאַפֿן דעם ליבהאָבער פֿון שיינער ליטעראַטור געמיטלעכע הנאה און פֿרייד.



# טראַגישעווירקלעכקייט

אין אונדזער ליטעראַטור האָט ביז איצט דערוויל זיך נישט באַוויזן קיין ווערק, וואָס זאָל אויף ברייטע לייוונטן גרינטלעך אָפּ־שפּיגלען דעם ייִדישן אויסנאַם־גורל אין פינצטערן פּעריאָד פון אונדזער לעצטן חורבן. אַוודאי קאָנען נישט אַריינגענומען ווערן אין כּלל געציילטע בעלעטריסטישע פּרוּוון, וואָס ווערן מיט אומבאַדינגטער איינזעעניש אָפּגע־שאַצט מצד דער קריטיק. איז דען מעגלעך געווען אין יענער הימל־שפּאַלטנדיקער מבוכה צונויפצושטעלן דורך געלאַסענער שילדערונג אַן אַלץ אַרומנעמענדיק בילד פון לעבן — דעם אַזוי פּלוצים אַרויסגעריסענעם פון זיין דורותדיקן שטייגער? בלויז קורצע פּעדערשפּריצן, בליציקע כראָ־ניק־אָנווורפן, סקיצנאַרטיקע פאַרצייכענונגען — דורך אָט די שרייבערישע זשאַנערס, ווי אויך דורך אָנגערעגטן דיכטערישן ליד, איז געקומען צום אויסדרוק דאָס ליטעראַרישע און דאָס היסטאָריש־דאָקומענטאַרע שאַפן אין יענע גיהנומדיקע טעג.

דאָס וואָס מיר גייען ווייטער זאָגן וועט, אַוודאי, קלינגען ווי אַן אַנאַ־כראָניזם, ליטעראַטור־קענערס זיינען נאָך היינט ביי דער מיינונג, אַז בכדי צו געבן אַן אַלזייטיק בילד פון יענעם אויפשווידערנדיקן קאָשמאַר, פאָדערט זיך אַ געהעריקער אָפּשטאַנד פון צייט. די דעה איז, מסתמא, אַ לאָגיש ריכטיקע. נאָר אונדז דאַכט זיך, אַז דאָס בילד וואָלט דעמאָלט אַרויסגע־קומען, ווי מען וואָלט געקאָנט דערוואַרטן, בלאַס און וואָלט אויך פאַרלוירן

אַ סך פון דעם לעבנס־אמת. ווייל נישט אַלץ, וואָס געשעט אין לעבן, אין דער געשיכטע בכלל, פאַרגעדענקט זיך, דערצו נאָך ווען מען פאַרפיקסירט דאָס נישט אויף דער הייסער מינוט.

מיר ריידן דאָ, אויסשליסלעך, וועגן ליטעראַטור ווו מיר האָבן נישט בלויז צו טאָן מיט אַקציע, — נאָר אויך מיט סטיל.

די טעמע וואָס עלבערג באַרירט אין זיין שאַפונג, איז די סאַמע אויס־טערלישסטע. און דאָרט ווו עס דערציילט זיך אין אַ ווערק וועגן אומ־גלייבעוודיקע, מענטשלעכע אַכזריותן, און בעסטיאַלע מאָרדן, ווערט דער עסטעטישער געגוס פון אַזאַ ווערק טרויעריק פאַרשאַטנט, ווי עס זאָגט זיך אין אַ העברעיִשער, דיכטערישער שאַפונג: „וואָס האָט שוין פאַר אַ ווערט די פּאָעזיע ווען דאָס דערשיסן מיט בליי אַ יונג האַרץ ווערט באַגלייט מיט אַ ליד פון פרילינג?"*

פון דער אַנדערער זייט, קאָן מען אויף דער הנחה פון צייט־דיסטאַנץ, מעג זי האָבן איר לאָגיק, נישט שטעלן, ווי מען זאָגט אין פאָלק, אַ מויער. האָט דאָך סוצקעווער געשאַפן זיין „געהיימשטאָט" אין אויסנאַמלעך דיכטע־רישער באַנומענקייט אונטער יענע קבֿרדיקע באַדינגונגען, וואָס ווערן גע־מאָלן אין דער זעלביקער פּאָעמע. און מאַרקיש האָט אין סאַמע פלאַקער פון דער מלחמה, בעת די יִדן־שחיטה איז נאָך אָנגעגאַנגען נאָכן פאַלן פון געטאָ־אויפשטאַנד אין וואַרשע, דיכטעריש געאַרבעט איבער זיין גרויסער, אין כמות און אין איכות, עפּאָפּעע „מלחמה" און נישט לאַנג שפּעטער איבער זיין בעלעטריסטיש ווערק „טראָט פון דורות". ב. העלער האָט, זייענדיק נאָך אין מאָסקווע, אויסגעדיכטעט זיין פּאָעטישע שאַפונג „דער וועג אויף וואַרשע". אויך י. קאַצענעלסאָן האָט אַני הגבֿרדיק אויסגעקלאָגט „דאָס ליד פון אויסגעהרגעטן יִדישן פאָלק". און דער יונגער שאַיעוויטש האָט פאַרן אַוועקפירן אים אין טויטלאַגער נאָך באַוויזן אויפצושרייבן זיין געטאָ־פּאָעמע „לך לך". געציילטע יאָרן נאָך דער מלחמה איז דערשינען י. שפּיגעלס בוך דערציילונגען א"נ „מלכות געטאָ", געשריבן אין געטאָ גופא.

ווי מיר זעען, איז פאַר ביידע הנחות נישטאָ קיין כלל.

מיר נעמען אָן, אַז דער צייט־מרחק פון איבער דרייסיק יאָר זינט דעם

---

* חיים דקר — שירים, תל־אביב, 1975.

סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז אַ געגוג ווייטע מעטע אויף צו שאַפן אַן אָביעקטיוו קינסטלעריש בילד פון אונדזער וועלטאומגליק. ווידער דאָס זעלבע: איז טאַקע דאָס סוביעקטיווע אַ חסרון אין דער שילדערונג פון אַ טעמע וואָס רירט אָן יעדן איינעם פון אונדז? אַן ענטפער אויף אָט דער פראַגע וועט אונדז, אפשר, געבן י. עלבערגס ווערק „אויפן שפּיץ פון אַ מאַסט", ניו־יאָרק, 1975, כאָטש עס איז נישט געשריבן אין דער ערשטער פּערזאָן.

אין די ערשטע קאַפּיטלען פון דעם ראָמאַן ווערט דער לייענער באַ־הערשט פון אַן אינעוויניקסטער נערוועזיטעט. מיר האָבן דאָ אין זינען דעם לייענער פאַר וועמען די נאַצישע גרוילן זיינען גאָר ווינציק באַקאַנט און אַוודאי האָבן מיר דאָ אין זינען יענעם לייענער וועלכער האָט דעם גיהנום אַליין דורכגעמאַכט. ער וועט אייגנס אויפגעקאַכט פון די אײַליק געשריבענע, אָפּגעהאַקטע זאַצן. זיי פירן אים אַריין אין דער אַטמאָספער פון שטענדיקער בהלה און שרעק. דאָס איז די שרעק פון די ייִדן אין געטאָ, געטריבענע פון איין געפאַר צו דער אַנדערער, אַריינפאַלנדיק סוף־כל־סוף אין די מאָנסטער־אָרעמס פון טויט. די פיבערדיקע שורות לייענען זיך נישט מיט געמיטלעכער הנאה, ווי מען האָט, געוויינלעך, הנאה פון שיין געשריבענער ליטעראַטור. זיי שפּיגלען בלויז אָפּ דעם פסיכישן מצב פון די פאַרשפּאַרטע אין געטאָ, אויסגעשטעלטע צום פאַרלענד.

די ווייטערדיקע קאַפּיטלען זיינען שוין אָנגעהויכט מיט באַזאַכטן, בעלע־טריסטישן אָטעם. אַ מעגלעכקייט פאַר געלאַסענער שילדערונג גיט דעם מחבר די דאָרפישע סביבה, וווּ דאָס לעבן איז דאָך נישט אַרויס אין גאַנצן פון נאָרמאַלן שטייגער.

אין דעם פאַרהעלטנישמעסיק רויִקן דאָרף האָט יורעק זיך איינגעע־דונגען פאַר אַ פאַסטעך ביי אַן אָרעמער פויערן־משפחה. אים האָט אין דער זעלבער נאַכט זיך אײַנגעגעבן אַהערצוברענגען די קליינע חנהלע און גע־פינען פאַר איר אַ באַהעלטעניש אויפן הייבוידעם. דער פּאַליאַק אין וואַרשע האָט חנהלען מער נישט געוואָלט האַלטן אין הויז, אַרויסטרייבנדיק זי אויף דער גאַס, נאָכן אויסצאַפּן דאָס לעצטע געלט פון דער מאַמען. אין דאָרף קאָן כאָטש חנהלע דורך אַ שפּאַרונע אײַנאָטעמען אַ ביסל פרישע לופט, אָבער די שרעק מען זאָל זיי נישט אויסגעבן צו די דייטשן, טרעט דאָ אויך נישט אָפּ. דעם ייִנגל פאַלן איין אַלערליי תחבולות אַראָפּצופירן דעם

שטענדיק שיכּורן וואַצעק און די קינדער פון די שפּורן צו חנהלעס באַ־העלטעניש. אַזוי וואַקסט דער צוועלף־יעריקער יאָסל אויס אונטער אומ־געוויינלעכע באַדינגונגען צו אַ מענטש מיט אומגעוויינלעכער דערפאַרונג.

עלבערג איז גוט באַקאַנט מיט דעם דאָרפישן לעבן. מיר געפינען אין די דאָרף־שילדערונגען אַ סך אויטאָביאָגראַפישס. פאַראַן אין זיי כאַראַקטע־ריסטישע מאָמענטן, וועלכע טײַטן אָן אויף די ספּעציפיש־פּוילישע אייגנ־שאַפטן פון דעם פויער מיט זיינע פאַסטעמקעס און אויף די צווישנבאַציִונ־גען פון די דאָרפסלייט בכלל. אונטערהייצנדיק דעם אויוון, האָרכט זיך יאָסל איַין ווי דער היכער אַנטעק, אַ שכן, דערציילט ווי ער האָט הײַנט אין דאָרף דערשנאַפּט אַ ייד פון אַ דערבײַיִק שטעטל און אים גלייך דערהרגעט. יאָסל דריגעט, אַן אויפגעקאָכטער, אָוועק די קאַץ, וואָס פּלאָנטערט זיך אים פאַר די פיס. דער שיכּורער וואַצעק פאַלט אַריין אין כּעס הלמאי ער האָט נישט קיין רחמנות אויף דער שטוב־חיה. יאָסל זעט מיט פאַרשטיקטן ווייטיק איַין, אַז דאָס לעבן פון דער מיזערנער קאַץ האָט מער חשיבות ווי דאָס לעבן פון דעם גערודפטן ייִד.

די אָפּגעמאָלטע פאַקטן פון דער נאַצישער קאַשמאַרן־ווירקלעכקייט וואָלטן, אייגנטלעך, זיך נישט געגוויטיקט אין פיקטיווע מיטלען אויף צו מאַכן דאָס בילד בולטער און עפעקטיווער. די רציחהדיקע רעאַליטעט — אַליין אַ פּראָדוקט פון דעם מענטשנס כּוח־הדמיון, איז אָן ליטעראַרישע באַפּוצונגען פאַר זיך אַליין פאַסצינירנדיק. עלבערג איז אָבער אַ שרייבער מיט אַ ברייט אַרומנעמענדיקן בליק. ער קאָן דאָס געשעענע אין יענעם חושכדיקן צייטגאַנג נישט אַריינפּאַסן אין דער געוויינלעכער ראַם פון אַ מעשׂה־שהיה, וואָס דערציילט זיך אין פאַלקסשטייגערישן טאָן, הגם דאָס איז אויך אַ שעפערישע מדרגה. וויכטיק אין דעם ווערק איז נישט בלויז דער „וואָס", נאָר אויך דער „ווי אַזוי". און עלבערג דערגרייכט דאָס מיט ראַפינירטע, קינסטלערישע מיטלען. ער האָט נאָר געדאַרפט אָפּגעבן מער אָרט פאַר דעם פּוילישן פייזאַזש, טאָקע מער נאַטורבילדעריש און כאַראַק־טעריזירנדיק צו באַווייזן, אַז די אַלע גרוילישע געשעענישן האָבן געהאַט אַן אָרט אויף דער פּוילישער ערד.

דער אויפשטאַנד אין ברענענדיקן געטאָ, דאָס טרייבן די פאַרמשפּטע צום אומשלאַגפּלאַץ און פון דאָרטן אין פאַרהאַקטע וואַגאָנען קיין טרע־בלינקע, גאָלדעס העלדישער פּרוּוו אויסצוגראָבן מיט הוילע הענט אַ פאַר־

טיפונג צו קאָנען זיך אַרויסרייסן אויף יענער זייט פון די עלעקטריזירטע שטעכלדראָטן און לויפן נאַקעטערהייט אין דער נאַכט־פינצטערניש דורכן געדיכטן וואַלד צוזאַמען מיט נאָך אַ פרוי, וועלכע פאַלט טויט אויפן וועג, דאָס כּמו־מיסטישע קול, וואָס דער דרימלענדיקער פויער הערט פון וואַלד אַרויס, זיצנדיק אין זיין פאַרבייפאָרנדיקן פורל — אַ קול וואָס בעט אַ שטיקל ברויט און אַ צודעק פאַרן נאַקעטן לייַב; גאַלדעס אַפּקומעניש אין דער וואַלדיקער נאָרע, איר איינפאַל צו סימולירן אַ משוגענע אַריינקומענדיק אין דאָרף, אויסצוהיטן זיך פון דעם ייִד־חשד; יאָסל־יורעקס פאַרצווייפלט יאָגן זיך אין דער שפּעטער ווינטערנאַכט נאָך דער ערשט געקויפטער קו, וואָס האָט פאַרעקשנט זיך נישט געלאָזט טרייבן אין דאָרף אַריין צו די נייע באַלעבאַטים; די לעצטע האָבן, אַרומזוכנדיק יורעקן, געפונען אויפן הייבוידעם חנהלען אַ פאַרפרוירענע אָן האָפענונג צום לעבן, דאָס בילד ווי יאָסל איז מקבר זיין שוועסטערל, גאַלדעס אַרויסרייסן זיך פון דער נאָרע אין אַ שרעקלעכער שניי־זאַוויערוכע נישט ווייסנדיק וווּ זיך אַהינצוטאָן. דער מאָמענט ווי הערצקע געפינט זי ערגעץ בשעת זי איז שוין געשטאַנען ביז איבערן גאַרטל אין דער שניי־פאַרשיטעניש און נאָך פּאַסירונגען אינעם בוך — זיינען פאַרכאַפּנדיקע שילדערונגען, וואָס אַנטהאַלטן אין זיך דעם כּוח פון ווירקונג און עפעקט. און ווי זאָגן די וועלט־אָנגענומענע ליטעראַטור־קריטיקער — דאָס ליידנשאַפטלעכע און אימפּרעסיווע באַגאַנד מיט דעם באַלערנדיקן, זיינען די הויפּט־סימנים פון אמתער קונסט.

יאָסלען איז נישט שווער אָנגעקומען זיך צונויפצוחברן מיט זיינע אחים־לצרה — די קליינע גאַסן־הענדלער אויף דער אַרישער זייט. אויך דאָ זיינען די ייִדישע ייִנגלעך אויסגעשטאַנען רדיפות פון דער קריסטלעך גלוביקער גאַסן־כּנופיה. בעתן באַוואָפנטן אויפשטאַנד אין וואַרשע קעגן דעם דייטשישן אָקופּאַנט, האָט יאָסל געגעבן הילף צו די פאַרוווּנדעטע פּאָליאַקן אונטערן אויפזיכט פון דאָקטער יענדריכאָווסקי — אַ באַהאַלטענער ייִד. אויך דאָ טרעפן מיר אָן אויף פאַרראַט פון די פּאָליאַקן, ווי עס האָט שוין געטראָפן נישט איין מאָל אין דער פּויליש־ייִדישער געשיכטע. גראָד אין דעם בשותּפותדיקן קאַמף מיט דעם געמיינזאַמען שונא, האָבן די פּוילישע „קעמפער פאַר אונדזער און אייַער פרייַהייט״, געפונען דעם שעת־הכּושר צו דערמאָרדן די לעצטע אָפּגעראַטעוועטע, אויסגעמאַטערטע ייִדן.

אינעם דריטן טייל פון בוך טרעפן מיר יורעק־יאָסלען אין נאָך־מלחמה־דיקן, ווי מען האָט דעמאָלט געזאָגט, באַפרייטן נידערשלעזיע. צוזאַמען מיט אַנדערע לעבנגעבליבענע ווערט ער אויך אַריינגעצויגן אין דעם שמוגל־פּסיכאָז. אין בערלין באַגעגנט ער איינעם פון די וואַרשעווער חברים פון דער אָקופּאַציע־צייט. וויצעק, מען רופט אים איצט זאב, איז אַקטיוו אין דער אָרגאַניזאַציע פון דער בריחה. יאָסל ווערט דורך זאבן אַריינגעצויגן אין אַן אַקציע אַרויסצוראַטעווען אַ ייִדישע פרוי מיט איר קינד פון קריסט־לעכע הענט. אים ציט אָבער נאָך אַלץ צו שמוגלעריי. אים קומט שוין אויס צו האָבן דערפאַרונגען מיט פרויען, ווי עס טרעפט אין אומנאָרמאַלע צייטן ווען דער מענטש כאַפּט פון לעבן וואָס נאָר עס ווערט אים אונטערגעשיקט פון גורל. מיר ריידן שוין איצט וועגן יאָסלען ווי וועגן אַ רייפן בחור, כאָטש ער איז נאָך גאָר יונג. אים האָט זיך איי־נגעבאַקן אין האַרצן סאָלטשע דורך איר פרויענהאַפטיקייט און ערלעכקייט אין אַ באַשטימטן זין. זי איז אָבער עלטער פון אים און צו פיל אויסגעקאָכט מיט אַנדערע יונגלייט. נאָכן אָפּגעפינען די מאַמע אין איינעם פון די בריחה־לאַגערן אין דייטש־לאַנד, פילט זיך שוין יאָסל נישט באַזונדערס צוגעבונדן צו איר. כאָטש געלעבט שוין מיט אַ צווייטן מאַן, האָט גאָלדע, קוקנדיק אויף איר זון, יעדעס מאָל זיך דערמאָנט אין איר פריִערדיקער היים אין וואַרשע.

עס איז מער נישט נויטיק סינאָפּטיש אויפצוכאַפּן ווייטערדיקע סוזשע־טישע איינצלהייטן. מיט די אויבן אָנגעמערקטע מאָמענטן זיינען מיר אויסן צו באַווייזן ווי אַזוי עלבערג האָט זיך קינסטלעריש מיט זיי געספּראַוועט.

ווייטער ציט זיך דער סיפּור־המעשׂה ווי אַ שווער אָנגעלאָדנטער וואָגן שלעפּנדיק זיך באַרג אַרויף. עס פאַרלירט זיך דער דערציילערישער פאָדים. הגם געוויסע פּעריפעטיעס האָבן אַ שייכות צו דער הויפּטטעמע, זיינען אָבער די לעצטע קאַפּיטלען אָנגעדיכטעוועט מיט איבעריקע, וואָלטן מיר זאָגן, פאַקטן, ווי צ״ב דער ליבע־עפּיזאָד פון דעם רבילע מיט באַשע אויף דער וואָגלענדיקער שיף. דער דיאַלאָג צווישן די צוויי אומפּאַסיקע כאַראַק־טערן קלינגט נאַטירלעך און איז אינטערעסאַנט. עלבערג וואָלט אָבער מיט זיין שרייבערישן טאַלאַנט געדאַרפט די דאָזיקע פאַרלויפעניש אויסברייטערן

אין אַ באַזונדערער דערציילונג. געדיכטע שילדערונג איז טאַקע אַ מעלה, אָבער נישט ווען מען טוט דאָס איבער דער מאָס. נישט געקוקט אויף אַט דער „פגימה", איז דאָס ווערק, אין גאַנצן גענומען, אַ געראָטענע, ליטעראַרישע דערשיינונג.

די אויפּרודערונג צווישן די פּליטים וואָקסט בעת די ענגלישע ים־היטער דערלאָזן נישט די וואַנדערשיף זיך דערנענטערן צום ברעג. יאָסל קלעטערט אין רעוואָלטירנדיקן אָנרעג אַרויף אויפן שפּיץ פון מאַסט אויפצוהענגען די בלוי־ווייַסע פאָן. ער פאַלט פון אויבן אַראָפּ טויט. גראָד אין יענער שעה גייט גאָלדע צום קינד פון איר צווייטן מאַן. עלבערג ענדיקט זיין ווערק מיט פאָלגנדיקן נאַראַטיוו:

„דאָס איז געשען אויף דער שיף „מולדת" און די צעשליסענע, פאַרבלוטיקטע פאָן איז געווען די פאָן פון דער ייִדישער מלוכה אונטערוועג. מיינט דאָס, אפשר, אַז דאָס עופהלע יוסף, וואָס איז געבוירן נאָך פריער ווי זיין מולדת, איז דער ערשטער בירגער פון דער מולדת אונטערוועג? מזל טוב!"

אין איינער אַ צייטשריפט האָבן מיר אָנגעטראָפן אויף אַ קריטישער באַמערקונג, הלמאי דער שרייבער י. עלבערג האָט אַריינגעפירט אין זיין אינטערעסאַנטן ווערק מאָמענטן פון טיפערן נאַציאָנאַלן באַטייט, — אַ טענה וואָס האָט צו טאָן מיט איינזייטיקייט.

עס איז נישט שייך אָנצוּוואַרפן דעם שרייבער וואָסער לעבנסציל ער זאָל אויסקלייבן פאַר זיינע העלדן. מיר ריידן דאָך אָפּט וועגן פרייהייט פון שרייבער, אומאָפּהענגיק פון זיין וועלטבאַנעם. און ווי מיר האָבן שוין אויבן געזאָגט, שטעלט עלבערגס ווערק ווייט מיט זיך נישט פאַר קיין אימיטירטער צוזאַמענשטעל פון פּרימיטיוו באַשריבענע פאַקטן. דער שרייבער באַלייכט די פאַסירונגען מיט דעם ליכט פון אַ געניטן מייסטער.

## ב.

אַ יאָר שפּעטער נאָך דעם ווי עס איז דערשינען זיין ווערק „אויפן שפּיץ פון אַ מאַסט", האָט עלבערג אַרויסגעגעבן אַ בוך דערציילונגען א"נ „צעוואָרפענע זאַנגען" (מאָנטרעאָל 1976). אינעם בוך גייען אַריין שאַפונגען,

וואָס דער מחבר האָט פון פריִער שוין געהאַט פאַרעפנטלעכט אין פאַרשי־
דענע צייטן און צייטשריפטן. טייל פון זיי זיינען געשריבן אין געווײנלעכן,
בעלעטריסטישן זשאַנער, אַנדערע — אין מאַנאַלאָגיש באַריידעוודיקן סטיל.
אין „דבורהלעס תּפילה" דערציילט זיך וועגן אַ יידיש פאָרפאָלק וועמענס
איינציקער באַגער איז צו ברענגען אַ קינד אויף דער וועלט. לויטן יידישן
דין איז רעכט, אַז אַ מאַן זאָל אָפּגטן זיין עקרהדיק ווייב נאָכן אָפּלעבן מיט
איר צען יאָר. איטשע־דוד האָט אָבער ליב זיין ווייב. זי איז אים געטריי
און אין שטוב איז זי אַ גוטע באַלעבאָסטע. ניין, ער האָט נישט קיין חשק
אויסצופאָלגן דעם טאַטנס עצה, זי אָפּצוגטן. נישט גענוג וואָס איטשע־דוד
איז נישט געבענטשט מיט קיין קינדער, איז ער נאָך, לעצטנס, געשלאָגן
אין דער פּרנסה. פון דעסטוועגן האָט ער אויך היי־יאָר באַוויזן אָפּצושפּאָרן
צען זלאָטעס מנדר צו זיין פאַר מפטיר יונה — אַ מצווה וואָס איז אַ סגולה
צו געבוירן קינדער. גראָד היינטיקן יום־כּיפּור קומט איטשע־דודן אָן שווער
די עליה. דער שול־גבאי רופט אויס מפטיר יונה צום ערשטן מאָל, צום
צווייטן מאָל, און דער גראָבער וורום שלאָגט אים אַריין אין פּרייז. איטשע־
דוד איז פאַרצווייפלט. ער ווייסט, אַז אַברהם קאָבילאַק „פירט מסחרים
וואָס האָבן צו טאָן מיט גרענעצן" און ער קאָן מיט אים זיך נישט יאָגן
אין הוספות, ער גאַרט אַזוי געהאָלפן צו ווערן מיט אַ קינד. בלויז מיט דעם
תּענית און מיט די הייסע תּפילות וועט ער נישט יוצא זיין פאַר גאָט. דער
רב באַקומט רחמנות אויף אים. דער מרא דאתרא איז גרייט אַראָפּצוגעבן
דעם הדיוט אַ טייל פון זיינע זכותים ביי דעם רבונו־של־עולם, אָבי יענער
זאָל אָפּטרעטן דעם מפטיר יונה פאַר איטשע־דודן. דאָס אַלץ דערציילט
אונדז עלבערג אין זאַפטיקע שילדערונגען און מיט אויסגעבונדענער קענ־
טעניש פון דער יידישער טראַדיציע.

דער מחבר ברענגט אַרויס די גאָטספאָרכטיקייט פון דעם ייִד, באַ־
זונדערס אין דעם הייליקסטן טאָג יום־כּיפּור, ווען ער גיסט אויס דורך
טרערן זיין הייסע תּפילה צום איינציקן באַשעפער אין הימל, ער זאָל
דבורהלען אויסלייזן פון איר עקרהשאַפט. ווי קליין איז דער מענטש אין
דער השגחה צו באַנעמען גאָטס ווונדער, נאָר גראָד פאַר אים, איטשע־דודן,
באַוויליקט נישט דער בורא־עולם צו באַווייזן אַ נס.

דבורהלע פילט נאָך טיפער אָפּ איר טראַגעדיע. עלבערג מאָלט זי מיט
ריַרנדיקע פאַרבן. די עקרה גיסט אויס איר טרערנפולע תּחינה פאַר דעם

אַלמעכטיקן באַשעפער. פרייטיק־צו־נאַכט ביי ליכטבענטשן דערמאָנט זי מיט ערפורכט די מאַמע רחל און חנה, די מוטער פון שמואל הנביא, צו וועמענס געבעט גאָט האָט זיך צוגעהערט. נישט בלויז די באַהאַרצטע שרה־בת־טובימדיקע תפילה פון דבורהלען, וואָס איז פאַר זיך אַליין אַ פּערל, נאָר די דערציילונג אַלס גאַנצע, איז, באמת, אַ שעדעווער.

טעמאַטיש ענלעך צו „דבורהלעס תפילה" איז די דערציילונג „בער לעפּ". אין „דבורהלעס תפילה" ווייזט אונדז דער מחבר אַ פּאָרפּאָלק צוגע־פּאַסט איינער צום אַנדערן לויטן כאַראַקטער און סביבה. אין „בער לעפּ" דערציילט זיך וועגן מאַן און ווייב וואָס קומען פון צוויי באַזונדערע וועלטן. צו וואָס האָט דער באַלעגאָלע־יונג געלאָזט זיך פאַרשדכנען מיט דער עלטע־רער, גאָרנישט שיינער חנהן און נישט מיט לייבל הוראַי׳ס שוועסטער קיילע? זי וואָלט דאָך אים, ווי לייב זאָגט, „געקאָנט אָנשיטן אַ פולע שטוב מיט ממזרס". בער לעפּ האָט געדענקט חנהן פון די חדר־יאָרן. לייזער וואָלף איז געווען זיין מלמד. אַז עס איז אַמאָל אויסגעקומען, האָט חנה אַרויסגעהאָלפן דעם טאַטן אין מלמדות. ווען די שוחטקע האָט אים פאָר־געשלאָגן דעם שידוך מיט חנהן, איז דאָס פאַר בער לעפּן געווען אַ גרויסע זכיה, ווייל „חנה ז׳אַ ניידל קינד".

בער לעפּ איז אַ גוטער בעל־פרנסה. אַלע סוחרים האָבן ליב צו פאָרן אויף זיין בעסער אויסגעשטאַטן פערד־און־וואָגן. די איינציקע צרה איז, וואָס חנה קאָן אים נישט ברענגען קיין קינדער. בער לעפּ לאָדנט אויס, אויף זיין שטייגער, זיין טענה צו גאָט, הלמאי דער מיכאַלאָווען „האָט גאָט געעפנט די טראַכט" און זיין חנהן „האָט גאָט נישט געעפנט די טראַכט". אין אַ רעגנדיקער נאַכט איז בער לעפּ איין מאָל געבליבן שטעקן אונטער־וועגנס מיט זיין פערד און וואָגן. די פויערטע האָט אים דעמאָלט אַריינ־געפירט אין שייער אויף נאַכטלעגער. זי האָט אין דער פינצטערניש צו־דרינגלעך אָנגעצונדן אין אים די געבליטן. איצט האָלט זי אַ קינד ביי דער ברוסט. אַ מאָל וויל ער, פאַרבייפאָרנדיק, אויף אַ ווילע נעמען דאָס קינד אויף די הענט, נאָר די פויערטע טרייבט אַרויס דעם ייִד פון דער כאַטע און פאַרשעמט אים.

„בער לעפּ" געהערט צו י. עלבערגס יונגע ליטעראַרישע שאַפונגען אין וועלכע ער האָט אין די אָנהייב־דרייסיקער יאָרן זיך אַרויסגערוקט ווי אַ שרייבער מיט אַ ברייט אַרומנעמענדיקן זע־חוש. אין דער זעלבער דער־

ציילונג מאָלט ער עטלעכע מאָמענטן וואָס שפּיגלען אָפּ בעת לעפּס בענקנ־
דיקע ליבשאַפט צו קינדער. אַז ער האָט נישט קיין אייגענע, איז ער גרייט,
אין אַ נויט, זיך מקריב צו זיין פאַר יענעמס קינד. ער לאָזט ביי נאַכט,
אין אַ ווינטער־זאַווערוכע, זיך אַוועק אין אַ שכנותדיק שטעטל, ברענגען
אַ רפואה פאַר לאַזערס מסוכן־קראַנקער מיידעלע. זיין פרייד מיט דעם
ניי־געבוירענעם לאַשיקל, איז, להבדיל, גלייך ווי די פרייד פון אַ טאַטן מיט
זיין בן־יחידל. חנה האָט אַ צייט נישט געלאָזט אים צורירן צו זיך, מחמת
זיינע מחזקות מיט דער גויע. איצט שענקט זי אויך אירע צערטלעכקייטן
דעם שיינעם לאַשעקל. זי שעפּט נחת דערפון באַגלייך מיט בערן.

אין דער דערציילונג „אַז מען האָט נישט קיין מזל״ האָבן מיר צו טאָן
מיט אַ קמצן, וואָס וויל נישט איינזען זיין חסרון. די קאַרגקייט מאַכט אים
נמאָס אין די אויגן פון זיין ווייב און קינדער, אַזוי אויך אין די אויגן פון
געשעפטסלייט, מיט וועמען ער קומט אין באַריר.

פייוול — פּאַוועל, איצט האָט ער געטוישט זיין נאָמען אויף פּאָול,
האָט זיך באַזעצט אין קאַנאַדע. ער האַלט זיך אין איין באַקלאָגן, אַז ער
האָט נישט קיין מזל. לויטן באַגריף פון מאָנטרעאַלער ביזנעסלייט, איז ער
שוין גאַרנישט קיין לאַ־יוצלח. ער איז פּטור געוואָרן פון זיין העברעישער
לערעריי און גלייך געוואָרן אַ פּאַרמאַן אין אַ שניידער־פאַבריק. לכתחילה
האָט ער זיך געקווענקלט, צי זאָל ער זיך אַריינלאָזן אין נאָענטע מחזקות
מיט דעם צושניידערס טאָכטער, מחמת אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ביי
יענעם אין הויז פירט מען אַ נישט באַרעכנט, צעבאַלעוועט לעבן, מען היט
נישט דעם דאָלער... די טאָכטער מוז, משמעות, אויך זיין אַן אויסברענ־
געריך. נאָר נישקשה, ער וועט זי אויסלערנען ווי מען דאַרף לעבן. פּאָול
האָט חתונה מיט גיטאַ. ער האַלט, אַז זי האָט מיט אים גוט געטראָפן...
ער איז אַ גוטער פאַרדינער אויף אויסצוהאַלטן אַ הויזגעזינד מיט פּרנסה,
נאָר איין זאַך: ער האָט נישט קיין מזל... פּאָול אַרבעט זיך אַרויף — ער
ווערט אַ שותף צו מאַרטינס שניידערשאַפּ. גיטאַ האָט געבוירן אַ קינד.
דאָס באַדערפעניש אין הויז ווערט גרעסער, נאָר דער מאַנופעקטשורער
ליגט נאָך אַלץ אויפן בייטל. מיר האָבן דאָ אַ בילד פון אַ קליין מענטשעלע
מיט גראָשנדיקע השגות. עלבערג דערציילט וועגן אים אין אַ סאָרט מאָנאָ־
לאָגיש־באַריידעוודיקן סטיל, דורכגעמישט מיט אַ טראָפּן הומאָר. ווען זיין
ווייב — זי ווערט מיט דער צייט אַ מאַמע פון דריי קינדער — דאַרף

עפּעס אײַנקױפֿן פֿאַר דער שטוב, גייט זי יעדעס מאָל אַרויף אין שאָפּ, דער שותּף זאָל איר אַרויסגעבן געלט פֿון דער קאַסע על חשבון הגביר. מאַרטין ווערט אויף אַזאַ אופֿן אַן אייגענער אין דער משפּחה. די דאָזיקע מעשׂה רופֿט אַרויס ביי דעם קמצן אַלע פֿאַרדראָסן און חשדים. נישט גענוג וואָס דער שותּף שטעלט אים בדלות, פֿאַרשוואַרצט ער אים נאָך דאָס פּנים אין דער ברומילאָווער סאָסייעטי, ווו ער איז דער פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר... פֿאָול ווערט ברוגז מיט מאַרטינען און גייט אַרויס פֿון שותּפֿות. דורך אַלע יאָרן טראָגט ער אויף יענעם אַ האַס, הלמאי ער האָט אים באַגנבֿעט, אויס־צאָלנדיק דעם ווייב פֿון דער קאַסע וויפֿל נאָר זי האָט פֿאַרלאַנגט. די אונטערגעוואַקסענע טעכטער האָבן ביי אים די זעלבע דאָליע ווי די אָפּ־געשטאַרבענע מאַמע. זיי ווייסן, אַז דער טאַטע איז אין שטאַנד זיי אויס־צושטאָטן מיט אַלעם גוטן. נאָר יעדן מאָל, ווען עס קומט אויס חתונה צו מאַכן אַ קינד, ווייזט ער נישט אַרויס קיין איבעריקע ברייטהאַרציקייט. ער זאָגט, אַז די טעכטער האָבן אַזאַ גוט מזל ווי זייער מאַמע. אַלע באַקומען זיי גוטע מענער, ווי זיי וואָלטן געווען פֿון זעלבן טייג געקנאָטן וואָס ער... עלבערג מאָלט דאָ אַ פֿאַרבנרייכן פּאָרטרעט פֿון אַ מינערווערטיקן פֿאַרשויך, פֿאַר וועמען דעם עצם אינהאַלט פֿון לעבן איז דאָס גאָלדענע רענדל. ווי יעדער קמצן, לעבט פֿאָול פֿון צוגעוואָרפֿענע ברעקלעך, אָן ברייוח צו געניסן פֿון זיינע געלט־הכנסות. ער בלייבט אַ יורד אויף וועמען די אייגענע קינדער האָבן ווינציק רחמנות.

מזל איז נישט אַלע מאָל אַ זאַך פֿון בלינדן גורל. אַ מאָל האָט מזל־דיקייט אויך צו טאָן מיט די פּערזענלעכע אייגנשאַפֿטן פֿון אַ יחיד, צום שלעכטן אָדער צום גוטן.

צו די געטאָ־דערציילונגען אין דעם בוך „צעוואָרפֿענע זאַנגען" גע־הערן „אַן עפּל מיט האָניק", „ערב שבת אין אַ וואַרשעווער הויף", „משפּט מיך" און „דער טאָפּ". אין די ערשטע טעג ווען די דייטשן האָבן פֿאַר־נומען וואַרשע, האָט די געסטאַפּאָ־מאַכט דערוויל זיך אָפּגעהאַלטן אַרויס־צופֿירן די ייִדן פֿון געטאָ צום פֿאַרניכטן. עס איז נאָך מעגלעך געווען, כאָטש מיט מורא, אַרויסצוגיין אויף דער גאַס. דער באַזאַר איז פֿול מיט ליאַרעם פֿון אָרעמע קרעמערס, מאַרק־ייִדענעס, בעטלערס, הויף־זינגער, הילפֿלאָזע קאַליקעס און סתּם הונגעריקע ייִדן. דער ראש השנה רוקט זיך אָן. אַ ייִד זוכט צו קויפֿן אַן עפּל פֿאַר אַ האַלב ברויט, וואָס ער האָט אָפּגע־

צערט אַ גאַנצע וואָך פון יעדנס ברויטפּאַרציע אין דער משפחה. זיין זונדל פרעגט זיך כסדר אויף אַן עפּל. אים אַליין פאַרשמעקט אויך אַ פרוכט. עלבערג ווייזט אונדז ווי אין גרעאַנגל פאַר זעלבסדערהאַלטונג טוט דער מענטש זיך אין גאַנצן אויס פון בושה. דער הונגער באַרויבט אים פון זיין ערלעכן געוויסן, דערנידעריקט זיין מאָראַל. אין די בילדער־פאַרצייכע־נונגען „ערב שבת אין אַ וואַרשעווער הויף", גייט דער הויכער יאַנקל אין קיך נעמען די אויסגעטיילטע זופּ פאַר דער גאַנצער משפחה און קומט צוריק אַהיים מיט אַ ליידיקן טאָפּ. אויפן וועג האָט ער אויפגעגעסן זיין ווייבס און קינדערס חלקים.

אויפן הויף שרייען מיידלעך אַרויף צו די פענצטער, בעטנדיק אַ נדבה. אַנדערע בעטן אַ שטיקל ברויט, אַ ביסל קאַרטאָפל־שאָלן. דאָס ווייב פון פרעזעס פון הויז־קאָמיטעט בייזערט זיך אויף די גאַסן־זינגערס, הלמאי זיי לאָזן נישט שלאָפן דאָס קינד. ברוכל בראַוומאַן ברענגט אַ נישט גע־שטויגענע ידיעה פון גאַס, אַז אַן ענגלישער דעסאַנט האָט זיך אַראָפּגע־לאָזט אין גדיניע און וועט באַלד זיין אין לאָדזש... זילבערשטיין טרייבט קאַטאָוועס פון זיינע גוטווונטשנדיקע נייעסן. שוין עטלעכע טעג ווי אויפן הויף ליגט אַ טויטע פרוי נאָכן אַראָפּוואַרפן זיך פון פינפטן שטאָק. איבער אַלעם טראָגט זיך אין דער ענגשאַפט פון קעלער „דאָס געוויין פון אַ קינד און דער טרויעריקער גמרא־ניגון פון שלמהלע גערער און זיין זון".

די גרעסערע דערציילונג „משפט מיך" האַלט דעם לייענער געשפּאַנט פונקט ווי עטל האַלט דודן געשפּאַנט בעת זייער ערשטער באַגעגעניש נאָך דער מלחמה. זי וויל גאַרנישט באַהאַלטן. זאָל ער וויסן אַלצדינג, וואָס איז מיט איר זיך פאַרלאָפן אין יענע גרוילפולע טעג.

ווי נאָר די דייטשן זיינען אַריין אין שטעטל (דוד איז שוין געהאַט אַוועק אויף יענער זייט גרענעץ), האָבן די דייטשן געיאָגט זיך נאָך רויב. געזוכט אין יידישע הייזער גאָלד און אַנדערע ווערטפולע זאַכן. חוץ צירונג געפינען זיי אַ ספר־תורה. זיי שענדן די ריניקייט און טרעטן זי מיט די פיס. דער מיטגעקומענער פּאָליאַק זאָגט זיי אונטער, אַז דאָס איז אַ רייכער ייד. די דייטשישע רוצחים גיבן אים אַ טויטקלאַפּ מיט דער קאָלבע פון דער ביקס. ר' שלמה ליגט עטלעכע טעג צו בעט און שטאַרבט.

ערגער איז ווען די דייטשן טראָגן אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע אָטוואָצקער יידן זאָלן זיך צושטעלן צו דער באַן. אין שטעטל ווערט אַ מהומה. שרה

און עטל באַווייזן זיך אַרויסצוראַטעווען פון דער פאַרמשפּטער עדה, זיי באַהאַלטן זיך ערגעץ אויף אַ בוידעם. ביי נאַכט קומען זיי, אויסגעמאַטערט פון שרעק און הונגער אין אַ דאָרף, זיי בעטן זיך איַין ביי אַ באַקאַנטן פויער, ער זאָל זיי אויסבאַהאַלטן. דער פויער לאָזט זיי איבערנעכטיקן מיט דעם תנאי, זיי זאָלן גלייך פאַר טאָג זיך אָפּטראָגן פון דאַנען. יוזעף איז אַן אלמן. קיין קינדער האָט ער נישט. די מאַמע מיט דער טאָכטער מיינען, אַז ביי אים איז דאָס בעסטע באַהעלטעניש. דער פויער האָט מורא. ער שיכּורט און איז בכלל נישט קיין שטאַנדהאַפטיקער מענטש. ער טרייבט זיי אַלע מאָל אַרויס און זיי קומען אָן ברירה צוריק. ביז איין מאָל, נאָכן אָפּ־וואָגלען אַ טאָג אויפן בית עולם, גייען זיי, דורכגעפרוירענע פון דער ווינטערדיקער קעלט, ווידער צו יוזעפן. דער פויער האָט פון פריִער זיך שוין אויסגערעדט מיט זיי, — שׂרה זאָל זיך אויסבאַהאַלטן אויפן בוידעם און עטל זאָל בלייבן אין שטוב... דאָס לעצטע מאָל האָט יוזעף זיי אַרויס־געטריבן, מחמת עטל האָט אים נישט געלאָזט זיך צורירן צו איר. שׂרה הערט אין דער פינצטער אַ גערודער ווי עטל וואָלט זיך אונטן געראַנגלט מיט דעם פויער. די מאַמע קאָן נישט איבערטראָגן דעם שענדלעכן חילול הכּבוד פון איר קינד. זי האָט, אַ פאַרפרוירענע, „געפונען מנוחה" אויף איר מאַנס קבר.

דאָס אַלץ דערציילט אונדז עלבערג מיט דער זעלבער שילדערונגס־קראַפט וואָס איז אונדז באַקאַנט פון זיין אויבן באַקאַנטן ווערק „אויפן שפּיץ פון אַ מאַסט". אַפילו אין פאַרוואָרפנסטן דאָרף קומט אָן שווער זיך אויס־צובאַהאַלטן פון די רוצחישע דייטשן. די שׂנאה צום ייִד איז אַזוי איינגע־וואָרצלט אינעם פּוילישן פאָלק, אַז זעלטן אַ פּאָליאַק זאָל אַרויסווייזן רחמנות צו אים. עלבערג שילדערט דעם מצב פון דער דאָרפישער באַפעלקערונג אונטער דער ממשלה פון דעם אַכזריותדיקן אָקופּאַנט. די מורא איז ביי זיי אויך גרויס. דאָך זיצט מען אַ גאַנצן טאָג אין שענקל און מען טרינקט, מען קריגט זיך, מען רעדט פּאָליטיק, ביז מען קומט צום אויספיר, אַז איין גוטע זאַך האָט היטלער געטאָן: „ער האָט אונדז באַפרייט פון די זשידעס". דורך זייערע רייד ווערט קלאָר אָפּגעשפּיגלט דאָס פּרצוף־פּנים פון דעם פּאָליאַק בכלל. איינער פון זיי האָט שוין נישט איין ייִדן אויסגעגעבן צו דער געסטאַפּאָ פאַר אַ ביסל צוקער. דער אַנדערער האָט, אויסבאַהאַלטנדיק אַ ייִדיש מיידל, זיך אָנגעזעטיקט מיט איר קערפּער און דערנאָך זי אַרויס־

געטריבן. אַ דריטער האָט שוין דערשאָסן עטלעכע ייִדן, וועלכע האָבן געזוכט אין דאָרף אַ באַהעלטעניש.

צוריקקומענדיק מיט דער רעפּאַטריאַציע פון רוסלאַנד, האָט דוד ביי דער ערשטער באַגעגעניש מיט עטלען, נישט געוואָלט געבן וויסן וועגן אירע צרות צרורות אין דער מלחמה. עטל וויל אים דערציילן וועגן אַלץ, וואָס מיט איר האָט זיך פּאַרלאָפן. זאָל ער זי משפּטן. אַוודאי האָבן ייִדן אין יענע חושכדיקע טעג אַלץ געטאָן בכדי זיך צו ראַטעווען פון טויט. פון דעסטוועגן קאָן דוד נישט פאַרשטיין, פאַר וואָס עטל איז גאַנצע פיר טעג נאָך דער מלחמה נאָך געשטאַנען מיט דעם גוי. עטל פאַרענטפערט זיך, אַז זי האָט אַנדערש נישט געקאָנט האַנדלען. אַ דאַנק אים איז זי דאָך געבליבן לעבן. דוד „האָט געכאַפּט זיין רוקזאַק און זיך דערווייטערט מיט שנעלע טריט", געלאָזט זי זיצן אַליין. ווען ער איז פאַר נאַכט געקומען אין איר וווינונג, האָט אויסגעזען ווי ביידע האָבן זיך צוריק אָפּגעפונען. אַז עטל האָט אַ קינד, האָט ער ביז איצט נישט געוווּסט. ער ווערט „זיך צו דעם אויך צוגעוווינען". דוד גריבלט זיך אין מצוות און לאַוון פון דער תורה. ער וויל געפינען אַ היתר פּטור צו ווערן פון דעם ממזר, וועלכער טאָר נישט ביזן צענטן דור חתונה האָבן מיט אַ ייִדיש קינד. עטל לאָזט אים וויסן אַז „איידער שיידן זיך מיטן קינד פאַר איין שעה, וועט זי בעסער זיך שיידן מיט אים אויפן גאַנצן לעבן". דוד פּרוּווט אויף זיין שטייגער פאַרענטפערן די האַרבע שאלה: איז ער דען דער זעלבער ירא־שמים ווי אַמאָל?

און כאָטש די דערציילונג בלייבט קאָנקרעט נישט פאַרענדיקט, זיינען מיר משער, אַז נאָך אַלע חטאים וואָס נישט בלויז עטל, נאָר יעדער מענטש איז דורך ליידן און טויט־סכּנות באַגאַנגען קעגן זיין ווילן, האָט דוד אַרויסגעטראָגן זיין אייגענעם רעהאַבּיליטירנדיקן פּסק־דין: ער האָט זיך אומגעקערט צוריק צו זיין ווייב.

„דער טאָפּ איז דאָס איינציקע פאַרמעגן. די שטוב אין דעם פּליטים־פּונקט געהערט צו זעכצן משפּחות. דער פּריטש — דאָס געלעגער צוזאַמענגעקלאַפּט פון אַלטע, הילצערנע קאַסטנס — געהערט צום קהל. דאָס ביסל מלבושים און בעטגעוואַנט איז צעשליסן

און פאַרלויזיקט. נאָר דער טאָפּ איז נאָך געבליבן אַזוי ווי ער איז געווען אין דער היים, ווען יאַנקל דער סעדער, און רחל, זיין ווייב, האָבן אין אים געקאָכט פאָווידלע פון איבערגערייפטע פלוימען. אַזאַ גרויסער טאָפּ פון בלוי־געשיר איז אין געטאָ ווערט אַ פאַרמעגן".

דאָס אַלץ וואָס איז געווען פאַר דער מלחמה, איז ווי אַ פאַרשווונדענער חלום. איצט שטייען אַלע אין דעם אַרומגעמויערטן געטאָ, אויף דער גרענעץ פון לעבן און טויט. שוין עטלעכע טעג ווי יאַנקל, דער סעדער, איז אינעם הייסן דרויסן אַוועק פונעם פּליטים־פּונקט. די שיך האָט ער איבערגעלאָזט אונטערן פּריטש ווי אַ ירושה, גלייך ער וואָלט פאַרויסגעזען, אַז ער וועט מער נישט צוריקקומען. אויף די גאַסן פון געטאָ זעט מען פאַרבייפאָרנדיקע וועגעלעך אָנגעלאָדנטע מיט טויט־געפאַלענע פון הונגער און טיפוס. רחל־לאה גייט צום בית־עולם, אפשר וועט זי צווישן די הויפנס מתים דער־קענען איר מאַן. זי וויל פאַר דעם טאָפּ, וואָס איז „ווערט אַ פאַרמעגן", אָפּקויפן פאַר איר מאַן אַ באַזונדערן קבר. שוידערבילדער, גרויליקע מעשׂים פון דעם בייזן שׂטן, צעטומלטע רייד פון מענטשן אויסגעשעפּטע פון לעבן, חושך ואפלה. נישטאָ קיין ווערטערפאַרבן בילדעריש אויסצו־דריקן דעם אומגעהויערן תּהום פון מענטשלעכע ליידן און אוממענטשלעכער אַכזריות. אפשר דאַרפט מען וועגן די אומדערהערטע גרויזאַמקייטן פון דער היטלער־תּקופה דערציילן אין דער שפּראַך פון כראָניק, ווי נתן נטע האַנאָווער דערציילט אונדז וועגן די גזירת ת"ח ות"ט אין זיין „יוון מצולה" ? מיר וועלן דאָ זיך אַרויסהעלפן מיט אַן אָפּשאַצערישער מימרא פון אונדזער גרויסן ליטעראַטור־קריטיקער ש. ניגער, ווו ער רעדט וועגן דעם מאָנומענ־טאַלן וואָס „אונדזער געשיכטע קאָן געבן דער יידישער ליטעראַטור. עס איז איצט באַזונדערס שאַרף דער קעגנזאַץ צווישן דעם קאָלאָסאַלן מאַסשטאַב פון די אַרומיקע וועלט־היסטאָרישע פאַסירונגען און די נאָך אַלץ ענגע, היימישע פאַרמעסטונגען פון אונדזער ליטעראַטור".

„דער מאַסשטאַב פון אַרומיקע וועלט־היסטאָרישע פאַסירונגען" איז דורך די לעצטע פערציק יאָר פון אַזאַ אומגעהויערן פאַרנעם, (אוי, וואָסער פאַרנעם !), נישט צו באַנעמען מיט דעם מענטשלעכן שׂכל און געפיל. ווי טיף דער קינסטלער זאָל נישט אַריינדרינגען אין דעם ים פון מענטשלעכע

יסורים און טרערן אין אונדזער היסטאָריש געשטראָפּטער תּקופה, וועט דער ים נאָך אַלץ נישט בלייבן אויסגעשעפּט.

דער טראַגישער אומגליק פֿון אונדזער פֿאָלק האָט נאָך אַלץ נישט באַקומען זיין פֿולע קינסטלערישע פֿאַרקערפּערונג. י. עלבערג וועט צו דער קאָשמאַרן־טעמע זיך נאָך, גלויבן מיר, אומקערן און דערלאַנגען אַ העכערן שטאַפּל אין זיין קינסטלערישן שאַפֿן.

1977



מ. קלאָנסקי „טרעבלינקע“

## צוויי ווערק — צוויי פאַרשידענע וועלטן

„דער האָטעל וואָס עקסיסטירט נישט" (מאָנטעווידעאָ, 1944). פון דעם ערשטן בליק אויף דעם נאָמען פון בוך, דאַכט זיך, ווי דער מחבר חנן אַיאַלטי וואָלט אויף די אָנגעשריבענע זייטלעך זיך פאַרנומען מיט נישט געשטויגענע אויסטראַכטענישן. בעת דו בלעטערסט אָבער די אויסגאַבע מיט מער אויפמערק, טרעפסטו אָן אויף אָפּטייל־טיטולן, ווי „ערב שטורעם", „מיט לייַב און לעבן", „צוויי ליבעס", „אויפן ראַנד", „אין די הויכע פענצטער" — אָט די אָנרופן זייַנען מרמז, אַז אין דעם בוך ווערן בעלעטריסטיש אָפּגעשפּיגלט רעאַלע לעבנס־דערשייַנונגען. דער שטח, ווו עס הייבט זיך אָן אויפוויקלען די האַנדלונג פון ווערק, איז פּאַריז — די עיר־מיקלט פאַר אומלעגאַלע אימיגראַנטן פון כמעט אַלע לענדער אין דער וועלט. זייער ווויינאָרט איז „דער האָטעל וואָס עקסיסטירט נישט". דאָס איז אַן אַלטער האָטעל וואָס האָט, מחמת אָפּגעלאָזנקייט, נישט קיין וויכטיקן אָנזען אין דער מעטראָפּאָליע און ווערט אויך, צייטנווייז, פאַרזען פון דער אַדמיניסטראַטיווער מאַכט. דאָך לעבן די „איינוווינער" אין מורא פאַר דער פּאָליציי. זי קאָן צו יעדער צייט אַרייַנפאַלן, אויפזוכן אַן אומלעגאַלן אימיגראַנט און אים אַרויסשיקן פון לאַנד. עס ווויִנען דאָ די אָרעמסטע שבאָרעמסטע, רעוואָלוציאָנערן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, סטודענטן, פּאָליטיש פאַרפאָלגטע אַרבעטער און סתם מענטשן זוכנדיק אַ שטיקל אחיזה אין לעבן.

אַיאַלטי מאַלט זייער אויסערלעכן אויסזען און באַקענט אונדז מיט זייערע אייגנשאַפטן. אַט שטייט פאַר אונדז אהרן גרילאַק וואָס יעדן אין דער פרי וועקט ער אויף מיט זיין אַרומליאַרעמען דעם גאַנצן האָטעל. און אַט צייכנט פאַר אונדז דער מחבר אַן אַנדערן טיפּ, יאַשקען דעם אַנאַרכיסט „מיט דעם גנביש־סקעפּטישן שמייכל אין די אויגן־ווינקלען". אין גאַנג פון דער אַקציע רוקט זיך אַרויס שמערקע מיט זיין קליינשטעטלדיקער באַ־ריידעוודיקייט, וועמען עס איז, פון דעסטן, גאַנץ אינטערעסאַנט צו הערן. אַ קינסטלעריש פאַרפּיקסירטע געשטאַלט איז דער סטודענט ריימאַן מיט זיינע לאַנגע פיס און אַראָפּהענגענדיקע אָרעמס. דאַכט זיך, אַז ער קאָן קיין צוויי נישט ציילן און דאָך ווייסט ער אַלצדינג וואָס עס טוט זיך אין דער וועלט, באַזונדערן אויפמערק שענקט דער קינסטלער אינעם אָנהייב פון בוך שמעונען, דעם שטענדיק פאַרטראַכטן בחור פון קאַרפּאַטן־רוסלאַנד, אַ געלערנטער אין יידישע ספרים, וועלכער פאַרמאָגט אויך אַ סך וועלט־לעך וויסן. רות, די קיבוצניצע פון ארץ־ישראל, קען זיך אויף זיינע מעלות און האָט אים ליב. אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען וועלן מיר באַגעגענען נאָך אַנדערע פערסאָנאַזשן אין זייער אויסזיכטלאָזער, גרויסשטעטישער פאַרוואָגלטקייט. זיי באַגעגענען זיך גאַנץ אָפט אין איינער פון די אָרעמע קאַפעען אין פּאַריז. מען זיצט אַרום די טישלעך, שמועסנדיק וועגן וועלט־ענינים און וועגן זאַכן, וואָס האָבן אַ שייכות צו זייער פּערזענלעכן לעבן.

מיט דעם אויסברוך פון דעם בירגערקריג אין שפּאַניע, איז די וועלט אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר אַ גורלדיקן נסיון. די פאַשיסטישע מגפה האָט געשטעלט אין קאָן די מענטשלעכע ציוויליזאַציע מיט דער זיכערקייט צו נעמען די אויבערהאַנט איבער דער וועלט. אין פיל לענדער האָבן פראַנ־צויזן, איטאַליענער, בולגאַרן, יוגאָסלאַוון, פּאָליאַקן, יידן און פאַרגעשרי־טענע כוחות פון אַנדערע פעלקער זיך פריי־וויליק מאָביליזירט אין די קעמפנדיקע רייען קעגן דער ברוינער פּעסט. די „איינוווינערס" פון „האָטעל" זיינען ביסלעכווייז ווייניקער געוואָרן. באַגייסטערונג, לידער, און אַן ענטוזיאַזם, וואָס זאָגט דערוויל גאָרנישט צו. אַ סך יונגעלייט אַנגאַזשירן זיך אין דער שלאַכט מיט שטאַרקן גלויבן אין דער אידעע פון מענטשלעכער באַפרייונג, אַנדערע ווערן מיטגעריסן עמאָציאָנעל אין דער מלחמת־מצווה, און גאָר אַנדערע לאָזן זיך מיטשלעפּן פון פּערזענלע־כער פאַרצווייפלונג, אפשר וועלן זיי דורך דאַנען קומען צו אַ ביסל פרייד

אין לעבן. פֿאַרשטייט זיך, אַז די לעצטע פֿאַלן אין שלאַכט באַגלייך מיט די באַוווּסטזיניק־געטרייע העלדן.

די ברייט אַרומנעמענדיקע שילדערונגען, די דעטאַל געצייכנטע כאַראַק־טער־באַזונדערקייטן פֿון פּערסאָנאַזש, באַווייזן אַיאַלטיס גרינטלעכע זוכע־נישן אין דער מענטשלעכער נשמה. ריימאַן שמייכלט אונטער איראָניש בעת שמעון רעדט וועגן דעם אידעאַל פֿון אַ גערעכטער וועלט, דערוואַרטנ־דיק פֿון דעם שפּאַנישן בירגערקריג די ענדגילטיקע וועלט־דערלייזונג. אָבער נישט ווי עס טראַכט זיך, אַזוי מאַכט זיך. אַיאַלטין גיט זיך לייכט איין אַרויסצוברענגען דעם אינעווייניקסטן געראַנגל צווישן רות און דעם אַמעריקאַנער מולאַט דזשאָן אין זייער קעגנזייטיק־שטאַרקער ליבע, פֿון וועלכער זיי האַלטן זיך צוריק, אָדער פּרוּוון דערשטיקן אין זיך, מחמת מורא פֿאַר טראַגישע קאָנסעקווענצן. באַרוישט פֿון ברויזנדיקן באַגער צו קומען אין לייַבלעכן באַריר מיט דזשאָנען, קאָן רות דאָך נישט פֿאַרגעסן שמעונען. אָט דאָ, אין דער דאָרפֿישער געגנט, שטייענדיק אַ ווײַלע אין דרויסן פֿאַרן שפּיטאַל, וווּ זי אַרבעט אַלס קראַנקן־שוועסטער, שווימען אויף אין איר זכרון די אַמאָליקע פֿאַרנאַכטן אין קיבוץ, וווּ זי האָט מיט שמעונען צוזאַמען געאַרבעט אויף די וועגן, געזונגען, געטאַנצט צוזאַמען. זי איז נישט בכּוח בייצושטיין איר איצטיקן נסיון. און שמעון — נאָך לאַנגע, וואַנדערנדיקע זוכענישן האָט ער ערשט אין די לעצטע טעג פֿון זיין אורלויב זי אָפּגעפֿונען אין אַלבאַסעטאַ. די קוים דערוואַרטע באַגעגעניש האָט אויך אויף שמעונען געווירקט אַנטוישנדיק. ער האָט דערפֿילט אַ געוויסע צוריקגעהאַלטנקייט אין רותס באַציִונג צו אים. מיט אַ צעבראָכן געמיט האָט ער זיך אומגעקערט צוריק אויפֿן פֿראָנט.

גלייך נאָך דעם האָט רות זיך געפּייניקט פֿון חרטה הלמאי זי האָט אַזוי קאַלט אויפֿגענומען דעם איינציקן, וועלכער איז איר באמת, נאָענט צום האַרצן. דזשאָן איז פֿאַר איר אַ פֿאַרבייגייענדיקער לעבנס־צופֿאַל. מיט שמעונען בינדט זי אַ שטיק פֿון איר לעבן. וווּ איז ער אַוועק?

דערווייל רוקט זיך פֿראַנקאָס אַרמיי אַלץ ווייטער פֿאָרויס. דער מחבר פֿאָלגט נאָך די געשעענישן אין פּאָבולאַרער געשלאָסנקייט, הגם ערטערווייז פֿאַלט זיין שרייבערישער סטיל אַריין אין רעפּאָרטאַזש. אָבער דאָס פֿאַר־שאָטנט בכלל נישט דאָס בעלעטריסטיש שיינע, וואָס פֿאַרכאַפּט דעם לייענער.

שמערקען האָט מען אַראָפּגענומען פון פּראָנט אַ פּאַרוווּנדיקטן, גע־ברענגט אים אין בענקאַסים־שפּיטאָל. רות פאַרנעמט זיך מיט אים, היילנ־דיק זיין דורכגעשאָסענע האַנט. ווי נאָר ער האָט געקאָנט שוין אַרומגיין, האָט ער זיך אויסגעפונען אַ שפּאַנישע פריינדין. פּעפּיטאַ איז געווען אַ דורכגעליטענע, אין זיך צוריקגעצויגענע, באַשיידענע פרוי. שמערקע איז צוגעשטאַנען צו איר און כאָטש אַן עלטערע און מער דערפאַרענע פון אים, האָט ער, מחמת איר עלנטקייט, „געוווּנען איר האַרץ”. אַחוץ נשמהדיקע איבערלעבונג איז אין פּעפּיטאַס ליבשאַפט צו דעם פיזיש שוואַכן און קליין געוווּקסיקן שמערקען געווען צוגעמישט פאַרשטענדעניש. שמערקע האָט מיט זיין האַמעטנער פּשוטקייט זיך נישט אויסגעקענט אויף פּעפּיטאַס וואַרעמער מענטשלעכקייט. ווען גענוג זיך שוין אָנגעזעטיקט מיט איר באַכגיביקן לייַב, האָט ער זי אָפּגעשטויסן פון זיך, בעת זי האָט מער נישט געקאָנט לעבן אָן אים. זיין ליבע־אַוואַנטורע האָט זיך געענדיקט ווי אַלע זעלנערישע ליבעס ענדיקן זיך. נאָכן אויסשרייבן אים פון שפּיטאָל, איז ער אומפאַרשעמט אַנטלאָפן פון איר.

יאַשקע באַגעגנט ריימאַנען אויפן קאַטאַלוניאַ־פּלאַץ און דערציילט אים, אַז די אָפיצירן ווילן נישט עסן צוזאַמען מיט די פּראָסטע זעלנער. — „אויב זיי ווילן מיט אונדז נישט עסן — זאָגט ער — ווילן מיר מיט זיי נישט שיסן”. ער ווייזט ריימאַנען אויף בילדער פון נויט און מענטשלעכער דערשלאָגנקייט אין גאַס. אָרעמע, אָפּגעריסענע פרויען מיט הונגעריקע קינדער אויף די הענט, בעת אַנדערע אין שטאָט פירן אַ פאַרשווענדעריש לעבן. ריימאַן פּרווט זוכן אַ פאַרענטפערונג פאַר דער סתירותדיקער דער־שיינונג. ער פאַרשטייט, אַז אויטאָריטעטע כוחות דאַרפן אָנפירן מיט דער רעוואָלוציע, אָבער שפּעטער ווערן די כלומרשטע ווילטוערס די הערשערס איבער דעם פאָלק, וואָס ווערט אויסגענוצט און אָפּגענאַרט.

דעם רויטהאָריקן זיסקינדן איז שוין נימאס דער גאַנצער בירגערקריג אין שפּאַניע. ער איז מקנא די אָפיצירן הלמאי זיי עסן בעסער און האָבן, יעדער צו צוויי געליבטע, די שענסטע שפּאַנישע פרויען. אייביק וועלן זיין הערשערס, זאָגט ער, און ער וויל אויך זיין אַ הערשער. דער ערלעכער שמעון קאָן אים נישט פאַרטראָגן. ער האַלט נישט פון אַזעלכע „קעמפער” און בכלל פון „די דעמאָראַליזירטע”, וועלכע האָבן נאָך טענות צו דער וועלט.

אויך ריימאַן ווערט פאַרוואונדיקט אויפן מאַדרידער פראָנט. סאַניטאַרן ברענגען אים אַריין אין שטאָטישן שפיטאָל. דאָ טרעפט ער ווידער זיסקינדן אין אַן אָפיצירישן מונדיר. דער לעצטער בעט יענעם אַראָפּ אין זיין דירה צו וויזן אין וואָסער לוקסוס ער לעבט. אַזוי דרייט זיסקינד זיך אַרויס פון יעדער אחריות. דער קאָלאָנעל דיבואַ האָט שוין עטלעכע מאָל געשיקט דעם „קאָנטראָל״ אים צו אַרעסטירן, אָבער זיסקינדס „זכותים״ שטייגן איבער יענעמס מיליטערישע קאָמפּעטענץ. אונטער לויערנדיקע געפאַרן, בעת די מלחמה פלאַקערט ממש אונטער דער נאָז, פּרוּווט נאָך דער לעביונג אייַנ־פעדימען אַ שווינדלערישע ליבע מיט מאַרטשעלאַ — אַ פייַן דערצויגן שפּאַ־ניש מיידל. זי טרייבט אים פון זיך. צום סוף זעט ער אייַן, אַז ער האָט „פאַרלוירן די גרויסע קאָרט״. דער „פויגל״ ווערט אויפגעפּאַדערט זיך אומ־צוקערן אין קאָלאָנעל דיבואַס בריגאַדע. מען שיקט אים אַוועק אויפן פראָנט, ווו ער פאַלט אין שלאַכט מיט דער פראַנקאָ־אַרמיי.

אַיאַלטי קען גוט די געאָגראַפיע פון לאַנד. ער קען אויסגעבונדן די אָרטשאַפטן, ווו די קאַמפּסגרופּעס וואַרפן זיך איבער פון איין סטראַטע־גישער פּאָזיציע צו אַן אַנדערער; אויב דער מחבר באַטייליקט זיך נישט דירעקט אין די שלאַכטן, איז ער זייער באַגלייטנדיקער אָבסערוואַטאָר, עלעהיי אַ רעפּאָרטער פון אַ צייטונג. ער שפּאַנט צוזאַמען מיט די „אינטער־נאַציאָנאַלע״ איבער די שפּאַנישע וועגן, וואָס שלענגלען זיך איבער די שאַרלעך גרינע אוראַלטע לאַנדשאַפטן פון איבערישן האַלבאינדזל, ווו אַלץ אין דער נאַטור זעט אויס צו זיין צייטיק איבערגעוואַקסן. די שוואַרצערד איז דאָ פרוכפּערדיק און באַקלאָגט זיך נישט קיין מאָל אויף אומגערע־טעניש אין ברויט און אין אַנדערע ערד־און־ביימער־פרוכטן. פון אָט דער ערדישער שפע באַקומט דאָס נויטבאַדערפטיקע פאָלק קוים אַ טראָפּן פון ים. אין די ערשטע קאַפּיטלען פון צווייטן בוך זעען מיר ריימאַנען צווישן פיל אַנדערע ווי ער. ער פאַרט, אויב עס מאַכט זיך אַ געלעגנהייט, אויף לאַסט־מאַשינען איבער געדרייטע בערג־און־טאָלנדיקע שליאַכן, ער פרעגט זיך אויף באַקאַנטע פונעם „האָטעל וואָס עקסיסטירט נישט״, בענקנדיק נאָך אַ היימישן מענטשן. דער מחבר ווייסט וואָס עס טראַכטן די שלאַכטלייט וועגן די רעדלפירערס פון דער רעוואָלוציע. ער הערט זיך צו צו זייערע הייסע דיסקוסיעס און ברענגט זיי בצימצום אַרויס אין דיאַלאָג.

ווייטער לאָזט דער קינסטלער ריימאַנען אַוועק אויף זיין מאַרשרוט

איבער דער געגנט פון באַרצעלאָנאַ, זוכנדיק זיין בריגאַדע. די שטאָט איז אַ פולווערפאַס וואָס קאָן אויפרייסן צו יעדער מינוט. עס קומט צו אַ בלוטיקן צוזאַמענשטויס צווישן דער קאָמוניסטישער פּאָליציי און די אַנאַרכיסטן. דאָס אַריינמישן זיך פון דער סאָוויעטישער גע.פּע.או. אין דער „נייער אָרדענונג״. דאָס אַרעסטירן אַנאַרכיסטן נישט צו וויסן ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען, רופן אַרויס אומרו און פאַרדרוס ביים שפּאַנישן פאָלק. העפטיקע שיסערייען מישן זיך אויס מיט פאַרצווייפלטע, מענטשלעכע געשרייען. אין פענסיאָן, ווו ריימאָן האָט זיך קוים אַריינגעריסן, איז יעדער באַנומען פון שרעק. יאָשקע קאָן אַלץ נישט איינרוען אויף קיין אָרט. ער וויל וויסן ווי עס האַלטן זיך די אַנדערע אַנאַרכיסטישע קאָמפּסגרופּעס. דאָס אַלץ ווייזט אונדז דער קינסטלער אידעאַלי אין מיטרייסנדיקע ווערטער־געמעלן. אויפשוידערנדיק איז דאָס בילד ווי די יונגע פרויען זוכן צווישן די הונדערטער געהרגעטע זייערע מענער, מאַמעס — זייערע זין. דער קינסטלערישער פּראָזשעקטאָר ווערט דאָ געוואָרפן נישט, דווקא, אויף דעם מיטלפּונקט פון דער דערשיינונג. דער מחבר זוכט דאָס אַרומיקע, וואָס וואַקסט אַרויס פון דער צענטראַלער פּאַסירונג. בעת דער גאָסן־סומאָטאָכע וואַרפן באַוואָפנטע בירגער זיך איבער מיט שטעכיקע ווערטער אויפן חשבון פון דער „נייער אָרדענונג״. איינער טענהט: נישט בלויז קעמפט ער פאַר סאָציאַליזם, ער וויל אויך פערזענלעכע פרייהייט. יאָשקע קומט צום אויספיר, אַז הרגענען מענטשן, אַפילו פאַר דעם ציל פון וועלט־דערלייזונג, געהערט נישט צו די בכבודיקע מלאכות, און פאַר ייִדן איז דאָס אַוודאי נישט קיין ענין.

דער פּלאַצדאַרם פון די רעפּובליקאַנער ווערט אַלץ מער איינגעשרענקט. די געפאַר אַריינצופאַלן אין די הענט פון די פאַלאַנגיסטן איז נאָענט. דער שפּיטאָל־דאָקטער פאַראָרדנט די קראַנקן־שוועסטער וואָס גיכער צו פאַרלאָזן דאָס דאָרף. רות וויל נישט איבערלאָזן דעם שווער פאַרוווּנדיקטן בערגמאַן. ער האָט איר געוואָלט עפּעס איבערגעבן וועגן שמעונען און אין מיטן רעדן פאַרלאָרן דעם באַוווּסטזיין. נישט ווייט פון דאַנען איז שמעון געבליבן שטעקן מיט אַ געפאַנגענעם אָפיציר פון שׂונאס לאַגער און ווייסט נישט וואָס מיט אים צו טאָן... בעת זייער ווידערבאַגעגעניש ווערט דער ברוגז צווישן שמעון און רות ווי פאַרגעסן. אַזוי ענדיקט זיך דאָס ווערק „דער האָטעל וואָס עקסיסטירט נישט״ פאַר ווענמען מיט אַ

„העפּי ענד" און פּאָר אַנדערע מיט אַ טראַגישן סוף, הגם דער „העפּי ענד" איז אויך גאָר טראַגיש. בלויז צוויי וואָגלגעסט פון דעם „האָטעל" האָבן נאָכן שפּאַנישן בירגערקריג זיך אומגעקערט קיין פּאַריז — ריימאַן און שמערקע. דער ערשטער מיט זיין הויכער פיגור, דער צווייטער מיט זיין נידעריקן וווּקס, האָבן, ווי דער מחבר פאַרגלייכט זיי, אויסגעזען ווי דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ פּאַנטשאָ. און כאָטש אַיאַלטי באַרירט אין זיין ראָמאַן אַ „פרעמדע" טעמע, אַ דורכויסיקע וועלט־געשעעניש, געפינען מיר אין אַ טייל שילדערונגען אויך יידישע מאָמענטן. דאָס דאַרפט אונדז נישט וווּנ־דערן. איז דאָך דער גאַנצער פּערסאָנאַזש, מיט ווייניקע אויסנאָמען, אַ יידישער. וואָס שייך דעם אויטאָרס התנצלות אין זיין וואָרט פאָרויס, אַז דאָס ווערק שטימט נישט מיט דעם גייסט פון דער צייט, איז עס לאָוו דווקא. אַן עכט קינסטלעריש ווערק פאַרמאָגט אין זיך אַזאַ שטאַרק מיטל, אַזאַ מין אָפּפרישנדיקן עקסטראַקט, וואָס מאַכט עס דויערעוודיק פאַר אַלע צייטן. חסרונות קאָן מען געפינען אין יעדער קינסטלערישער שאַפונג. נישט מער, דאָס ווערק „דער האָטעל וואָס עקסיסטירט נישט" האָט גע־דאַרפט זיין אַ ביסל מער קאָנדענסירט. בכלל האָבן מיר עס געלייענט מיט „היינטצייטיקן" אינטערעס.

מיט דעם זעלבן נייגער האָבן מיר אויך געלייענט ח. אַיאַלטיס שפּע־טערדיקן ראָמאַן „ווייטער פון ברוקלין" (ניו־יאָרק, 1958). באַלד אינעם ערשטן קאַפּיטל ווערט דער לייענער אַריינגעצויגן אין דער אַלטעגלעכער אַמעריקאַנער־יידישער אַטמאָספער. די האַנדלונג קומט פּאָר אין אַ ברוקלי־נער פאַרשטאָט. עס איז נישט דאָס ערשטע מאָל ווי מיסעס סאַנדראַ אַנט־לויפט פון הויז אויס בענקעניש צו דער היימישער יאַסידאַווער מיל. יעדעס מאָל ווען זי ווערט אַנטרונען, פאַרגעסט זי נישט מיטצונעמען דעם שוואַרצן שאַל און דעם טייטש־חומש. עס האָט אויסגעזען, אַז דעם איצטיקן מאָל איז זי פאַרשוווּנדן אויף מער זיך נישט אומצוקערן. דזשעק האָט מיט דער שוויגער, ווייזט אויס, געלעבט בשלום, אויב נישט, וואָלט ער זיך נישט אָוועקגעלאָזט זי אָפּזוכן. אַרומזוכנדיק די היים־פאַרבענקטע מיסעס סאַנדראַ, האָט ער אויפן וועג באַגעגנט מאַרין — אַ שיין צוגעלאָזן מיידל. אַ קורצער

שמועס און שוין באַגלייט זי אים דורך דער גאַנצער צייט, ביז זי געפינען די אַלטע אין בעי־ווילעדזש. די אומגעריכטע באַגעגעניש מיט דעם קריסט־לעכן מיידל האָט דזשעקן אויף אַ ווײַלע אַרויסגעשלאָגן פון עול־פּרנסה און געמאַכט אים פאַרגעסן אין ווייב און קינד. דזשעק איז אין כאַראַקטער אַ בעל־חלומות. ער איז נישט צופרידן מיט זיין מעמד אין דער געזעלשאַפט. ער האָט אָבער נישט קיין איניציאַטיוו צו נעמען זיין אייגענעם גורל אין די הענט אַריין. שטייענדיק אין דער סטאַרקע, דער קאָפּ פול אָנגעלאָדנט מיט רעיונות, פאַלן זיינע אויגן אויף די גרויסע אותיות פון די צייטונגען, וואָס מען וואַרפט יעדן אין דער פרי אַראָפּ פון דער לאַסטמאַשין פאַר דער טיר פון דעם קרעמל, צום פאַרקויפן. ער לייענט דערמונטערנדיקע ידיעות וועגן די נצחונות פון די יידישע שלאַכטלייט אין ארץ־ישראל. די דער־פרייענדיקע ידיעות פרישן אויף אין זיין זכרון בילדער פון חומש וואָס ער האָט אַמאָל געלערנט אין חדר.

אַיאַלטי פאַרנעמט זיך נישט אין דעם ווערק אויף ברייטע לייוונטן. די פאַבולע וויקלט זיך אויף לויט אַ באַשטימטן סדר. דאָס וואָס ער דערציילט, פירט דעם לייענער אומקאָמפּליצירט אַוועק אין אַ וועלט פון ווירקלעכקייט און פיקציע. ער קען די פּסיכיק פון דעם, כּלומרשט, שוין אויסגעגרינטן אימיגראַנט, וועלכער קוקט נאָך אויף דעם אַמעריקאַנער לעבנס־שטייגער מיט די אויגן פון אַן „אַלט־געזעסענעם” אין אַ פרעמדער וועלט. דער מחבר, פאַרשטייט זיך, רעדט וועגן דעם אימיגראַנט פון עלטערן דור, פאַר וועמען די אַלטע היים האָט נאָך אַ לעבעדיקע ממשות, ווי מיר זעען דאָס ביי דער פאַרפרומטער מיסעס סאַנדראַ וואָס איר גאַנצע מוסר־השׂכּלדיקע לעבנס־חכמה שעפּט זי פון די ביבלישע מעשׂיות און טײַטש־חומש. פאַר איר עקסיסטירט נאָך די יאסידאוועך מיל. זי איז אַ שטיק פון איר לעבן.

ערטערווייז באַשטייט דער נאַראַטיווער שטאָף אין דעם בוך פון הייליקע לעגענדעס, קוהלתדיקע אַפאָריזמען, און פאַרשידענע זאָגעכצן פון דער ווייבערישער „צאינה וראינה”. די דאָזיקע עלעמענטן גיבן צו דעם ראָמאַן אַן אינטים יידישן קאָלאָריט. די מחשבותדיקע באַרעדעוודיקייט אינעם מויל פון אַיאַלטיס העלדן דערמאָנען, לכאורה, אין דער באַרעדעוודיקייט פון אונדזער זיידן מענדעלע אַרום זיין טיפּאַזש. מיר מאַכן דאָ נישט קיין שרייבערישן פאַרגלייך צווישן דעם זיידן און איינעם פון זיינע אור־אייניק־לעך, דאָס איז נאָר אַן אויגנבליקלעכע אַסאָציאַציע.

מאַרין און דזשעק האָבן נישט „אונטערגענומען" קיין גענויעם פּלאַן פון זייער וואַנדער־נסיעה. ביידע זיינען זיי אין פּראַקטישער שייכות אומ־באַהאָלפן, הגם גאָרנישט נאַיִוו. פאַר מאַרין איז דאָס, מסתּם, נישט געווען די ערשטע ליבע־אַוואַנטורע און דזשעקס „פּלאַן" האָט אויסגעזען צו זיין אַן איינפאַל פון אַ נישטדאַיִקן... די קאָמישקייט פון דער סיטואַציע ליגט אין דעם וואָס ערשט נישט לאַנג האָט דזשעק זיך אַרויסגעלאָזט געוואָר ווערן ווו די שוויגער איז פאַרפאַלן געוואָרן, און איצט איז ער גופא אַוועק אין פּוקסנלאַנד... דאָך זיינען מיר גענויגט צו גלויבן, אַז ער האָט, באמת, געטראַכט זיך אַנצושליסן אין די רייען פון די ייִדישע קעמפערס פאַר אַן אייגן לאַנד.

די הויפּט־מעלה פון דעם ווערק, ווי מיר האָבן פריִער שוין געזאָגט, באַשטייט אין דער בהדרגהדיקער אַנטוויקלונג פון סוזשעט, ווו עס ווערט אויף אַ נאַטירלעכן אופן אַריינגעפלאָכטן דער דיאַלאָג. די פּעריפעריע פון דער אַקציע איז טאָקע וויניק אויסגעברייטערט, אָבער גראָד אין אָט דעם באַגרענעצטן שטח באַווייזט אַיאַלטי זיינע קינסטלערישע מעגלעכקייטן.

שטייענדיק ביז שפּעט ביי נאַכט אין דער סטאַרקע, באַטראַכט זיך דזשעק אַליין ווי אַ פאַרמשפּטער אין תפיסה. אים שטעלט זיך פאַר דאָס בילד פון שמשון הגבור בעת ער זיצט אַ בלינדער אין געפענגעניש און בעט ביים אַלמעכטיקן ער זאָל אים שענקען כּוח נקמה צו נעמען אין די פּלישתּים. אָדער דאָס בילד ווי די דורכגעטריבן־פאַרפירערישע דלילה וויגט איַין דעם גבור שמשון אויף אירע קני מיט דעם ציל אַוועקצורויבן פון אים זיין גבורה. דאָס אַלץ שטעלט זיך דזשעק פאָר, גראָד ווען ער טראַכט וועגן זיין פּערזענלעכער שוואַכקייט.

מאַרין קומט אומדערוואַרטעט אַריין אין דער סטאַרקע. דזשעק באַ־שליסט איר צו זאָגן וואָס ער טראַכט און פּלאַנירט. דער „זייטיקער" שמועס וואָס ער וויל מיט איר האָבן, איז בלויז אַן אַנשטעל. דער אפשרדיקער שמועס האַלט דעם לייענער געשפּאַנט. זייער פאַרברענגען אויף דער „ערשטער סטאַנציע" אונטערוועגנס, ווייזט, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ לייכטזיניקער ליבע־אַפערע. דזשעק האָט זיין משפּחה פאַרשאַפט חרפּה און מיסעס אָ׳ברייען האָט פון איר טאָכטערס שריט אויך נישט קיין גרויס נחת. דזשעק און מאַרין זעען אויס נישט צו זיין קיין שטאַנדהאַפטיקע כאַראַקטערן. מאַרין האָט זיך אין אַ ביליקן רעסטאָראַן, אין לייקווּוד, באַ־

קענט מיט אַן אַגענט פון טעראַפּישער גאַלאַנטעריע. ער פֿאָרט אויף אַ ביזנעס־טור קיין קאַנאַדע, קאַליפֿאָרניע. דער רייזנדיקער סוחר וויל זיי ביידן מיטנעמען. פֿאַרשטייט זיך, אַז גיכער וויל ער מיטנעמען מיט זיך מאַרין...

תּחילת איז סילוויען נישט איינגעפֿאַלן, אַז דזשעק וויל אין גאַנצן זי פֿאַרלאָזן מיט דעם קינד. אפֿשר איז ער גאָר אַוועקגעגאַנגען אויפֿזוכן די שוויגער ?.. זי האָט קיינעם נישט דערציילט וועגן איר צרה און נישט געטראָגן קיין בייז האַרץ אויף איר מאַן. פֿאָרנדיק מיט דעם פֿאַרמער אויף דער מאַשין אויפֿזוכן די מאַמע, באַמערקט סילוויעס קליינער מייקל פֿאַרבייגיין דעם טאַטן מיט מאַרין צווישן די האָטעלהייזער. סילוויע בעט דעם פֿאַרמער ער זאָל קירעווען דעם אויטאָ אויף צוריק. זי זאָגט צום מאַן ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען :

— קום אַריין, דזשעק, מירן אַהיימפֿאָרן.

דאָ דערגענצט איאַלטי די סילוויע־געשטאַלט מיט פֿאָלגנדיקן נאַראַטיוו.

„סילוויע איז איצט געוואָרן משכּמה ומעלה העכער פֿון גאַנצן פֿאָלק. און הינטער איר זיינען געשטאַנען דאָס געזעץ, די משפּחה, מאָנאָגאַמיע, די מאָראַל, די סאָציאָלאָגיע. די הייליקע ווערטן האָבן זי באַקליידט מיט אויטאָריטעט און איַינגעהילט אין ווירדע".

צוויי ווערק — צוויי פֿאַרשידענע וועלטן. אין ביידע ווערק רוקט זיך ח. איאַלטי אַרויס ווי אַ פֿראָזאַיִקער מיט אַן אייגענעם אופֿן פֿון זען און מאָלן.

1967

## ד״ר י. צינבערגס
## „קולטור־היסטאָרישע שטודיעס״

אָפט מאָל קומט אונדז אויס אָנצודייטן אויף דעם נישט אויסגעפילטן בלויז פון היסטאָריש־וויסנשאַפטלעכע ווערק און פון וועג־ווייזערישער מעטאָדאָלאָגישער קריטיק אין אונדזער ליטעראַטור. דער מאַנגל אין מער ערנסטע קולטור־היסטאָרישע און ליטעראַריש־קריטישע אָפּשאַצונגען, האָט אונדז גענייגט נאָך אַ מאָל אויפמערקיק דורכצולייענען ד״ר י. צינבערגס „קולטור־היסטאָרישע שטודיעס״.

י. צינבערג איז געווען אַ קולטור־פאָרשער פון גרויסן פאָרנעם. ער איז אויך געווען געבענטשט מיט דעם וואַלאָר פון אַ קריטיקער, וועמענס באַגרינדעטע מיינונגען וועגן ליטעראַרישער קונסט, זיינען, פון אַלגעמיין באַלערנדיקן שטאַנדפּונקט, מאָסגעבנדיק און פאַרלאָזלעך. באַהאַנדלענדיק וועלכעס עס איז ווערק, דרינגט ער אַריין אין דער צייט און סביבה אין וועלכע דאָס ווערק איז געשאַפן געוואָרן. דאָ אַנטפּלעקט צינבערג זיין געוואַלדיקע בקיאות און פיינפילעוודיקייט, ווי מיר זעען דאָס אין זיין מאָנומענטאַלן, איינציקאַרטיקן ווערק „די געשיכטע פון ליטעראַטור ביי ייִדן״. צינבערג האָט באַזעסן אַ נישט־אָפּשאַצבאַרן אוצר פון יודאַיִסטישן און אַלגעמיינעם וויסן; דערביי האָט ער פאַרמאָגט אַ געוואַלדיקן חוש פאַר היסטאָרישע פּראָצעסן און קלאָר זיך פונאַנדערגעקליבן אין די אייגנשאַפטן פון זייערע באַגלייטנדיקע קולטור־דערשיינונגען, וואָס האָבן אין פאָרם און אין אינהאַלט אַנטשפּראָכן דער געזעלשאַפטלעכער סיטואַציע און שטי־מונג פון יעדער באַהאַנדלטער עפּאָכע.

אין גרונט באַטראַכט י. צינבערג די ייִדישע געשיכטע ווי אַ דיאַלעק־טיש־איינגעשלאָסענעם רינג אין דער קייט פון אַלגעמיין־געשיכטלעכע אַנט־וויקלונגען, אָבער זיין הייסע ליבע צום ייִדישן פאָלק און צו זיינע קולטור־ווערטן, אַ ליבע, וואָס נעמט זיך פון ברייט־אַרומנעמענדיקע פאָלקסקוואַלן, דערפירט אים צו אייגנאַרטיקע קריטעריעס און צו, פון געוויסע שטאַנד־פונקטן, אויסגעהאַלטענע הנחות.

אין צינבערגס „קולטור־היסטאָרישע שטודיעס" טרעפן מיר זיך אָן אויף אַ ריי אָביעקטיווע אָפּשאַצונגען, וואָס גייען באַנאַנד מיט דעם מחברס אינערלעך סוביעקטיווער באַציִונג צו וועלכער עס איז באַהאַנדלטער קול־טור־דערשיינונג. די דאָזיקע צוויי צונויפגעפּאָרטע, שעפערישע עלעמענטן גיבן צו זיינע היסטאָריאָגראַפישע אַרבעטן אַ סך וואָג און איבערצייגונגס־קראַפט.

אין „צוויי שיטות אין ייִדישן לעבן" באַרירט דער ליטעראַטור־פאָרשער פון איין זייט דעם פילאָסאָפירנדיק־טרוקענעם רעליגיעזן באַנעם און פון דער צווייטער זייט דעם סוביעקטיוו־וועזנטלעכן צוגאַנג צו די פּראָבלעמען פון אמונה אין מענטשלעכער דערלייזונג. צו דער ערשטער, אַזוי גערופע־נער, אַריסטאָטעלישער שיטה געהערט דער רמב"ם און אַנדערע נאָכגייערס אין די שפּעטערדיקע תקופות. צו דער צווייטער שיטה האָט געהערט חסדאי קרשקש, טיילוויז שבתאי צבי, דער בעש"ט און אַנדערע.

באַהאַנדלענדיק ברייט די צוויי שטרעמונגען אין דעם ייִדיש־שעפערישן געדאַנק דורך דעם גאַנג פון דער ייִדישער געשיכטע, רוקט צינבערג אַרויס די אידעע פון „אַ מחוץ קלאַסן־אינטעליגענץ", אַרויסברענגענדיק פאָלגנ־דיקע געדאַנקען:

„יעדע נאַציאָנאַליטעט האָט דאָס רעכט צו לעבן און אַנטוויק־לען פריי אירע כּוחות, ניט אָנרירנדיק דערביי די רעכט פון אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן. אַזאַ בנין וועט קענען אויפשטעלן נאָר אַ מחוץ קלאַסן־אינטעליגענץ. כּדי אויסצומיידן אַ שלעכטע אויסטייטשונג, זאָל דאָ טאַקע געזאָגט ווערן, אַז די דאָזיקע אינטעליגענץ קען זיך ניט רעכענען מיט די קלאַסן־היפּוכים און קלאַסן־אינטערעסן, וואָס לייגן אַרויף זייער טיפע חתימה אויף דער סאָציאַלער אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפט".

אין דער שטודיע „געשיכטע פון דער רוסיש־ייִדישער פרעסע (1860—1880)" באַקענען מיר זיך מיט די אידעאָלאָגישע שטרעמונגען, וואָס זיינען אין צווייטן העלפט פון פאָריקן יאָרהונדערט אויפגעקומען אין דער ייִדישער געזעלשאַפט און האָבן שוין דעמאָלט געהאַט דעם ציל אָוועקצושטעלן דאָס ייִדישע לעבן אויף געזונטע, סאָציאַל־עקאָנאָמישע יסודות. דער אויסדרוק פון דער דאָזיקער אידעאָלאָגיש־נײַער שטרעמונג זיינען געווען די זאַכלעכע אָפּהאַנדלונגען און די פובליציסטישע אַרויסטריטן אין די ייִדיש־רוסישע צייטשריפטן „וואָסכאָד", „ראַסוויעט", „דיען", „וויעסטניק רוסקיך יעווער־יעוו", אונטער דער רעדאַקציע פון אַלעקסאַנדער צעדערבוים און אין „יע־ווריעיסקאַיאַ ביבליאָטיעקאַ".

געוויסע עלעמענטן פון דער רוסיש־ייִדישער אינטעליגענץ האָבן גע־האַלטן, אַז נאָר דורך בילדונג און דורך צונויפגיסן זיך מיט דער אַלגע־מיינער באַפעלקערונג קאָן דאָס ייִדישע פאָלק „אויסוואָרצלען" פון זיך די ספּעציפישע אייגנשאַפטן, וואָס שיידן זיך בולט אונטער פון אַנדערע פעלקער און זענען אַ „שטערונג" פאַר דערנעענטערן זיך מיט זיי, ווי עס האָט אַן אַנאָנימער מחבר צו יענער צייט געשריבן אין דעם זשורנאַל „יעווריעיסקאַיאַ ביבליאָטיעקאַ":

„דאָס רוסישע פאָלק דאַרפט פאַרשלינגען די רוסישע ייִדן און די ייִדן גופא דאַרפן אומבאַדינגט אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם מכלו־מרשטן נאַציאָנאַלן לבוש, וואָס איז אַ געוויקס פון דורות דערנידערונג און קנעכטשאַפט. די רוסישע ייִדן מוזן זיך פאַרוואַנדלען אין רוסן פון ייִדישן גלויבן. אין דעם ליגט זייער אויפגאַבע. אין דעם זין, און נאָר אין דעם זין, איז די ייִדנפראַגע אַ נאַציאָנאַלע פראַגע".

עס איז קלאָר, אַז פון די אויבן ציטירטע ווערטער רעדט אַרויס דאָס ייִדישע מינערווערטיקייטס־געפיל, באַקאַנט פון אַלע צייטן. אויך היינט צו טאָג איז אַ געוויסער טייל פון דער ייִדישער אינטעליגענץ גרייט איבערצורייסן, דורך „אינטעגראַציע", די פעדים, וואָס בינדן זי מיט דעם פאָלק פון איר אָפּשטאַם. דערווייל האָט די דערפאַרונג נאָך נישט באַוויזן, אַז דער דאָזיקער „פּראַקטישער אויסוועג" זאָל, ווי אַ כּלל, האָבן געענ־דערט די באַציִונג פון די אַרומיקע פעלקער צום ייִד.

צווישן דער דעמאָלטיקער ייִדישער אינטעליגענץ אין רוסלאַנד האָבן

זיך אויך געפונען אַזעלכע, וועלכע האָבן מיט זייער אויפריכטיקן אינטערעס צו לייזן די ייִדנפראַגע, טאַקע אין זינען געהאַט די טובה פון די ברייטע שיכטן פון פאָלק. זיי האָבן אונטערגעשטראָכן די וויכטיקע ראָל וואָס די ייִדישע אינטעליגענץ דאַרפט שפּילן, דורך העלפן געבן דעם ייִדישן לעבן אַן אַנדער פּנים — אַרויסצופירן עס פון פאַרגליווערטן און דערנידעריקטן צושטאַנד דורך פּראָדוקטיוויזירן די ייִדישע מאַסן און שאַפן פאַר זיי מיטלען דאָס צו דערגרייכן. פאַרשטייט זיך, אַז ביי די פּראָדוקציע־פאַר־העלטענישן פון יענער צייט, האָט אַזאַ אידעע געקלונגען ווי אַן אוטאָפּיע. אָבער דער געדאַנק פון פּראָפּאַגירן פּאָזיטיווע באַציִונג צו אַרבעט, האָט געהאַט אַ באַשטימטע מאָראַלישע ווירקונג אין פאָלק.

אי די מיטאַרבעטער פון אַסימיליאַטאָרישן „ראַזסוויעט“, אי יענע פון נאַציאָנאַלן „רוסקי יעווריעי“, האָבן מיט זייער פּרעדיקן ערדאַרבעט און מלאכה, דערפילט אַ געזונטע, געזעלשאַפטלעכע שליחות. זיי האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם פּראָגרעסיוון טייל פון דער רוסיש־ייִדישער אינטעליגענץ פון די 60ער יאָרן ביזן סוף פון 19טן יאָרהונדערט. זיי האָבן געפילט אויף זיך אַ באַשטימטע אחריות פאַר דעם גורל פון די ייִדישע מאַסן, וועלכע האָבן נישט געהאַט אונטער זיך קיין באַפעסטיקטן, עקאָנאָמישן באָדן.

אין אַ געוויסן זינען, זיינען אַ טייל מאָמענטן וואָס י. צינבערג באַהאַנדלט אין דער זעלבער שטודיע, אַנאַלאָגיש צו אַ צאָל פּראָבלעמען, גאַנץ אָפט באַרירטע אין דער ייִדישער פּרעסע אין אַמעריקע (אונדזער אַרבעט איז געוואָרן אָנגעשריבן מיט קנאַפּע צוואַנציק יאָר צוריק), ווי צ״ב רעליגיע, שפּראַכן־פראַגע, טאָפּל־לאָיאַליטעט, אויסער, פאַרשטייט זיך, דער גאָר וויכטיקסטער פון אַלע פראַגן, וואָס מען האָט שוין ביי אונדז אין גאַנצן אויפגעהערט צו באַרירן, טאַקע די פראַגע פון באַציִונג צו אַרבעט, — דאָס שיינדל פון אַ פּראָדוקטיוו פאָלק. אַוודאי איז די לייזונג פון די אויבנדערמאָנטע פּראָבלעמען אָפּהענגיק פון היסטאָרישע, געזעלשאַפטלעכע ענדערונגען אין וועלכע דער אויבערשטער שיכט אין דער געזעלשאַפט איז נישט פאַראינטערעסירט...

דער „קול מבשׂר“ איז געווען די ערשטע ייִדישע צייטונג, וואָס אַלעקסאַנדער צעדערבוים האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן ווי אַ ביילאַגע צום העברעיִשן „המליץ“. י. צינבערג ברענגט אַרויס, מיט וואָס פאַר אַ ביטול געוויסע משׂכּילים האָבן געקוקט אויף דער „זשאַרגאָנישער“ אויסגאַבע, אין

קעגנזאַץ צו אַנדערע שרייבערס, וועלכע האָבן געשריבן אין ייִדיש. די צייטונג איז במשך פון אַ קורצער צייט געוואָרן באַליבט און באַקומען אַ גרויסע צאָל לייענערס צווישן די פשוטע פאָלקס־מענטשן. זי האָט אָפּ־געשפּילט אַ וועלטלעך אויפקלערערישע ראָל, אַרויסטרעטנדיק מיט אַרטיק־לען קעגן דעם ווילקיר פון די קהלשע רעדלפירערס, קעגן אַסימילאַציע, קעגן פאַנאַטיזם און קעגן יענע „משכּילים״, וועלכע האָבן געטראָגן מסירות צו רעגירונגס־פאַרשטייערס און זיי פאַרגעשלאָגן ווילדע גזירות אויף אייגע־נע שטאַמברידער און דאָס אַלץ, מכּלומרשט, אין נאָמען פון בילדונג און אויפקלערונג...

דער גאָר אויפמערקזאַמער פאָר־שער באַהאַנדלט אין דער שטודיע די צעפּוילטקייט פון דער ייִדישער קהילה־אינסטיטוציע אין דער צווייטער העלפט פון 19טן י״ה. באַזירנדיק זיך אויף אויטענטישע פאַקטן, גיט אונדז דער מחבר אַ קלאָר בילד פון רשעות און ווילקיר מצד די קהלשע תּקיפים אין באַצוג צו די אָרעמע פאָלקסשיכטן. די רייכע און חוצפּהדיקע פּרנסים האָבן איגנאָרירט יעדע מאָראַלישע אויטאָריטעט, פון דעם געוויינלעכן פאָלקס־פאָרטרעטער ביז דעם רב, אויף וועמען זיי האָבן אויסגעאיבט זייער דרוק צוליב אייגענע אינטערעסן. צינבערג גיט אָן די סיבות פון דער דאָזיקער הפקרות:

„אין יענער צייט, ווען די יסודות פון דער פּוילישער מלוכה זיינען צעטרייסלט געוואָרן דורך דער ממשלה פון דער גזלנישער שליאַכטע און די אַנאַרכיע אין לאַנד האָט זיך פאַרשטאַרקט, זיינען אויך די סדרים אין „קהל״ געוואָרן אַ בייַטש פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג. די ייִדישע אויטאָנאָמע אָרגאַנען האָבן זיך אָנגע־שטעקט מיט דער זעלביקער צרעת, וואָס האָט געפירט צו דעם אונטערגאַנג פון פּוילן — די דעספּאָטיע און חוצפּה פון די תּקיפים״.

און ווייל ד״ר י. צינבערגס שטודיעס אַנטהאַלטן אין זיך אויך דעם פּובליציסטישן עלעמענט, וועט נישט זיין אויסן וועג אָנצודייטן אויף דער חוצפּה פון די היינטיקע תּקיפים אין געוויסע ייִדישע ישובים, ווו די דעה האָבן יענע, וועלכע האָבן די מאה.

אין „טעאַטער ביַי ייִדן אין דער תּקופה פון רענעסאַנס״ דערגריבלט זיך י. צינבערג צו די וואָרצלען ווי אַזוי עס האָט זיך ביי ייִדן אַנטוויקלט

דאָס געפיל פאַר שיינקייט, די אינערלעכע נטיה צו מוזיק, טענץ, מאָלעריי, סקולפּטור און דיכטונג. ער ברענגט אַרויס, אַז די פאָלקס־טראַדיציאָנעלע פאַרווײַלונגען, מאַסקאַראַדעס און פּורים־שפּילן, זײַנען געווען די זאָמען פון ייִדישן טעאַטער. דער פאָרשער ווייזט אָן אויף דעם אינטערעסאַנטן פאַקט, אַז „אין די דרייסיקער יאָרן פון 16טן י״ה האָט שוין עקסיסטירט אַ ייִדיש טעאַטער אויף איטאַליעניש, אויף דער שפּראַך, וואָס איז געווען ניט נאָר די גערעדטע שפּראַך, נאָר אויך, אין אַ גרויסער מאָס, זייער קולטורשפּראַך״. באַאײַנפלוסט פון קולטור־רענעסאַנס, האָבן די איטאַליע־נישע ייִדן פון 17טן י״ה באַטראַכט דאָס טעאַטער ווי אַ קולטורעלע נויט־ווענדיקייט.

אין דער שטודיע וועגן דער ייִדישער פאָלקס־דראַמאַטיק פּאָלעמיזירט צינבערג מיט דעם אויטאָריטעטן טעאַטער־פאָרשער ד״ר י. שיפּער, וועל־כער קומט אַרויס אין זײַן דרײַ־בענדיקער „געשיכטע פון ייִדישער טעאַ־טער־קונסט און דראַמע״ מיט דער השערה, אַז „ביז דעם 13טן י״ה זײַנען די קערנדלעך פון ייִדישער דראַמאַטיק באַשטאַנען אין מימישע טענץ און פּאַנטאָמימעס״. י. צינבערג באַשטעטיקט אויפן סמך פון ברייט־באַשרי־בענע פאַקטן פון דער ביבל און אַלטע גריכישע אַפּאָקריפן, אַז די פאָלקס־שׂמחות זײַנען מיט טויזנטער יאָרן צוריק געפּייערט געוואָרן ביי ייִדן מיט כאָרגעזאַנגען און טענץ, און „זײַנען גאָר באַזונדערס רייך געווען מיט טעאַטראַליש־דראַמאַטישע מאָמענטן״, וואָס זײַנען עפעקטיוו געקומען צום אויסדרוק אין דראַמאַטישן דיאַלאָג.

אין דער פאַרשאַרבעט „פּורים־שפּיל אין פאַרשידענע צייטן״ באַ־האַנדלט צינבערג דרײַ ווערסיעס פון דער ערשטער פּורים־שפּיל־פּאַרפאַ־סונג. זי האָט דורך אומגעלומפּערטע ענדערונגען פאַרלוירן אַ סך פון איר אָריגינעלקייט. אים איז טיילווייז געלונגען אַרויסצובאַקומען פון די דרײַ טעקסטן דעם נוסח, מער ווייניק נאָענט צום אָריגינאַל. צום באַדויערן, האָט די „פּורים־שפּיל״ אין איר אויפגעריכטער פאָרעם נישט באַוויזן צו דער־שײַנען. מיר האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו זען אויף דער ליכ־טיקער שײַן י. צינבערגס „געשיכטע פון ייִדישן טעאַטער״.

פול מיט באַגייסטערונג רעדט אונדזער ליטעראַטור־פאָרשער וועגן דער ייִדישער בינע־שטעלונג פון שעקספּירס „קעניג ליר״, אויפגעפירט דורכן ייִדישן מלוכה־טעאַטער אין מאָסקווע. ביז ער האָט געזען די „ליר״־

פאַרשטעלונג (אין דער אויפפירונג פון מיכאָעלס און זוסקין) איז אויך ציינבערג געווען ביי דער טעותדיקער מיינונג, אַז ייִדיש טעאַטער באַגרע־נעצט זיך בלויז צום ייִדישן טיפּאַזש און פאָלקס־טעמאַטיק. די פּרעכטיקע שטעלונג פון „גאָסעט״ האָט אים באַוויגן צו שרײַבן:

„איך האָב דערנאָך נאָך אַ מאָל געזען די „ליר״־פאַרשטעלונג און דער אײַנדרוק איז געבליבן דער זעלבער. אדרבא, ביים צווייטן מאָל האָב איך נאָך בולטער דערשפּירט, אַז די דאָזיקע פאַרשטע־לונג איז אַ גרויסע דערגרייכונג, אַן אויפשטייג פון דעם ייִדישן טעאַטער אויף אַ העכערער מדרגה פון אוניווערסאַלן פאַרנעם. די „ליר״־פאַרשטעלונג אין ייִדישן מלוכה־טעאַטער איז אַן אָנזאָג, אַז די ייִדישע קונסטבינע איז שוין אין איר וווקס אַריבערגעשטיגן די ענגע גרענעצן פון דער נאַציאָנאַלער סביבה און איז שוין ביכולת זיך צו פאַרמעסטן אויף דעם קלאַסישן, אַלוועלטלעכן רעפּערטואַר, דאָרט אַנטפּלעקן נײַע נאָך ניט דערפאַרשטע אוצרות, און אַרויפלייגן אויף זיי איר אייגענעם שטעמפּל, באַהויכן און באַלעבן זיי מיט איר שעפערישן גײַסט״.

ד״ר י. ציגבערגס מיינונגען וועגן ייִדישע קולטור־דערשיינונגען זיינען נישט קיין אַפּריאָרישע. ער באַמיט זיך אויפצווייזן די ריכטיקייט פון זיינע היסטאָריאָגראַפישע הנחות מיט געשיכטלעכע פאַקטן. אָפּשטעלנדיק זיך אויף י. ל. כּהנס קאָלעקציע „וועלטלעכע ייִדישע פאָלקס־מעשׂיות״, ברייטערט ציגבערג נאָך מער אויס דעם געדאַנק פונעם ערשט דערמאָנטן פאָלקלאָריסט, אַז „מיטאָסן און העלדן, מעשׂיות און לעגענדעס וואַנדערן פון פאָלק צו פאָלק, בייטנדיק דערביי זייער פאָרעם, סטיל און נאַציאָנאַלן קאָלאָריט״. דאָס באַציט זיך אויך צום ייִדישן פאָלקלאָר, וועלכער אַנטהאַלט אין זיך אינטערנאַציאָנאַלע עלעמענטן. ציגבערג געפינט דעם שורש פון די ייִדישע פאָלקס־מעשׂיות אין די גריכישע לעגענדעס, מיטלאַלטערלעכע פאָלקס־געשיכטעס, וועלכע האָבן ווי „איבערוואַנדערנדיקע מאָטיוון״ זיך אײַנגעבירגערט אין אונדזער פאָלקלאָר מיט אַן אייגנאַרטיקן פאָלקס־נוסח. דער פאָרשער איז ביי דער מיינונג, אַז די אַרכאַיִשע, ייִדיש־וועלטלעכע ליטעראַטור האָט אַ סך געירשנט פון דער דייטשער.

גרויס אויפמערקזאַמקייט און ליבע שענקט ער מאַקס עריקן פאַר זיין

„געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור". דאָס איז, זאָגט ער, אַ וויכטיק ווערק אויפן געביט פון וויסנשאַפטלעך־גרינטלעכער ליטעראַטור־פאָרשונג. דער מאַטעריאַל, גענומען פון די ערשטע מקורים, איז „גרינטלעך און שאַרפזיניק" אַנאַליזירט. ער קריטיקירט אָבער שטרענג עריקס צוגאַנג צום אויפקום פון דער מוסר־ליטעראַטור אין יידיש.

עטלעכע היסטאָרישע באַטראַכטונגען שענקט דער ליטעראַטור־קענער מ. וויינרייכס „בילדער פון דער יידישער ליטעראַטור־געשיכטע" און א. שולמאַנס ווערק וועגן דער יידישער שפּראַך און ליטעראַטור, געשריבן אין העברעיש.

וועגן מ. וויינרייכס ווערק, הגם „דאָס איז נישט קיין געבונדענע געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור", רעדט צינבערג מיט באַזונדע־רער אָנערקענונג. ער גיט צו, אַז דער מאַטעריאַל אויף וועלכן ער בויט זיינע „בילדער", איז גענומען פון דער ערשטער האַנט. ער באַשטעטיקט אויך וויינרייכס השערה „אַז אליהו לעוויטאַס בבא־בוך פלעגט געזונגען ווערן מיט אַ ספּעציעלן ניגון". צינבערג איז נישט מסכים מיט אַן אַנדערער וויינרייכס השערה וואָס שייך דעם „שמואל־בוך", אַז די קריגס־עפּיזאָדן זיינען דווקא נישט געשאַפן געוואָרן אונטער דער השפּעה פון דייטשישן עפּאָס, בעת דער דיכטער פון שמואל־בוך „האָט אויך געהאַט פאַר זיך צוויי קלאַסישע מוסטער־עפּאָסן פון דער העברעישער מיטלאַלטערלעכער ליטע־ראַטור — דעם „יוסיפון" און דעם „ספר הישר".

דער ליטעראַטור־פאָרשער באַוווּנדערט דעם געוואַלדיק רייכן מאַטע־ריאַל אין שולמאַנס בוך. עס פעלט אָבער אין דעם די מעטאָדיש־האַרמאָ־נישע גאַנצקייט. דער רעדאַקטאָר, אַ העברעישער שרייבער י. ח. טביוב, איז נישט צוגעטראָטן צו דעם ווערק מיט ערנסט, אַרויסווייזנדיק זיין פיינדלעכע באַציִונג צו יידיש, ווי דאָס מערקט זיך אין זיין וואָרט פאָרויס.

אין „איין יובל — צוויי דורות" כאַראַקטעריזירט צינבערג די שעפע־רישע פּערזענלעכקייט פון חיים זעליק סלאָנימסקי, זיינע גרויסע פאַרדינסטן אַלס פּאָפּולאַריזאַטאָר און טרעגער פון פרייען געדאַנק, פון בילדונג אין דער סביבה פון יידישער אָפּגעשטאַנענקייט. מיט דעם צווייטן, מער מאָדער־ניזירטן גלגול פון דער „הצפירה" איז געבונדן דער נאָמען פון אַן אַנדע־רער גייסטרייכער פּערזענלעכקייט — נחום סאָקאָלאָוו. ער האָט, ווי דאָס

שיינדל פון פוילישן ייִדנטום, אַריינגעבראַכט אייראָפּעיִשקייט אין ייִדישן לעבן, געלערנט דעם ייִדישן לייענער דענקען פּאָליטיש און אַנטוויקלט ביי אים דאָס געפיל פאַר שיינקייט.

אין דער ערנסטער שטודיע איבער אַבראַמאָוויטש־מענדעלע, דעם גרויסן קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור, צעגלידערט ער אויף אַ פּאַרטיפּטן אופן, מיט גרויס בקיאות, זיין שפּעציפישע פערזענלעכקייט. אין זיינע ווערק, זאָגט ער, פּלעכט זיך צונויף דאָס משׂכּיליש־פּובליציסטי־שע מיט דעם רעאַליסטיש־קינסטלערישן. דערביי ווייזט ער אָן אויף דעם קאָנסערוואַטיוו־אַרכיטעקטאָנישן געבוי פון זיינע ווערק, לויטן מוסטער פון דערציילן אַ מעשׂה נאָך אַ מעשׂה. אין דער אויספּירלעכער כאַראַקטעריסטיק וועגן מענדעלען דעם קינסטלער, שטעלט צינבערג פעסט, אַז ער איז גע־שטאַנען אויף דער זייט פון אָרעמען און אונטערדריקטן און האָט רעאַגירט אויף דעם געזעלשאַפטלעכן אומיושר, וואָס הערשט אין ייִדישן לעבן.

אין י. צינבערגס בוך איז פאַראַן אַן אינטערעסאַנטער אָפּרוף א״ב „מיטן פּנים צום טאַלאַנט״ — אַ פאַראַפראַזירטע טעמע פון אַ פּאָרטראַג, וואָס איציק מאַנגער האָט אַמאָל געהאַלטן אין וואַרשע. דער שרייבער מ. קיטאַי האָט, באַרירנדיק דעם גרונטגעדאַנק פון דעם פּאָרטראַג אין „ליטעראַרישע בלעטער״, באַצווייפלט די אייביקייט פון קונסטווערטן אין דער געשיכטע, ווייל וואָס עס איז אין דער קונסט היינט גרויס, קאָן מאָרגן, נאָך אַן איבערשאַצונג פון ווערטן, זיין מינערוויכטיק. צינבערג ווייזט אויף, מיט רעכט, אַז דאָס איבערשאַצן פון ווערטן באַציט זיך כּלל נישט צו יענער קונסט, וואָס איז באמת ווערטפול און דויערנדיק. דאָס וואָס ווינטשעווסקי און באָוושאָווער זיינען דורך זייערע פּראָלעטאַרישע לידער געוועזן באַליבט ביי די ייִדישע מאַסן, איז נישט קיין באַווייז, אַז זיי זיינען געווען גרויסע דיכטערס.

ד״ר י. צינבערג געהערט צו אונדזערע וויניקע קולטור־היסטאָריקער, וועלכע קוקן אויף די געשיכטלעכע אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן פון ייִדיש־גייסטיקער שעפערישקייט מיט דעם ברייט אָרומנעמענדיקן בליק פון אַ קריטיקער. מיט אַ טייל פון זיינע הנחות וואָלטן מיר, אפשר, אויך היינט

נישט מסכים געווען, ווען במשך פון דער לעצטער תקופה וואָלטן איבער אונדזערע קעפּ זיך נישט אַראָפּגעלאָזט אַזוי פיל טראַגישע אומגליקן, וואָס באַדראָען אונדזער פאָלקס־קיום. אָט די אומגליקן גיבן אונדז נישט קיין פעסטן גרונט דעם טייל פון צינבערגס הנחות אידעאָלאָגיש צו באַשטרייטן.

# אַ נישט אָפּגעשאַצט בוך
# פון אַ ליטעראַטור־קענער

ביַי אונדז האָט זיך אויפגעהיט אַ נומער „פעדער" פון אַפּריל, 1931 — אַ ליטעראַרישע צייטשריפט, וואָס עס האָט אַמאָל מיט פיל פלייס רעדאַגירט און אַרויסגעגעבן אין ניו־יאָרק דער שרייבער אהרן קאַרלין. אין דעם זעלביקן עקזעמפּלאַר איז דער ליטעראַטור־קענער מ. וויטיעס (פּסעוודאָנים פון ד"ר מ. סאָרגען), פּאָרטראַטן מיט אַ קורצער עסיי וועגן מהות פון דער דראַמע, טראַגעדיע און קאָמעדיע. מיר האָבן אַריינגעקוקט אין דער ביאָ־ביבליאָגראַפיע פון דעם מחבר און אויסגעפונען, אַז אין יאָר 1958 איז אין ניו־יאָרק דערשינען זיינס אַ בוך „עסייען וועגן ליטעראַטור". דאָס בוך איז אַן ערנסטער בײַשטײַער צו דער עסייִסטישער קריטיק אין אונדזער ליטעראַטור־שאַפן.

מ. וויטיעס האָט אין דער ליטעראַטור־קענטעניש אויף ייִדיש געהאָלפן אַריינברענגען אַ ריי אָפּרישנדיקע אויפקלערונגען וועגן קונסט, הגם ער איז נישט געקומען „מיט אַן אייגענער פילאָסאָפיע און נייער אַנטפּלעקונג", ווי ער זאָגט אַליין וועגן זיך אין זיין באַגלייטוואָרט צום בוך.

אין זיינע עסטעטישע באַטראַכטונגען פאַררופט זיך דער ליטעראַטור־קענער אויף די קלאַסישע פאָרמען אין דער וועלט־ליטעראַטור זינט איר אַנטשטיין ביז איר מאָדערנעם אויפשטייג. וויטיעס אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז דער אויפקום פון ליטעראַטור נעמט זיך פון דעם פּרעהיסטאָרישן מענטשנס אופן פון קוקן אויף אַלץ וואָס רינגלט אים אַרום. ווי אַ דיאַלעק־

טיקער גיט ער אומדאָגמאַטיש צו, אַז די עוואָלוציע פון די כּסדר זיך אַנט־וויקלענדיקע כּוחות אין דער נאַטור, דער בהדרגהדיקער גאַנג פון דער מענטשלעכער געשיכטע, האָבן זייער אָפּשפּיגלענדיקע אויסווירקונג אויף דער ליטעראַטור, וואָס איז אַ פּועל־יוצא פון פאַמעלעכן וואַקסן. בכלל איז ליטעראַטור אַ קאָלעקטיווע דערגרייכונג פון פאָלק. איר אויסדריקער און בויער איז דער גאָט־געבענטשטער טאַלאַנט.

לייענענדיק די עסייען באַקומט זיך דער איינדרוק ווי דער ליטעראַ־טור־מוסמך וואָלט זיך אויסגעהיט פון שטרענג וויסנשאַפטלעכע פאָרמולעס. אָט די כּוונה שרייבן מיר צו צום פאַקט וואָס וויטיעס באַמיט זיך צו זיין פאַרשטענדיק פאַר דעם לייענער. צום באַדויערן מערקן ביי אים זיך צו פיל שפּראַכלעכע פּגמים, סטיליסטישע צעצויגנקייט און גאַנץ אָפטע איבער־חזורגגען. ווערליק די פאָדערונגען פון דער פיין געשניצטער עסיי, זיינען דאָס וויכטיקע חסרונות. דאָך שטעלן זיי נישט אַוועק אין שאָטן די ערנסט־קייט מיט וועלכער עס ווערן אין בוך אַוועקגעשטעלט פּראָבלעמען פון ליטע־ראַטור.

וויטיעס איז גוט באַהאַוונט אין דער וועלט־ליטעראַטור. זיינע אָפּשאַ־צונגען זיינען פּראָדוקטן פון טיפן אַריינדרינגען אין דער לאַבאָראַטאָריע פון קינסטלערישן שאַפן.

אַנאַליזירנדיק די עיקר־שטריכן פון דער ברייטלייוונטיקער עפּאָפּעע, באַקענט אונדז דער פאַרשער פריִער מיט דער אַנטשטייונג פון גריכישן עפּאָס. די עפּאָפּעע איז אַ דיכטעריש נאַראַטיווע שאַפונג דורכגעוועבט מיט לעגענדעס און פאַקטן פון היסטאָרישן באַדייט. בכדי צו אילוסטרירן דעם אייגנטלעכן כאַראַקטער פון דער עפּאָפּעע, דינען דעם ליטעראַטור־פאַרשער פאַר אַ דוגמא די ווערק פון דעם אומשטערבלעכן האָמער, „איליאַדע" און „אָדיסעע".

פאַר וואָס איז אינעם ייִדישן ליטעראַטור־שאַפן ווייניק פאַרטראָטן די עפּישע פאָרעם? די סיבה פון איר פעלעוודיקייט געפינען מיר אין די יערעמיאַדעס, ווי אויך אין די גאָטספאַרכטיקע פאַנעגיריקס מיט וועלכע עס זיינען דורכגעפלאָכטן די טראַגישע, אַזוי אויך הערויִשע דערציילונגען אין תּנ"ך. לויט דער ייִדישער אמונה שליסט די אַלמעכטיקע השגחה אויס די רעכט פון דעם זינדיקן בעל־חי, מעג ער זיין דער אויסדערוויילטער פון פאָלק, זיך צו שטעלן קעגן גאָטס ווילן. נאָך מער פאַרטראָגט נישט דער

יידישער גלויבן די אַנטראָפּאָמאָרפישע געשטאַלטיקונג פון דער געטלעכ־קייט. דער גורם פון אַלע פּאַרלויפּעגישן אין אונדזער אַלטער געשיכטע, איז דער רבון־עולם.

אין אַ ווייטערדיקער עסיי ווערט דורכגעפירט אַן אַנאַלאָגישע שטודיע וועגן דער עפּאָפּעע און דראַמע אין זייער פאָרעם־פאַרשידנקייט, הגםביידע פאַרמאָגן אין דראַמאַטישן זינען ענלעכע שטריכן. אין דער ערשטער האָבן מיר צו טאָן מיט אַ ברייט אַרומנעמענדיקער שילדערונג פון אַ פאָלק, אָדער אַ גרעסערער געמיינשאַפט אין בשותּפותדיקן געראַנגל מיט נאַציאָנאַל־באַדראָענדיקע כּוחות, אין דער צווייטער ווערט אין צענטער אַוועקגעשטעלט דער יחיד מיט זיין רעוואָלטירנדיקער התנגדות קעגן די אַלטע, פאַרגליווערטע לעבנספאָרמען אין דער געזעלשאַפט, קעגן אַלע אבני־נגף, וואָס פאַרשטעלן אים דעם וועג צו פאַרווירקלעכן זיינע טרוימען.

ווי אַן ערשטע, עכט־קינסטלערישע דערגרייכונג איז די דראַמע גע־קומען צום אויסדרוק ביי די אַנטיקע גריכן. אירע אָנהייב־סימנים מערקן זיך אין דעם ריטועלן דיאָניזאָס־צערעמאָניאַל, דורכגעפירט אין דעם גריכישן באַלאַדן־טאַנץ. דער דעמאָלטיקער טראַדיציאָנעלער צערעמאָניאַל האָט שוין אַנטהאַלטן אין זיך עלעמענטן פון דער עטאַפּנווייז זיך אַנטוויקלענדיקער דראַמע, ביז איר היינטיקער קינסטלערישער אַנטפלעקונג.

פון דעם זעלביקן דיאָניזאָס־קוואַל, נאָר אין גרינגן, פאַרווײַלערישן געמיט, שטאַמט אויך אָפּ די קאָמעדיע.

באַרירנדיק די קלאַסישע דראַמע אין אירע ביידע אָפּצווייגן — די טראַגעדיע און קאָמעדיע, איז אוממעגלעך פאַרבייצוגיין די נעמען פון זייערע גרונטלייגערס, די אַטענישע גאונים: אייסכילאָס, סאָפאָקלעס, אַריסטאָ־פאַנעס און אייריפּידעס. אין זייערע ווערק ווערן אָפּגעשפּיגלט די סאַמע פאַרוויקלטסטע פּראָבלעמען פון מענטשלעכן לעבן.

די טראַגעדיע איז — ווי וויטיעס דריקט זיך אויס — „די געדאַנקלעכע קרוין פון דער דראַמאַטישער קונסט און, אפשר, פון אַלע קונסטן". דערביי לאָזט דער מחבר אונדז וויסן וואָסערע עס זענען די כאַראַקטער־שטריכן פון דער טראַגעדיע.

אינעם יידישן שאַפן האָט דאָס פּערזענלעך־טראַגישע געפונען זיין אויסדרוק אין קורצע פראַגמענטן, ווו עס דאָמינירט דער מאָטיוו פון שלום מאַכן מיט דעם גורל ווי אַ גזירה פון הימל. דער ליטעראַטור־מומחה דרינגט,

אַז אין ביבלישע צייטן האָבן ייִדן ווי אַנדערע פעלקער אויך זיך פאַרנומען מיט סצענישע פאַרוויילונגען. אין דער עפּאָכע פון העלעניזם איז טעאַטער־גענוס באַטראַכט געוואָרן דורך דער ייִדישער אמונה ווי עבודה־זרה. ערשט אין די שפּעטערדיקע דורות, ווי דאָס מערקט זיך אין מיטלאַלטער, האָט די סצענישע קונסט, אונטער דער השפּעה פון דרויסן, גענומען אַריינדרינגען אינעם ייִדישן קולטור־שאַפן.

אין דער עסיי „וועגן קריטיק", שרייבט וויטיעס, אַז דער „כּי־טוב" איז געקומען נאָך בריאת־העולם. דאָס מיינט, אַז פאַר דעם אויפקום פון דער קריטיק, האָט שוין אין דער געזעלשאַפט געווירקט די ליטעראַטור. דער דאָזיקער געדאַנק איז, דאַכט זיך, נישט ניי. אַנשטאָט זיך אַריינלאָזן אין קולטור־היסטאָרישער אָפּשאַצונג, וואָלט דאָ געדאַרפט זיין אַ רייד וועגן עצם מהות פון דער קריטיק. אויף וויפל די קריטיק האָט פאַר דעם לייענער אַ באַלערנדיקע ממשות, אויף אַזוי פיל איז וויכטיק איר וועג־אָנווייזערישער באַדייט פאַר דעם ליטעראַטור־שאַפער גופא. געוויסע שרייבערס אָן גע־נוגיקן געפיל פון זעלבסטזיכערקייט אין זייער שאַפן, קאָנען נישט פאַר־טראָגן וואָס די קריטיק נעמט זיך אַליין דאָס רעכט אַריינצוקוקן אין זייער שעפערישן גאָרטן. דאָס באַטראַכטן דעם ערנסטן קריטיקער ווי סתם אַ נאָכזוכער פון חסרונות, זאָגט עדות אויף דעם שרייבערס באַגרענעצטן פאַר־שטיין די שליחות פון דער קריטיק.

אַ נאָענטע שייכות צו קריטיק האָט די פייַן געשליפענע עסיי. מיר געדענקען, ווען עס האָט אין די אָנהייב־דרייסיקער יאָרן, אין דער ייִדיש־ליטעראַרישער פּעריאָדיק אין פוילן זיך באַוויזן די עסיי. אַרום איר זיינען דעמאָלט אָנגעגאַנגען ערנסטע, אָפּשאַצערישע פּלוגתא׳ס. אויסער מיט דעם אינעווייניקסטן, עסטעטישן געפיל איז לכתחילה, אַפילו פאַר דעם בעסערן לייענער, שווער געווען טעאָרעטיש צו דעפינירן איר אייגנטלעכן כאַראַק־טער. וויטיעס מערקט אָן אויף געוויסע שטריכן פון עסייִסטישן מעטאָד אין פּלוטאַרכס, ציצעראָס און סענעקאָס שריפטן. מיט דעם דערשיינען פון דע מאָנטענס צוויי בענד עסייען אין סוף 16טן י״ה, האָט די עסיי זיך אָנגענומען אין דער אייראָפּעיִשער ליטעראַטור ווי אַ באַזונדערער ליטעראַ־רישער זשאַנער. לויט וויטיעס׳ עסטעטישער השׂגה, קאָן נאָר „דאָס געזיפּטע זעמלמעל פון דער לייענערשאַפט האָבן דעם עכטן גענוס פון דער עסיי".

אין דער ייִדישער ליטעראַטור איז די עלעגאַנט געשריבענע עסיי נאָך

אַ יונג געוויקס. דער ליטעראַטור־ידען טיילט אויס עטלעכע ייִדישע שרײַ־
בערס ווי ד״ר א. קאַראַלניק, מ. נאַדיר, קאַליאַ טעפּער, א. אַלמי און אַנדערע,
וועלכע האָבן געשריבן עסייִסטיש, אָבער קיין אויסשליסלעכע עסייִסטן
זײַנען זיי נישט געבליבן.

אין דעם קאַפּיטל „ראָמאַנטיק און ראָמאַנטיזם״ שטעלט וויטיעס פעסט,
אַז דער ראָמאַנטיזם האָט אין דער ליטעראַטור נישט אַרײַנגעבראַכט קיין
דויערנדיקע אינהאַלטן. דער מחבר פילט, אַז די פעסטשטעלונג איז, אפשר,
צו געוואָגט. ער גיט דעריבער גלייך צו, אַז דער דאָזיקער שטראָם האָט,
פון דעסטוועגן, אויפגעאַקערט דעם שטיינערנעם באָדן פאַר דער ווייטער־
דיקער אַנטוויקלונג פון דער ליטעראַטור. דער געדאַנק, אַז קלאַסיציזם און
ראָמאַנטיזם גייען זיך נישט פונאַנדער אין זייער קינסטלערישן באַנעם, איז
בלויז אַן אייגענע באַהויפּטונג. לפי אַנדערע ליטעראַטור־טעאָרעטיקערס,
איז דווקא יאָ פאַראַן צווישן זיי אַן אונטערשייד. די געקינצלטע אויסערלעכע
אַנגעצויגנקייט פון קלאַסיציזם האָט ניוועלירט די סוביעקטיווע איבער־
לעבונג, דאָס עמאָציאָנעלע געפיל. לויט אונדז איז שוין גיכער פאַראַן אַ
בינדנדיקע שייכות צווישן ראָמאַנטיזם און רעאַליזם. טרוימען, דערהויבענע
שטרעבונגען, נאַטור־שטימונגען און אומגעוויינלעכע קאָנפליקטן טרעפן זיך
אויך אינעם לעבן פון דער רעאַליסטיש געשילדערטער געשטאַלט. דער
מחבר פרעגט אָפּ די אַנדערשקייט פון דער ייִדישער ליטעראַטור פון אַנדערע
ליטעראַטורן. „זי איז — טענהט ער — אַלע מאָל באַווירקט פון דער פרעמד״.
און וואָס איז מכוח דער ספּעציפישער טעמאַטיק אין אונדזער וואָרטשאַפן?
וויטיעס זאָגט פאָרויס, אַז מיט דער צייט וועט די ייִדישע בעלעטריסטיק
זיך אָנזאַפּן מיט ראָמאַנטישן גייסט... ליטעראַרישע שטרעמונגען זײַנען אָבער
קולטור־היסטאָרישע קענצייכנס פון באַשטימטע עפּאָכעס, וואָס קאָנען אונטער
געענדערטע באַדינגונגען זיך מער נישט אָננעמען אין זייער אָפּגעלעבטער
פאָרעם. עס קאָנען, פון דעסטוועגן, אין דער שייכות מעגלעך זײַן עסטעטישע
באַריר־פּונקטן אָדער השפּעות.

אין דער עסיי „דיכטער און ליטעראַטור״ קומט דער פאָרשער צו דער
באַגרינדעטער מסקנה, אַז די אָנגעזאַמלטע ליטעראַרישע ווערטן פון פריִער־
דיקע דורות שאַפן די גייסטיקע אַטמאָספער פאַר דעם נאָכקומענדיקן טאַ־
לאַנט. דער ליטעראַטור־עקספּערט באַווייזט מיט בײַשפּילן, אַז די אומגע־
פעלשטע, דיכטערישע שאַפונג איז אַ פועל־יוצא פון אומגעוויינלעכן, באַ־

פליגלטן טראַנס, וואָס שטייגט אָפּט מאָל איבער די גרענעץ פון ראַציאָ. דאָס מיינט נישט צו זאָגן, אַז דער דיכטער פאַרלירט אין זיין רוח־הקודש־דיקער דערהויבונג די ניכטערע קאָנטראָל איבער זיין שאַפן. בילדער, אימאַזשן און שטימונגען זיינען עיקרדיקע עלעמענטן אין דער דיכטערישער שאַפונג. אַפילו אַ ריין מחשבותדיק ליד, אויב עס קומט נישט פון אַן אינעווייניקסטן דראַנג זיך דיכטעריש אַראָפּצורעדן פון האַרצן, איז אין בעסטן פאַל ראַפינירטע גראַמען־פלעכטעריי.

אויך דער לייענער דאַרפט זיין אַן אַקטיווער אָביעקט אין גייסטיקן שאַפן. אויף צו פאַרשטיין דאָס געלייענטע, דאַרפט ער צוגיין צום בוך מיט אַ געוויסער מאָס פון וויסן און גייסטיקער דערפאַרונג („בוך און לעבן"). דאָ דערמאָנען מיר ש. ניגערס אַ קריטישע מימרא: „נישט בלויז דאַרפט דער לייענער ווערן פון דעם ווערק באַפרוכפערט, נאָר ער דאַרפט אויך דאָס ווערק באַפרוכפערן".

די מענטשלעכע אַנטוויקלונג איז אונטערגעוואָרפן כּסדרדיקע, פּסיכאָלאָגישע ענדערונגען. די נאַטור־דערשיינונגען, וואָס האָבן אַמאָל דעם אור־אַלטן מענטשן זיך אויסגעוויזן צו זיין למעלה מן השׂכל, און אים אַריינגעברענגט אין גאַטספאָרכטיקער התלהבות, רופן ביי דעם היינטצייטיקן „האָמאָ סאַפּיענס" מער נישט אַרויס קיין באַזונדערן ציטער. קומענדיק אין יעדנטאָגיקן באַריר מיט די כּוחות אין דער נאַטור, איז דער פּרעהיסטאָרישער מענטש געווען געצוווּנגען צו זוכן פאַר יעדן באַגריף אַ נאָמען. אַזוי האָט דאָס וואָרט לאחדים אָנגענומען אַ ממשותדיקן באַטייַט. די נאַטור מיט אירע געזעצן, פאַרבקאָלירן און סימעטרישער פּינקטלעכקייט האָבן אין דעם מענטשן דערוועקט דעם חוש פאַר שיינקייט. מיט דער צייט האָט דער כאַראַקטער פון דער ליטעראַטור ביי יעדן פאָלק באַקומען דעם געאָגראַפישן חותם פון דעם לאַנד, ווו דאָס פאָלק האָט געלעבט און געשאַפן („די ראָל פון דער נאַטור אין דער ליטעראַטור").

דער קאָסמישער באַנעם ביי די אַנדערע פעלקער שיידט זיך פּולשטענדיק אונטער פון דער נאַטור־אויפפאַסונג ביי ייִדן. די היידן און באַזונדערס די גריכן האָבן סטיכישע דערשיינונגען אין דער נאַטור אויפגענומען ווי די געטלעכקייט גופא און געצנדינעריש זיך געבוקט צו איר. לויט דער רעליגיעז־ייִדישער השקפה איז די געזעצמעסיקייט אין דער דוממדיקער וועלט, די הימל־קערפּערס און אַלע לעבעדיקע בריאות אויף דער יבשה — דעם

אַלמעכטיקן בורא׳ס באַשאַף. נאָר אים, ברוך־הוא, דאַרפט דער מענטש דאַנקען און לויבן פאַר אַלע געגרונטפעסטיקטע וווּנדער („די נאַטור אין יידישן באַנעם״). דער דאַזיקער אופן פון באַנעמען די נאַטור, שפיגלט דאָס רוב זיך אָפּ אין אונדזער רעליגיעזער ליטעראַטור.

מיר קומען צו צו דער לעצטער עסיי „ספר און בוך ביי יידן״. מ. וויטיעס הייבט אַרויס דעם טיפן פיעטעט, וואָס יידן האָבן פאַר דעם בוך, די באַקאַנטע אַפּאָלאָגיע פון עם־הספר. ווען מיר גיבן אָבער אַ גרינטלעכן בליק אַריין אין דעם היינטיקן יידישן לעבן, וואָס עסט זיך נישט איבער מיט ממשותדיקן גייסטיקן אינהאַלט, איז קוים צו גלויבן אין דער ריכטי־קייט פון אָט דער נאַציאָנאַל אָנגענומענער הנחה.

מ. וויטיעס׳ עסטעטיש־קריטישער אַריינבליק אין דער פילאָסאָפיע פון קונסט איז פאַר דעם ווילקענעוודיקן לייענער, אפשר, נישט ניי, אָבער שטענדיק אינטערעסאַנט.

1961



# ב. מאַרק׳ס נײַ־אויפגעפּאַסטע געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן

מיט זיין נייעם היסטאָריאָגראַפישן ווערק וועגן דער **געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן** (פאַרלאַג „ייִדיש בוך", וואַרשע, 1957), רוקט זיך פּראָפ׳ בער מאַרק אַרויס ווי אַן אומדערמידלעכער פאָרשער מיט פאַר־לאָזלעכער אחריות פאַר זיין באַרוף. דער געשיכטע־שרייבער באַנוצט זיך אין זיין פאָרשאַרבעט מיט דעם דיאַלעקטישן מעטאָד, אונטערשטרייַכנ־דיק די פאַרבינדונג פון דעם געשיכטלעכן גאַנג פון וועלט־ייִדנטום מיט די אַלגעמיין היסטאָרישע אַנטוויקלונגען אין אַלע לענדער פון דער ייִדישער דיאַספּאָרע. צווייטנס, ווערן אַרויסגעברענגט אין זיין ווערק די סאָציאַלע אונטערשיידן ביי ייִדן אין אַלע תקופות, וואָס ביז מאַרקן האָבן אונדזערע היסטאָריקערס, מיט ווינציקע אויסנאַמען, פאַרזען אויפן חשבון פון אונ־דזער נאַציאָנאַל־היסטאָרישן גאַנג בכלל.

דער שרייבער פון די שורות האַלט זיך ווייט נישט פאַר אַ מוסמך אין היסטאָריאָגראַפיע. מיר דערמאָנען בלויז סינאָפּסיש די פאַקטן, וועלכע ווערן אין דעם געשיכטע־בוך באַהאַנדלט.

בער מאַרק שטיצט זיך נישט אין זיין סיסטעמאַטיש פעריאָדיזירטער געשיכטע אויף אומזיכערע סברות און אומבאַגרינדעטע פירושים. ער פאָלגט

נאָך די געשעענישן לויטן סדר אין וועלכער היסטאָרישער תקופה זיי האָבן פּאַסירט.

אויף פעסטצושטעלן די ריכטיקייט פון היסטאָרישע פאַקטן נישט בלויז אין דער יידישער, נאָר אויך אין דער וועלט־געשיכטע, האָט בער מאַרק אין זיין פאַרשאַרבעט זיך אַרויסגעהאָלפן מיט אויסצוגן פון ליטעראַ־רישע ווערק, געשאַפענע אין דער באַהאַנדלטער עפּאָכע. דאָס איז געווען נאַטירלעך פאַר דעם היסטאָריקער, וועלכער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט ליטעראַטור־קריטיק. דער מיזוג פון געשיכטע און ליטעראַטור איז געווען דער כּוח־המושך פאַר זיין שאַפן. דער בעסערער לייענער שעפּט דאָ געניסע־ריש פון צוויי באַלערנדיקע קוואַלן.

אַנדייטנדיק אויף דער קלאַסן־דיפערענציאַציע אינעם יידישן פאָלק, אין אַלע צייטן, ווייזט מאַרק אָן אויף דער פּראָגרעסיווער ראָל וואָס די יידישע ישובים האָבן אָפּגעשפּילט אין די אייראָפּעיִשע לענדער, אין די ערשטע יאָרהונדערטער. אויך שפּעטער זיינען יידן אין איטאַליע און שפּאַניע שוין אויסגעשטאַנען אין 7טן יאָרהונדערט פיל נגישות מצד דער קאַטוילישער קירך, כאָטש זיי האָבן פיל בייגעטראָגן צו דער אַנטוויקלונג פון די דאָזיקע לענדער. דערמאָנענדיק די גייסטיקע פאַרשטייערס פון דער „גאָלדענער עפּאָכע" אין שפּאַניע, גיט ער צו, אַז „די דאָזיקע ,גאָלדענע עפּאָכע' איז נישט געווען — ווי מען שטעלט זי פאָר אין געוויסע ביכער — לויטער ווויקס און רו".

דער געלערנטער קומט צו צום פּעריאָד ווען אין דער דאָגמאַטישער גייסטיקייט איז אַריינגעדרונגען דער ראַציאָנאַליזם, וועמענס פאָרשטייער עס איז געווען ר' סעדיה גאון. טראָץ זיינע שׂכלדיקע מסקנות, איז ער נישט אָפּגעטראָטן פון די איינגעוואָרצלטע רעליגיעזע דאָגמעס. חידוש־דיקע פאַרוווּנדערונג רופן אַרויס די אַפּיקורסישע מחשבות, וואָס עס האָט צו יענער צייט אויסגעדריקט חיוי הבלכי וועגן דער אומענדלעכקייט פון דער וועלט. לויט אים, האָט די וועלט קיין בורא נישט באַשאַפן. זי איז אַנטשטאַנען פון זיך אַליין. וועגן סעדיה גאון (געלעבט אין דער ערשטער העלפט פון 9טן י"ה), דערציילט מען, אַז ער האָט געהאַט השפעה אין דעם קאַמף קעגן די קאַראַיִמער און קעגן דעם פריידענקער חיוי הבלכי (גע־לעבט אין סוף 8טן י"ה).

אַן ענלעך קאַפּיטל צו די יידן־פאַרפאָלגונגען אין אונדזער תקופה,

איז דאָס וואָס די הערשנדיקע ביזאַנץ האָט אַרויסגעשטויסן די ייִדן פון פּאַלעסטינע, עגיפּטן, סיריע, פּערסיע פון זייערע איַינגעפונדעוועטע פּרנסות, דורך די גרויסע צינזן וואָס די מושלים פון דער ביזאַנטישער אימפּעריע האָבן אויף זיי אַרויפגעלייגט (8, 9, 10טער י״ה). דאָס איז געווען די הויפּט־סיבה פאַר וואָס די ייִדישע ערדאַרבעטער, זיַידוועבער און אַנדערע באַל־מעלאָכעס זיינען געצוווּנגען געווען צו זוכן אַנדערע קוואַלן פון פּרנסה.

אַ סך פאַרשערישן אינטערעס ווייזט דער היסטאָריקער אַרויס דער כּוזרישער מלוכה. זי איז אַנטשטאַנען אויפן קרימער האַלבאינדזל און אין די אַרומיקע סטעפּעס, ווו ייִדן האָבן זיך באַזעצט זינט דעם ערשטן י״ה. דער מחבר ווייזט אָן אויף אַ גרויסער צאָל פרעמדשפּראַכיקע מקורים, וואָס דערציילן וועגן דער כּוזריש־ייִדישער מלוכה. די העברעיִשע דאָקומענטן גייען אַריין אין דער אַ״ג „כאַזאַרישער קאָרעספּאָנדענץ״, ווו עס געפינט זיך אויך דער באַקאַנטער בריוו פון חסדאי אבן שפּרוט צום כּוזרישן קעניג. די כּוזרישע מלוכה האָט אָפיציעל עקסיסטירט ביזן 13טן י״ה.

צוקומענדיק צום בראשית פון ייִדישן ישוב אין פוילן, שילדערט ב. מאַרק דעם הינטערגרונט פון פוילנס אַנטוויקלונג, איר עקאָנאָמיש־ווירטשאַפטלעכע לאַגע, אירע ירידות און אויפשטייגן אונטער דער ממשלה פון מלכים, ביז דער צייט, ווען עס האָט געהערשט דער קעניג קאַזשימיעזש יאַגיעלאָנטשיק. דער היסטאָריקער צעטיילט די איַינוואַנדערונג פון ייִדן קיין פוילן אין פיר אימיגראַציע־שטראָמען: דעם בבליש־פּערסישן שטראָם (7טער י״ה), ייִדיש־כּוזרישן (9־10טער י״ה), ראַדאַניטישן (9־10טער י״ה) און פון דעם מיגראַציע־שטראָם וואָס די בלוטיקע קרייצצוגן האָבן אַרויס־גערופן.

וואָס איז שייך דער ערשטער ייִדישער באַזעצונג אין די סלאַווישע לענדער, קומט בער מאַרק צו דער השערה, אַז שוין אין זיבעטן י״ה האָבן עקסיסטירט ייִדישע ישובים אין טשעכיע און אין פוילן. זיי זיינען באַשטאַ־נען פון כּוזרים, מזרחדיקע און מערבדיקע ייִדן. מיט דער צייט באַפרייען זיי זיך, אין גייסטיקן זין, פון בבלישן איַינפלוס. עס פאַרמירט זיך, אונטער נייע באַדינגונגען, אַן אייגענער לעבנס־שטייגער. עס קומען אויף אין אַלט־רייסן גייסטיקע אויטאָריטעטן, אָבער קיין כּוח פאַרצוזעצן זייער המשך האָט דער ישוב נישט געהאַט, מחמת דער מאָנגאָלישער אינוואַזיע.

אויף אַן אַנדער אָרט רעדט מאַרק וועגן די צוויי קולטורן, וועלכע זיינען

אויפגעקומען צום לעבן אין די אויבנדערמאָנטע ישובים — די ייִדישע און די סלאַווישע. מיר זיינען נישט בכוח זיך אַריינצולאָזן אין די היסטאָרישע מאַטעריאַלן און באַווייזן, אויף וועלכע דער היסטאָריקער באַזירט זיינע מסקנות. דאָס זענען בלויז ראשי־פּרקימדיקע פאַרצייכענונגען אָנצודייטן אויף דעם רייכן פאַרנעם פון ב. מאַרק׳ס „געשיכטע פון ייִדן אין פוילן״.

אָפּשטעלנדיק זיך אויף די בלוטיקע אָנפאַלן פון די קרייצציגלערס אין דייטשלאַנד, פאַררופט זיך ב. מאַרק אויף אַ ריי דאָקומענטן פון אַקטיוון און פּאַסיוון ווידערשטאַנד, וואָס די ייִדן האָבן אַרויסגעוויזן קעגן די אָנפאַלערס און קומט צום אויספיר:

„אַזוי אַרום ווערט קלאָר, אַז דער נוסח, וואָס הערשט אין דער אַלטער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע, דער מאַרטיראָלאָגישער נוסח פון קידוש־השם, פון פּאַסיוון ווידערשטאַנד, אַנטשפּרעכט נישט אין גאַנצן דעם היסטאָרישן אמת. פאַקטיש האָבן ייִדן פונעם ריין־געביט, אומעטום, ווו נאָר זיי האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט, געשטעלט אַן אַקטיוון ווידערשטאַנד״.

אין אַן אַנדער קאַפּיטל, ווו עס רעדט זיך וועגן די באַשעפטיקונגען פון די ייִדן אין פוילן אין 14טן י״ה און אין דער ערשטער העלפט פון 15טן י״ה באַשטרייט מאַרק די מיינונג פון געוויסע היסטאָריקערס, אַז ייִדן האָבן אין יענער צייט נאָר זיך פאַרנומען מיט וווכער און האַנדל, בעת אַ גרויסער טייל פון זיי האָט זיך גאָר באַשעפטיקט מיט ערדאַרבעט, קצבות, וועבעריי, שטריקמאַכעריי און אַנדערע מלאכות. דער היסטאָריקער איז מכוון אויפּ־צווייזן מיט דער הילף פון דאָקומענטירטע פאַקטן, אַז זינט זיין אַנטשטיין און אויך אין די שפּעטערדיקע דורות, איז דאָס ייִדישע פאָלק געווען אַ פאָלק פון אַרבעט. דאָס נעמען זיך צום האַנדל האָט, אין מערסטע פאַלן, געדינט ווי אַן אויסוועג צו געפינען אַן אַנדער פּרנסה־קוואַל, מחמת דער שטייערן־דרוק, דער צעכן־געזעץ און אַנדערע גזירות האָבן אַרויסגעשטויסן פיל ייִדישע אַרבעטסמענטשן פון זייערע פאַרשידנצווייגיקע מלאכות.

צונויפשטעלנדיק דאָס בילד פון ייִדישן קולטור־מצב און לעבנס־שטייגער אין דער פריִעסטער צייט פון ייִדישער באַזעצונג אין פוילן, איז ב. מאַרק זיך, טיילווייז, סומך אויף די פאָרשונגען פון מתתיהו מיזיש, א. נ. פּאָלאַק און מאַקס ווײַנרייך. קאָנקרעטע ידיעות וועגן אַ ייִדיש קולטור־

לעבן אין פוילן זיינען פאַראַן פון זינט דעם 13טן י״ה, הגם יידישע גע־
לערנטע האָבן שוין דאָרט געלעבט אַ סך פריִער.

אין דער באַהאַנדלונג פון דעם פאַרמירונגס־פעריאָד פון באַנייטן יידישן
ישוב אין פוילן פון 13טן י״ה ביזן סוף 15טן י״ה, ווייזט דער היסטאָריקער
אָן אויף די סיבות פון די נייע אימיגראַציע־כוואַליעס קיין פוילן: דער
טאַטערישער אָנפאַל אויף די רייסן, די בלוטיקע פאָגראָמען אין דייטשלאַנד,
וואָס טראָגן דעם נאָמען „גזירת רינדטפלייש״, די שחיטות אין 14טן י״ה
צוליב דעם „שוואַרצן טויט״ און נאָך אַ שטראָם פון איינוואַנדערערס, וואָס
איז אין 15טן י״ה געקומען פון וואָרמס און רעגענסבורג. דורך דעם צוויי
הונדערט יאָריקן פעריאָד זיינען אין פאַרשידענע צייטן פאָרגעקומען גירוּ־
שים אין עסטרייך, פראַנקרייך, טשעכיע, ענגלאַנד און שפּאַניע, פון וואַנען
באַרויבטע, פאַרפאָלגטע, זיינען יידן געצוווּנגען געווען אַרויסצוואַנדערן און
זיך באַזעצן אין פוילן. דאָ ווערן פאַרצייכנט גרויליקע פאַקטן פון דער
יידישער מאַרטירער־געשיכטע אין די מערב־ און צענטראַל־אייראָפּעיִשע
לענדער. די מעגלעכקייט זיך צו באַזעצן אין ווייסרוסלאַנד, האָט געהאַט
אַ גרויסן באַדייט פאַר דעם ווייטערדיקן יידישן קיום. דער היסטאָריקער
שטרייכט דאָ אונטער די ווירקונג וואָס די יידישע איינוואַנדערונג פון די
מערב־לענדער האָט געהאַט אויפן גייסטיקן כאַראַקטער פון דעם וואַקסנ־
דיקן יידישן ישוב אין פוילן.

דאָס פּראָקלאַמירן דעם „קאַלישער סטאַטוט״ איז אין פעאָדאַלן פוילן
נישט געווען אַן אָנסיבההדיקע טובה פאַר די יידן. קענטיק, אַז געוויסע
געזעצן אין סטאַטוט, געזעצן קעגן ווילקיר און לעבנסבאַדראָאונג, זיינען גע־
שאַפן געוואָרן לויט די פאָדערונגען פון די יידישע געלט־קרעדיטאָרס אין
וועלכע דאָס פּוילישע פירשטנטום האָט זיך געניויטיקט. דער געשיכטלער
קלערט אויף פאַר וואָס די יידישע סוחרים האָבן אין די צייטן פון קאַזשימיר
דעם גרויסן באַקומען געוויסע פריווילעגיעס אין פרייען האַנדל. די אָנגע־
נומענע מיינונג, אַז קאַזשימיר דער גרויסער זאָל האָבן געווען אַ יידנפריינד,
זעט אויס, לויט מאַרקן, צו זיין איבערגעטריבן. מיט דעם יורידישן סטאַטוס,
וואָס דער קעניג האָט געגעבן די יידן, איז ער נישט אויסן געווען זייער
טובה, נאָר די טובה פון דער מלוכה.

דער פאָרשער דערגרונטעוועט זיך צו די סיבות פון די בלוטיקע
רדיפות אין דייטשלאַנד און אין פוילן אין 15טן, 14טן, 13טן און פריִערדיקע

יאָרהונדערטער. ער איז פון דעסטוועגן מסכים מיט יענע היסטאָריקערס, וועלכע שטעלן פעסט, אַז אין יענעם פעריאָד איז די לאַגע פון די ייִדן אין פוילן געווען אַן ערך בעסער ווי אין אַנדערע לענדער פון אייראָפּע (חוץ איטאַליע).

אין דריטן טייל פון „די געשיכטע פון ייִדן אין פוילן" באַקענט אונדז בער מאַרק מיט דער גענעזע פון דער ליטווישער מלוכה, אָנהייבנדיק פון די זשמודזשישע, אויקשטאַטער און יאַדזשוויגישע שבטים, וואָס זיינען שפּעטער געוואָרן איַינגעשלונגען דורך די ליטווינער אויף צו בילדן איין ליטוויש פאָלק. ער דערציילט אונדז וועגן דער אַנטשטייונג פון דער ליטווי־שער מלוכה און וועגן דעם אויפקום פון ייִדישן ישוב אין ליטע. ער האָט זיך ערשט גענומען אָרגאַניזירן אין 14טן י"ה, הגם ייִדן האָבן שוין דאָרט געלעבט אין 12טן י"ה. אינטערעסאַנט איז דער עטנאָגראַפישער באַשטאַנד פון דעם ייִדישן ישוב אין טשעכיע, אָנהייב פון 15טן י"ה. דער קיבוץ איז באַשטאַנען פון דייטשע, פוילישע, פּאָרטוגעזישע, לעוואַנטינישע, איטאַ־ליענישע און פון אַ מערהייט זינט דורות באַזעצטע טשעכישע ייִדן. מאַרק פאַרצייכנט דעם זייער אינטערעסאַנטן פאַקט, אַז שניידעריי איז אין יענער צייט אין טשעכיע געוואָרן באַטראַכט ווי איינע פון די בכבודיקסטע מלאָכות. „למשל, אין דער שטאָט אייבענשיץ איז געווען אַפילו אַ ייִדישער שניידער מיטן טיטול — מורנו. אין דער שטאָט ראָסניץ איז דער ייִדישער שניידער איינציַיִטיק געווען דער שמש".

אַנדערע ייִדישע באַלמעאָלכעס זיינען אין טשעכיע געווען דיסקרימי־נירט. דער קלער האָט דורך בלוט־בלבולים געהעצט קעגן דער ייִדישער באַפעלקערונג. פון דרויסן האָט דער ייִדישער כלל געהאַט אויסצושטיין אַלגעמיינע צרות, אינעווייניק אין פאָלק איז געקומען צום אויסדרוק די פיינדלעכע באַציִונג פון דעם פאַרמעגלעכן ייִדישן סוחר און רבנישן עלע־מענט צו זייער אָרעמען ברודער — דעם ייִדישן באַלמעלאָכע, קליינהענד־לער און סתם אָרעמאַן.

נישט אָן סיבה האָט די הוסיטישע באַוועגונג באַהערשט די מוחות און געפילן פון די אָרעמע, ייִדישע שיכטן. די הוסיטישע באַוועגונג האָט גע־שפּילט אַן אויפקלערערישע ראָל און אַריינגעבראַכט עפּעס נייס אין די־באַגריפן פון רעליגיע און מאָראַל. אירע ראַדיקאַלע אידעען האָבן אויך אַריינגעדרונגען פון טשעכיע קיין פוילן. דער פאָרשטייער פון ייִדישן אויפ־

קלערערישן געדאַנק אין פּוילן איז אין יענער צייט געווען יום־טוב ליפּמאַן פון מילהויזן.

לויט ווי עס איז אָנגעמערקט אויפן בוך, האָבן מיר פאַר זיך דעם ערשטן באַנד פון ב. מאַרק׳ס „געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן״ זינט איר אָנהייב ביזן סוף פון 15טן י״ה. אַ שאָד וואָס דער צווייטער באַנד איז צו אונדז נישט דערגאַנגען, אויב ער איז בכלל דערשינען פאַר דעם היסטאָריקערס פריצייטיקן טויט.

צו זיין הויכגעלערנטקייט איז ב. מאַרק אויך געווען אַ יחיד במינודיקע פּערזענלעכקייט. וועגן דעם איז כּדאַי באַזונדער צו שרייבן.

2

פאַרלאָזנדיק דעם נאָדל־פאַראיין אויף נאַלעווקעס 2, אין וואַרשע, נאָכן אומזיסטן אָפּוואַרטן ביז שפּעט נאָך מיטאָג אויף אַ „פּאַסיקן״ פּאָסטן אָפּצואַרבעטן כאָטש עטלעכע וואָכן אין סעזאָן, זיינען איך און מיין חבר, ביידע אַרבעטזוכערס, אַראָפּ אויף פּזשעיאַזד און דורך מילנע־גאַס מיט דער נאָוואָליפּיע אַוועק — יעדער אויף זיין, לאָמיר דאָס אָנרופן, קוואַרטיר.

געווען איז דאָס אין דער צווייטער העלפט דרייסיקער יאָרן. די ברייטע געזעלשאַפטלעכע וועלט האָט זיך נאָך דעמאָלט געפונען אונטער דעם צעטומלטן איינדרוק פון די מאָסקווער פּראָצעסן. דער צענטער פון דער וועלטס אויפמערקזאַמקייט האָט פאַרנומען דער אָנטשיידנדיקער בירגערקריג אין שפּאַניע, וווהין פילצאָליקע יוגנטלעכע פון פאַרשידענע וועלטטיילן האָבן געריסן זיך צו באַטייליקן זיך אין סאָלידאַרן קאַמף פאַר פרייהייט פון שפּאַנישן פאָלק. צום טרויעריקן רומל פון דער פאַרשטאַרקטער וועלט־רעאַקציע האָבן נאָך צוגעשפּילט די אַנטי־ייִדישע פּאָגראָמען אין סאַנאַציע־פּוילן. אַ געוויסע געזעלשאַפטלעכע אויפמונטערונג האָט געבראַכט מיט זיך די אַנטשטייונג פון דער פאָלקס־פראָנט־באַוועגונג. זי האָט אין דער ייִדישער סביבה זיך אויסגעדריקט אין דער אָרגאַניזירונג פון דעם אַלוועלט־לעכן ייִדישן קולטור־קאָנגרעס אין פּאַריז.

בעת איך האָב אַ ווײַלע זיך פאַרהאַלטן נעבן אַ קיאָסק אַ בליק צו טאָן אויף די ניי דערשינענע צייטשריפטן און בראָשורן, האָט מיין חבר מיר

אָנגעוויזן אויף אַ פאַרבייגייער, וואָס האָט אַרויסגערופן אָנזען.
— דאָס איז בערל מאַרק.

ער האָט מיט גאַנץ רירעוודיקע טריט געשפּאַנט אין דער ריכטונג צו טלאָמאַצקע. זיין גרויער הוט האָט באַזונדערס האַרמאָניזירט מיט דעם טונקל־בלויען קאָליר פון פּאַלטאָ. פון זיין איידעלן פּנים האָט אַראָפּגעשײַנט אַ לייכטער, גוטמוטיקער שמייכל.

דער נאָמען איז פון פריִער מיר שוין געווען באַקאַנט פון זיינע ליטע־ראַריש־קריטישע אַרטיקלען אין די „ליטעראַרישע בלעטער" און אין אַנ־דערע פּאָפּולערע צייטשריפטן אין יענער צייט, ווי „ליטעראַרישע טריבונע", „זיבן טעג", און די טעגלעכע צייטונג „אונדזער פריינד". מאַרק האָט שוין דעמאָלט געשמט מיט זיין „געשיכטע פון דער יִדישער אַרבעטער־באַוועגונג" (וואַרשע, 1936), און שפּעטער מיט זיין ערשטן באַנד „געשיכטע פון סאָציאַלע באַוועגונגען אין פּוילן" (ווילנע, 1938).

לויט זיין וועלטבאַנעם איז מאַרק געווען אַ פּרינציפּיעלער אינטער־נאַציאָנאַליסט. אָבער וואָס שייך דעם פאָלק פון זיין אָפּשטאַם, האָט ער זיך קיין מאָל נישט זעלבסט פאַרלייקנט.

קורץ פאַר דעם היטלעריסטישן אָנפאַל אויף פּוילן, האָט ער אין איינער פון די אויבנדערמאָנטע צייטשריפטן פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל: „די אָפּענסיווע אויף די טווימס". פון איין זייט, טרעט דאָרט דער מחבר אַרויס קעגן די רעאַקציאָנערע פּוילישע שרייבערס, וועמען עס שטייט נישט אָן, וואָס דער יִדישער טאַלאַנט טראָגט צו אַ וואָגיקן חלק צו דער באַרייכע־רונג פון דער פּוילישער קולטור. פון דער צווייטער זייט, טייטלט ער מיט פאַרוווּרף אָן אויף דער אומווירדיקער האַנדלונג פון די טווימס, הלמאי זיי ווילן זיך „אײַנקויפן יחוס ביי די ,היימישע' איבערפלאַנצער פון דער אַלפרעד ראָזענבערג־ראַסן־טעאָריע".

אַ טייל פון מיינע פריינד האָבן מאַרקן געקענט פּערזענלעך. נאָר מיר איז ביז נאָך דער מלחמה קיין מאָל נישט אויסגעקומען זיך צו טרעפן מיט אים פּנים אל פּנים.

ווען די נאַציס האָבן פאַרכאַפּט וואַרשע, האָב איך מיט נסים נאָך באַוויזן צו פאַרלאָזן די שטאָט און מיט טויזנטער אַנדערע פּליטים געצויגן צו דער סאָוויעטישער גרענעץ. כ'בין אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק. אַרום דער ערשט געגרינדעטער צייטונג „ביאַליסטאָקער שטערן" האָט זיך גרו־

פירט אַן אָנזעעוודיקע צאָל ייִדישע שרײַבערס — פּליטים פון פוילן, צווישן זיי אויך בער מאַרק. שוער געווען דעמאָלט צו געפינען אַ ווינקל, ווו אָנצושפּאַרן דעם קאָפּ אין דער אָנגעלאָפּענער מיט היימלאָזע מענטשן שטאָט. איך האָב באַשלאָסן זיך אָוועקצולאָזן מיט דעם ערשטן צוג קיין רוסלאַנד. דורך די יאָרן פון מלחמהדיקן וואַגל־און־וואַנדער בין איך געווען אָפּגעריסן פון מיין אייגענער וועלט. ערשט ווען מיר האָבן אויפן אוראַל זיך אָפּגעשטעלט אין אַ גרעסערער שטאָט, האָט באַנײַס זיך געעפנט אַ מעגלעכקייט זיך צו דערוויסן אַ סך מער פון דעם וואָס מיר האָבן געוווּסט. פון דער מאָסקווער „אייניקייט" האָב איך אויפגעכאַפּט קורצע ידיעות וועגן די דייטשישע רציחות איבער דער ייִדישער באַפעלקערונג אין יעדער שטאָט און שטעטל, ווו נאָר זיי האָבן באַטראָטן די ערד. שוין דעמאָלט האָט מאַרק אָנגעהויבן זיין אומדערמידלעכע פאַרשאַרבעט וועגן פּײַן און גבורה פון די געטאָ־אסירים. ווי אַ מיטגליד אין פּרעזידיום פון „פאַרבאַנד פון פּוילישע פּאַטריאָטן" אין מאָסקווע, האָט ער לויט די דעמאָלטיקע מעגלעכקייטן געטראָגן ממשותדיקע הילף צו די פּוילישע פּליטים.

נאָכן סוף פון דער מלחמה בין איך מיט דער רעפּאַטריאַציע אָנגעקומען קיין לאָדזש. עס איז אין יענע טעג נישט לייכט געווען צו געפינען כאָטש אַ קליינע באַשעפטיקונג פון וואָס צו ציִען חיונה. כ׳בין אָנגעקומען אַרבעטן אַלס הילפס־קאָרעקטאָר אין דער ייִדישער צייטונג „דאָס נייע לעבן". דאָרטן איז מיר אויסגעקומען צו אָבסערווירן פון דער נאָענט דעם רעדאַקטאָר ב. מאַרק. ער איז געווען נישט בלויז דער אחריותדיקער רעדאַקטאָר, נאָר אים איז אויסגעקומען כּמעט אַ העלפט פון דער צייטונג אויסצופילן מיט זיינע פּובליציסטישע אַרטיקלען, קורצע נאָטיצן און קריטיש־ליטעראַרישע אַרבעטן.

מאַרקן איז לייכט אָנגעקומען דאָס שרייבן. אַרויפקומענדיק אין רעדאַקציע, האָט ער, אַן אָנגעלאָדענער מיט געדאַנקען, אַן באַזונדערע הכנות, גענומען אַ ריין בלעטל פּאַפּיר, אַוועקגעזעצט זיך ביים ברעג טיש און פליסיק געשריבן. דער מקור פון זיין שרייבן, ווי מען זאָגט, פון דער האַנט אַוועק, איז געלעגן אין זיין אומבאַגרענעצטן סכום פון וויסן, אין זיין געבענטשטער אייגנשאַפט חריפותדיק און קלאָר אויפצונעמען די פאַרוויקלטסטע פּראָבלעמען. געהאָלפן אין דעם האָט אים אויך זיין לייכטער סטיל און די רייכע ליטעראַרישע שפּראַך מיט וועלכער ער האָט זיך אויך אויסגעצייכנט אין

זיינע באַלערנדיקע רעפּעראַטן. דאָס זיינען גאַנץ געוויינלעכע מעלות פון אַ שרייבער, אָבער נישט יעדער פון אונדז איז מיט זיי אַלע צוזאַמען געבענטשט.

אויפוויקלענדיק די מגילה פון יידישן חורבן אונטער דער היטלער־אָקופּאַציע, איז מאַרק תּחילת באַהערשט געוואָרן פון שטאַרקע עמאָציעס. ער האָט די בלוטיקע פאַרלויפענישן פון אונדזער גיהינומדיקער צייט באַהויכט מיט בעלעטריסטישן אָטעם („חורבות דערציילן", 1948). נישט אָפּווייכנדיק פון מאָדערנעם היסטאָריאָסאָפישן באַנעם, האָט אין זיין פּאַטעטישן אופן פון באַהאַנדלען די געטאָ־תּקופה אָנפאַנגס זיך געפילט די השפּעה פון גרעצן, וועמען דער היינטצייטיקער פאַרשער האָט געווידמעט אַ גרויסע פּיעטעטפולע עסיי („אויפן קבר פון צבי הירש גרעץ", וראָצלאַוו, 1948). אָבער אומקערנדיק זיך נישט איין מאָל צו דעם טראַגישסטן קאַפּיטל פון אונדזער געשיכטע, האָט ער די פאַקטן פון גורל, אומקום און גבורה באַפעסטיקט אַלץ מער מיט געניי נאָכגעפאָרשטער, אָביעקטיווער דאָקומענטאַציע.

אין יאָר 1948 בין איך אָנגעקומען קיין קאַנאַדע. ווי פאַר יעדן אייראָפּעיִשן אימיגראַנט מיט ברייטערע געזעלשאַפטלעכע השגות, איז מיר שווער אויסגעפאַלן זיך צוצופּאַסן צו די נייע לעבנספאָרמען. געווען געגנוג אויף וואָס זיך צו באַקלאָגן. מיינע ערשטע בריוו פון קאַנאַדע זיינען אַוועק צו בער מאַרקן. די פריינדלעכע צוגעלאָזנקייט אין זיינע ענטפערבריוו האָט מיר געגעבן דאָס געפיל פון חברישער התקרבות. מיין שריפטלעכע פאַרבינדונג מיט דעם באַדייטנדיקן היסטאָריקער האָט געמאַכט מיך פילן מער חשיבותדיק און דערמוטיקט.

אין אַ בריוו פון 25סטן מערץ, 1950, שרייבט ער פון וואַרשע צווישן אַנדערע:

„——— איך פאַרזעגנלעך בין זייער צופרידן, וואָס איך בין פּטור געוואָרן פון דער טאָג־טעגלעכער זשורנאַליע און קען זיך ווידמען אַ זאַך, וואָס איז מיר זייער נאָענט און ליב — יידישע געשיכטע פון גאָר אַלטע און נעענטערע צייטן. איך האָב פאַרענדיקט אין משך פון דער צייט זינט איך בין אַוועק פון רעדאַקציע, צוויי גרעסערע אַרבעטן: אַ ליטעראַריש־קריטישע וועגן דער באַציִונג פון

דער מאָדערנער פּוילישער ליטעראַטור צו דער ייִדישער טראַגעדיע פון אָקופּאַציע און אומקום־צייט, און אַ ליטעראַריש־היסטאָרישע, וועגן דעם אויפשטאַנד אין ביאַליסטאָקער געטאָ. דאָס ערשטע וועט, מסתמא, דערשיינען אין וואַרשע, דאָס צווייטע, וואַרשײַנלעך, אין אַרגענטינע. און איך פאַרקאַטשעווע די אַרבל צו פרישע אַרבעטן. די פּלענער זענען גרויס און געוואַגט. מען דאַרף נאָר האָבן כּוח און צייט".

די רעזולטאַטן פון זיינע וויטערדיקע פּאַרמעסטן האָבן לאַנג נישט געלאָזט אויף זיך וואַרטן. חוץ די אין בריוו דערמאָנטע ווערק, איז אין 1952 דערשינען אין בוכפאָרם זיין ליטעראַריש־קריטישע אָפּהאַנדלונג וועגן וויקטאָר הוגאָ (צום 150סטן יאָרטאָג פון זיין געבוירן). צום צענטן יאָרטאָג פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד האָט ער אַרויסגעגעבן זיין גרויס בוך „דאָקומענטן און מאַטעריאַלן" (1955), נאָך דעם ווי ער האָט אין 1954 פּובליקירט דאָס מצבה־בוך „אומגעקומענע שרייבערס פון געטאָס און לאַגערן" און זיין מאָנאָגראַפיע „מיצקיעוויטש". אין יאָר 1955 האָט מאַרק ווידער זיך אומגעקערט צום קאַפּיטל „דער אויפשטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ". אין 1957 איז צו אונדז דערגאַנגען דער ערשטער באַנד פון זיין סינטעטישן ווערק „די געשיכטע פון ייִדן אין פּוילן", און אין יאָר 1963 אַ נייע דערגאַנצטע אויפלאַגע — אַ דאָקומענטן־זאַמלונג פון דעם אויפ־שטאַנד אין וואַרשעווער געטאָ.

ווען מיר זאָלן דאָ פאַרצייכענען מאַרק'ס אומצאָליקע היסטאָריאָגראַ־פישע אַרטיקלען אין „בלעטער פאַר געשיכטע", דער אַמאָליקער אָרגאַן פון דעם ייִדישן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, און אין אַנדערע אויסגאַ־בעס אין דער פּוילישער שפּראַך, ווען מיר זאָלן אויך אַריינציִען אין דער רשימה זיינע פיל ליטעראַרישע אָפּהאַנדלונגען דורך די אַלע יאָרן פון זיין שאַפן, וואָלטן מיר געבליבן דערשטוינט פון מאַרק'ס שעפערישער התמדה.

דורך די יאָרן פון אונדזער קאָרעספּאָנדענץ האָב איך צו דער צייט אַרויסגערוקט אַ ביסל טענות וועגן געוויסע אומרעכטן לגבי אונדז, ייִדן. אַ טייל פון מיינע טענות זיינען אויך געווען זיינע. אָבער זיין פּערזענלעכע, פּונקט ווי זיין געזעלשאַפטלעכע, אחריות, האָט אים נישט דערלויבט אַרויס־צוקומען מיט זיי אין דער עפנטלעכקייט. „עס איז נאָך אַלץ שווער אַרויס־

צוברענגען אַלץ מיט דער פען״ — שרייבט ער אין אַ קורץ בריוול (וואַרשע, יולי 13, 1956).

מער דערמוטיקט האָט מיך זיינס אַן אַנדערער בריוו. עס איז כּדאי אים צו פֿאַרעפֿנטלעכן, מחמת זיין אַלגעמיינעם ווערט.

וואַרשע, 2 פעברואַר, 1963

„ליבער יונגער פריינד ש. מיצמאַכער!

צוריקגעקומען פון אורלויב און געפונען אויפן שרייבטיש אייער לעצטן בריוו. אין שופלאַד ליגט שוין פון לאַנג אַן עלטערער בריוו. אייערע בריוו פאַרמאָגן נישט גאַרנישט אינטימעס, גאַרנישט פער־זענלעכס. זיי זיינען עסייען, מחשבותן, איינדרוקן, אָבסערוואַציעס. אַ שאָד וואָס זיי בלייבן בלויז אין מיין אַרכיוו. האָט איר דען עפּעס ווו אָפּצודרוקן?

איך טייל אייער פעסימיזם נאָר אין אַ חלק. מיר זיינען אַזוי דערצויגן, אַז מיר זעען בלויז דאָס, וואָס איז פאַרבונדן מיט יידיש און מיט אונדזער פראָגרעסיוו־טראַדיציאָנעלן באַנעם פון וועלט און פאָלק. די וועלט ענדערט זיך און מיר אין איר. און הגם זי האָט נישט אויפגעהערט צו זיין אַ קרעטשמע, אָדער זי האָט זיך פאַר־וואַנדלט פון אַ קרעטשמע אין אַ סטריפּטיז־נאַכט־לאָקאַל, ווערט זי דאָך ווייטער באַפעלקערט דורך מענטשן, און צווישן מענטשן זיינען פאַראַן פאַרשידענע, און אויך זייער גוטע און פרעכטיקע. אַ סך פון די זיינען נאָך אַלץ לאַמעד־וואָווניקעס, אָבער כּל־זמן זיי עקסיסטירן, איז כּדאי צו לעבן און עפּעס צו טאָן.

איך וועל אייך אַ ביסל טרייסטן, הגם אַליין חזר איך אָפּט איבער די באַקאַנטע ווערטער פון יוליוש סלאָוואַצקי.

שרייבט עפּעס וועגן זיך און אייער לעבן און אויך וועגן באַקאַנטע.

אייער,
בער מאַרק״.

ווי אין זיין ערנסטער פאַרשאַרבעט, אַזוי אויך אין געזעלשאַפטלעכן פאַרקער, האָט מאַרקן אינטערעסירט די אינערלעכע וועלט פונעם יחיד.

פון דעם פּערזענלעכן האָט ער אַרויסגעשיילט דאָס אַלגעמיין־מענטשלעכע. זיין אָנרעג עפּעס אָנצושרייבן פון אייגענעם לעבן האָט גראָד זיך צונויפגע־טראָפן מיט מיין לאַנגיאָריקן באַגער דאָס צו טאָן. אָבער נעמענדיק די פּעדער אין האַנט, האָבן פיל לעבנספּאַקטן גענומען זיך קייטלען אין קאַפּיטלען, פאַרלירנדיק די בריוולעכע פאָרם. מיר איז איינגעפאַלן איינצוזאַמלען די אויטאָביאָגראַפישע נאָטיצן אין אַ בוך, וואָס איז דערשינען א״נ „איינער פון אַ סך״ (תל־אביב, 1971).

דורך די צוואַנציק יאָר צווישןביידע וועלט־מלחמות האָט די ייִדישע קולטור זיך גרויס צעוואַקסן. די ייִדישע יוגנט האָט אין דעם אָרעמסטן לאַנד פון אייראָפּע זיך געריסן צו קולטור און וויסן. אַ סך פון זיי זיינען געווען פאַרכאַפּט פון אַ געוואַלדיקן דראַנג זיך אַרויסצוהייבן איבער דער גרויקייט פון לעבן און אַליין זיין אין דער בחינה פון גייסטיקע שאַפער. און ווער נאָך איז אַזוי נאָענט באַקאַנט געווען מיט די מאַטערנישן פון יענעם דור בעלי חלומות ווי אונדזער בער מאַרק? אין די באַשרייבונגען „פון אייגענעם לעבן״ שפיגלט זיך טיילוויז אָפּ דער גורל פון די יונגע, ייִדישע דיכטער, מאָלער און טעאַטער־קינסטלער, וועלכע האָבן קוים ערשט באַוויזן צו שטעלן די ערשטע שעפערישע טריט ווי די היטלער־מערדער האָבן זיי פאַרטיליקט.

דערווייל זיינען אָנגעקומען פון וואַרשע ידיעות וועגן זיין שוואַכן געזונט. די שלאַפקייט האָט אים לאַנג געמאַטערט און אָוועקגענומען די שייַן פון זיינע אויגן. פון צייט צו צייט האָט זיך אין די וואַרשעווער „ייִדישע שריפטן״ באַוויזן זיינס אַן אַרטיקל ווען ער איז שוין, כמעט, אין גאַנצן בלינד געווען.

מיט דעם פריצייטיקן טויט פון בער מאַרק האָט די ייִדישע היסטאָריאָ־גראַפיע פאַרלוירן אַ באַדייטנדיקן פאָרשער פון אונדזער אַלטער און נייער געשיכטע.

1967 — 1959

# שלמה מימון
# אין אַ הומאַניסטישער באַלייַכטונג

**ש׳ שמחוביץ, „שלמה מימון, אישיותו ויחסו ליהדות״, הוצאת „מחברות לספרות״, תל־אביב.**

ביסט לאַנג צוריק איז אין פאַרלאַג „מחברות לספרות״, תל־אביב, דערשינען אין דער העברעיִשער שפּראַך אַן אינטערעסאַנטע פאַרשאַרבעט וועגן דעם פילאָסאָפישן דענקער און משׂכּיל שלמה מימון. דער מחבר פון בוך ש. סימכאָוויטש, אַ טאָראָנטער תּושב, איז לויט זיין שעפערישן זשאַנער אַ פּאָעט. אין דער ייִדישער דיכטונג פון נאָך דער לעצטער וועלט־מלחמה זיינען פאַרצייכנט זיינע צוויי בענד לידער „אַזוי איז אַ יוגנט פאַרגאַנגען״ (1950, מאָנטרעאָל), און „אין שעה פון תּפילה״, (1958, מאָנטרעאָל). אין דעם ערשטן באַוויינט דער דיכטער דעם חורבן פון זיין פאָלק, זיין יוגנט, די היים־אויסגעריסנקייט און דאָס זוכן ערגעץ אַ ווינקל פאַר אַ נייער נעסט. וועגן אָט דער לידער־זאַמלונג האָט מלך ראַוויטש געשריבן: „סימכאָוויטש איז אַ יונגער צוזאָגנדיקער דיכטער מיט אַן אייגע־נער סטעזשקע אין דעם וואַלד פון אונדזער ליריק״.

אין דעם צווייטן לידערבאַנד הערט זיך נאָך אַלץ דאָס געקלאַג איבער אונדזער גרויסן אומגליק, כאָטש דער דיכטער זעט שוין ווי „עס לויכטן אין נאַכט די שטערן, זיי טראָגן אין זיך דעם סוד פון טרייסט״. בכדי צו

ש. מיצמאַכער

דערפילן דעם טעם פון סימכאָוויטשעס דיכטונג, ציטירן מיר דאָ עטלעכע פערזן:

„אַז כ׳קום אַהיים ביי נאַכט אַ מידער,
און פאַל אַוועק אין ווינקל אויף מיין בעט —
דעמאָלט עפן איך דאָס ספר
מיט געזאַנגען פון דעם קעניג דוד,
וואָס איז געלאָפן איבער וועגן,
פון שׂנאה און פון טויט געיאָגט,
דעמאָלט נעמט דאָס אייַז פון האַרץ אויפטייַען,
און מיינע אויגן ווערן פייכט פון טרערן.
אָ, ווי ס׳צערנט אַלץ די רשעות
און דער ווי גייט נאָך אויף אַלע וועגן״.

(„ספר תהלים״)

דער לעבעדיקער (ח. גוטמאַן), אַ גוטער ליטעראַרישער מפונק, האָט דעמאָלט וועגן דעם בוך זיך אָפּגערופן, אַז „עס איז פּאָעזיע דורכגעלעבטע און מען קאָן עס רופן פּערזענלעכע ליריק״.

דער קריטיקער נחמן מייזיל האָט וועגן סימכאָוויטשעס באַנד לידער „אין שעה פון תפילה״ אַרויסגעבערענגט זיין דערמוטיקנדיקע מיינונג:

„איך האָב זיך אָנגעשטויסן אויף אַ צאָל אייגנאַרטיקע, טיף לירישע, טיף ווייטיקדיקע לידער, וואָס ווייזן, אַז מיר האָבן פאַר זיך אַ טאַלאַנטירטן דיכטער״.

סימכאָוויטשעס איצטיקע פאַרשאַרבעט איז אַ רעזולטאַט פון זיין אויסגעברייטערטן אינטערעס צו דער געשיכטע פון ליטעראַטור ביי ייִדן, וואָס מימון איז איינער פון אירע באַטייַטנדיקע פיגורן. דער אינטערעס צו מימונען נעמט זיך אויך פון דעם וואָס אין דער טראַגישער לעבנס-געשיכטע פון דעם גרויסן דענקער געפינען אַ סך פון אונדזערע „טרוימערס פון געטאָ״, אָפּשטאַמיקע פון פוילן, די אָפּשפיגלונג פון זייער אייגענעם „וויאַ דאָלאַ־

ראַזאַ״ אין זייער דראַנג צו דערגרייכן אַ העכערן שטאַפּל פון מענטשלעכן דענקען און גייסטיקן שאַפן.

אין אָנהייב פון זיין בוך באַמיט זיך סימכאָוויטש צו געבן אַ קורץ סקיצירט בילד פון די גייסטיקע יוירונגען אין 18טן יאָרהונדערט אין אייראָפּע. ער ווייזט מקורותדיק אָן אויף דעם אונטערשייד צווישן דער השׂכּלה־באַוועגונג אין זעלבן יאָרהונדערט און דער ייִדישער דערנענטערונג צו דער אַלגעמיינער קולטור אין די צייטן פון רענעסאַנס אין איטאַליע, אָדער אין מיטלאַלטערלעכן שפּאַניע. דערביי גיט ער צו, אַז אויף וויפל אונדזער עקסיסטענץ צווישן פעלקער איז אין פריִערדיקע צייטן געווען פּיזיש באַדראָט, אויף אַזוי פיל זיינען ייִדן, מיטן אויפקום פון דער עמאַנ־סיפּאַציע, געוואָרן באַהערשט פון מורא פאַר גייסטיקער אַסימילאַציע. די זעלבע מורא באַגלייט אונדז נאָך היינט.

סימכאָוויטש פירט דורך אַ שיידליניע צווישן די כאַראַקטערן פון די צוויי פילאָסאָפישע דענקערס: משה מענדעלסאָן און שלמה מימון. דער ערשטער איז געבוירן געוואָרן אין דייטשלאַנד (משה פון דעסוי), אויפגע־וואַקסן און זיך אַנטוויקלט ביי גינסטיקע באַדינגונגען און איז שפּעטער געוואָרן אָנערקענט אין דער דייטשישער געזעלשאַפט, געלעבט אין עושר און כּבוד. דער צווייטער האָט געצויגן זיין אָפּשטאַם פון אָרעמע שיכטן אין פּוילן און געלעבט אַ לעבן פון אַן אמתן נע־ונדניק. אָט די צעטיילונגס־ליניע איז, על פּי סברה, דער שליסל צו פאַרשטיין די פאַרעווע צווישנ־באַציִונגען פון די צוויי פאָרשטייערס פון דער השׂכּלה. דער טאָג־טעגלעכער לעבנס־אונטערשייד האָט געלייגט זיין חותם אויף זייער התנהגות אין גע־זעלשאַפטלעכן פאַרקער, אַזוי אויך אין פערזענלעכן אויפפיר.

סימכאָוויטש באַדויערט די קאַלטע באַציִונג פון די בערלינער משׂכּילים לגבי מימונען, נישט פאַרשטייענדיק די סיבה פון זיין אומגעשליפענער באַנעמונג בעתן קומען אין באַריר מיט מענטשן פון דער העכערער גע־זעלשאַפט. די זעלביקע באַציִונג צו דעם עילוי פון ניעסוויזש האָבן אויך אַרויסגעוויזן טייל שפּעטערדיקע היסטאָריקערס ווי צ״ב ה. גרעץ. אין זיין מימון־אָפּשאַצונג האָט דער גרונטלייגער פון דער ייִדישער היסטאָריאָ־גראַפיע אויפגענומען דעם בעל־דברס דראַנג צו פילאָסאָפישער שלימות ווי אַ זאַך, וואָס האָט נישט געפּאַסט צום רימל פון אַ פּאַראָביונטן „אָסט־יודע״. אין דער באַהאַנדלונג האָט דער היסטאָריקער בלויז זיך גערעכנט

מיט דעם אויגנשייַנלעכן פאַקט און נישט געַנומען אין באַטראַכט דעם גורם.

אַזוי ווייזט סימכאָוויטש אָן אויף דער עוולה, וואָס איז געטאָן געוואָרן דעם פילגעליטענעם דענקער. דער מחבר לייקנט אָפּ די סברה, אַז מימונס פילאָסאָפישע באַטראַכטונגען האָבן, מכּלומרשט, „נישט אַרויסגערופן קיין אָפּקלאַנג, נישט געהאַט קיין המשך און נישט קיין השפּעה". דאָ וועלן מיר זיך אַרויסהעלפן מיט סימכאָוויטשעס אַ ציטאַט, געבערענגט פון פּראָפ׳ הוגאָ בערגמאַנס הקדמה צו זיין ווערק „די פילאָסאָפיע פון שלמה מימון":

„זיין השפּעה איז געווען גרויס און וועט נאָך זיין גרויס, ווייל די פּראָבלעמען מיט וועלכע ער (מימון, ש.מ.) האָט זיך פאַרנומען, דאָס פּראָבלעם פון ראַציאָנאַליזם און איראַציאָנאַליזם, דאָס פּראָבלעם פון מאַטעריע און פאָרם אין דער דערקענטעניש אאַז״וו, האָבן אויך נישט אויפגעהערט צו פאַראינטערעסירן דעם היינטצייטיקן פאָרשער".

דער מכּלומרשטער ציניזם, וואָס געוויסע פאָרשער געפינען אין מימונס אַנדערע אַרויסזאָגונגען, האָבן, אפשר, געהאַט צו טאָן מיט זייטיקע באַטראַכטונגען, אָבער נישט מיט זיין אייגנטלעכער גרונט־פילאָסאָפיע.

מימון האָט זיך קריטיש אָפּגעגעבן מיט די שטרענגע געזעצן פון דער יידישער אמונה, וואָס קומען אין קאָנפליקט מיט די אמתן פון לעבן. אין זיין גאַנץ אויספירלעכן ביאָגראַפישן ווערק טרעפן מיר אָן אויף שילדערונגען פונעם יידישן לעבנס־שטייגער אין זיין צייט. זיין אַרויסטריט קעגן דער קלאָגעדיקער יידישער דערציִונג מיט איר האַלטן די קינדער אין שטענדיקער מורא נישט צו באַקומען קיין קלעפּ פון דעם פאַנאַטישן מלמד; דער גאַנצער לערנסיסטעם, וואָס רויבט אַוועק פון דעם קינד די פרייד און שפּילעוודיקייט; מימונס אָנטייטלען מיטן פינגער אויף דער ביטערער מערכה פון דער יידישער פרוי, וואָס מוז, אין דער מערהייט, אויסטראָגן פאַר דעם מאַן אַלע לאַסטן פון דער משפּחה — די אַלע באַשרייבונגען האָבן נישט בלויז אָן אויפקלערנדיקע ממשות, זיי אַנטהאַלטן אין זיך אויך דעם עלעמענט פון שיינשרייבעריי. נישט אומזיסט האָבן מימונס אויטאָביאָגראַפישע שילדערונגען אַרויסגערופן באַזונדערן אויפמערק פון געטע און שילער — די גאונים פון דער דייטשישער ליטעראַטור.

ווי מיר זעען, איז סימכאָוויטש אין זיין אינטערעסאַנט ווערק נישט אויסן בלויז צו ווייזן די מימון־געשטאַלט אין שפּיגל פון אייגן־געשילדערטע

פּאַרלויפּעניש און איבערלעבונגען. זיי האָבן אַ באַטייַטנדיקן ווערט פאַר אונדזער קולטור־דערקענטעניש. דער מחבר באַמיט זיך אויך צו געבן כאָטש אַ קורצן אַריינבליק אין מימונס פילאָסאָפישן געדאַנקענגאַנג. אין זיין ראַציאָנאַליסטישן אופן פון באַטראַכטן די וועלט און מענטש, איז מימון ווי אַ געטרייער תּלמיד, געגאַנגען אין די שפּורן פון דעם אוניווערסאַלן גאון, דעם רמב״ם. דעם נאָמען מימון האָט דער מחבר פון „גבעת המורה״ זיך צוגעאייגנט מחמת זיין גרויסער פאַרערונג צום „מורה נבוכים״. אין אָט דעם ווערק פּרוווט דער רמב״ם געפינען דעם אַריסטאָטעלישן הסכם צווישן רעליגיע און וויסנשאַפט מחוץ דער פראַגע פון וועלטבאַשאַף. אין דער לעצטער גייט ער זיך פאַנאַנדער מיט דעם גריכישן „פּרינץ פון די פילאָסאָפן״.

מימונס אַריינדרינג אין דעם פּראָבלעם פון מענטשלעכער דערקענטעניש וואָס אָן דעם כּוח פון אונדזער דמיון איז זי באַגרענעצט, ווערט דורך סימכאָוויטשן אויפגענומען אויף אַ קלאָרן אופן, אַז יעדער פון אונדז קאָן אים פאַרשטיין. אויף דעם זעלבן שטייגער ווערט אויך אויפגענומען די פראַגע פון רעליגיע און מאָראַל, — אַ וויכּוח, וואָס איז לאַנג אָנגעגאַנגען צווישן דעם פרומגלויביקן מענדעלסאָן און דעם האַלב־סקעפּטיקער מימון. דער לעצטער איז אין באַגריף געטלעכקייט מער נוטה געווען צו ספּינאָזען.

נאָך מימונס ערשטן פילאָסאָפישן אַרויסטריט קעגן קאַנטס „די קריטיק פון דעם ריינעם שׂכל״, האָט דער גרויסער דייטשישער פילאָסאָף עמנואל קאַנט, גאָכן באַקענען זיך מיט מימונס ווערק, אים אויפגענומען ווי דעם איינציקן, וואָס האָט גוט פאַרשטאַנען זיין טראַנסצענדענטאַלע פילאָסאָפיע, כאָטש דער ייִדישער דענקער איז נישט מסכּים געווען מיט זיין, קאַנטס, הנחה, אַז יעדער אָביעקט איז „איין דינג אָן זיך״, וואָס שטייט אויסער די ראַמען פון אונדזער דערקענטעניש.

דער ראַציאָנאַליזם, אַפילו אין זיין שפּעטערדיקער סקעפּטישער אָפּ־ווייכונג (אויך אין זיין סקעפּטיציזם איז מימון געווען אַ ראַציאָנאַליסט), איז בולט אין אַלע מימונס ווערק, ביז אין זיין לעצטן בוך „קריטישע באַטראַכ־טונגען פון מענטשלעכן גייסט״. דאָס דאָזיקע ווערק האָט דער נע־ונדער אמת־זוכער אָנגעשריבן אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, אין דעם לאַנדגוט פון דעם גנעדיקן דייטשישן גראַף קאָלקרייט אין שלעזיע.

סימכאָוויטש זוכט אַ זכות פאַר די מכּלומרשטע קרומקייטן אין דעם

לעבן פון דעם פאַרוואָגלטן און פאַרשטויסענעם דענקער. די טענה, אַז מימון האָט אומבאַרעכנט פאַרלאָזט זיין הויזגעזינד, האָט, לויט אים, נישט קיין פעסט מאָטיווירטע באַגרינדונג. דער אָנהיימיקער גאון האָט נישט פאַרגעסן זיין ווייב און קינדער, נאָר געגאַרט זיך ווידער מיט זיי צו פאַר־בינדן. ווי מיר נעמען אַרויס פון זיין אַליין געשריבענער לעבנס־געשיכטע, איז מימון געווען אַ פילעווודיקער מענטש. וועגן דעם זאָגט עדות זיין האַרציק אויסגעדריקטע דאַנקבאַרקייט צום פּויזנער רב ר' הירש חריף, פאַר דער באַזאָרגטקייט, וואָס יענער האָט אים אַרויסגעוויזן ביי זיך אין הויז, בעת ער האָט, אַ געטראָפענער אין זיין מענטשלעכער ווירדע, זיך אָפּגעריסן פון דער „שותפות" מיטן בעטלער און געקומען קיין פּויזן דער שטאָט. דאָס איז געווען דער זעלביקער ר' הירש חריף, וועלכער איז, מיטן דערשיינען פון מענדעלסאָנס תנ"ך־איבערזעצונג אין דייטש, אַרויסגעטראָטן קעגן דער השׂכּלה, וואָס מימון איז געווען איינער פון אירע פאַרשטייער.

מימונס ווענדונג צום האַמבורגער פּאַסטאָר ער זאָל אים העלפן אַריבערגיין צום קריסטלעכן גלויבן, זיינען אין ביידע פאַלן נישט געקומען פון לויטערער, אינערלעכער איבערצייגונג. זיין וואַקלדיקער באַשלוס איז געווען באַדינגט פון דעם פאַרצווייפלטן ווילן זיך צו ראַטעווען פון הונגער. איבעריקנס, האָט דער פּאַסטאָר, מחמת אומצוטרוי, נישט געוואָלט אים אָפּשמדן און מימון — שרייבט סימכאָוויטש — „איז געצוווּנגען געווען צו בלייבן דאָס וואָס ער איז געווען: אַ פאַרעקשנטער ייִד". ער איז נישט געבליבן אָפּגעפרעמדט פון ייִדנטום, נישט געקוקט וואָס די בערלינער משׂכּילים האָבן אים אַרויסגעשטויסן פון זייער מיט און אים באַליידיקט. ער האָט באַזונדערס געפילט אַ נאָענטקייט צו זיינע לאַנדברידער — די פּוילישע ייִדן.

אַוועקשטעלנדיק זיך אויף דער זייט פון דער נישט ריכטיק באַהאַנדלטער מימון־געשטאַלט, העלפט סימכאָוויטש זיך אַרויס מיט די מקורות, וואָס ער געפינט אין די היסטאָרישע שריפטן פון דעם פאַרגייער ש. בערנפעלד און דעם הייַנטצייטיקן פּראָפ' הוגאָ בערגמאַן, וועמען ער ציטירט צום מיינסטן. סימכאָוויטש פאָדערט זאַכלעכן איינזען לגבי מימון גלייך אין דער הקדמה פון זיין בוך:

„מיר דאַרפֿן אויף ס׳נײַ זיך אָפּשטעלן אויף מימונס אויפפֿאַסונג פון דער באַזונדערער אַנטוויקלונג פון ייִדנטום, אויף זיין אויפפֿאַסונג פון דער ייִדישער נאַציע און רעליגיע, אויפן תּלמוד, קבלה און חסידות, כּדי אויפצווייזן ווי ווייט שלמה מימון איז פֿאַרויסגעלאָפֿן זיין צייט און ווי ווייט ער האָט משפּיע געווען די השׂכּלה־באַוועגונג און די דענקער פון נאָך דער השׂכּלה ווי צ״ב אחד העם, דובנאָוו, זשיטלאָווסקי און אַנדערע״.

לויט דער אָנגעגעבענער ביבליאָגראַפֿיע צום סוף פון בוך אין העברעיִש, ייִדיש, פּויליש און אין דער ענגלישער שפּראַך, איז קענטיק, אַז סימכאָוויטש האָט צו דער מימון־אַרבעט זיך גוט צוגעגרייט. כאָטש אין דער פֿאָרם זעט דאָס בוך אויס צו זיין קליין, איז עס אָבער מלא וגדוש מיט קולטור־היסטאָרישע פֿאַקטן און ליטעראַריש־פּובליציסטישן אינהאַלט. דער יונג פֿאַרשטאָרבענער, נע־ונדער דענקער שלמה מימון באַקומט אין סימכאָוויטשעס פֿאַרשאַרבעט אַ הומאַניסטישע באַלייכטונג.

דער העברעיִשער סטיל איז ביי סימכאָוויטשן נישט אָנגעשטייפט, הגם גאַנץ ראַפֿינירט. ער באַמיט זיך צו זיין פֿאַרשטענדלעך. מיר געפינען אין דעם מחברס פֿאָרשמעטאָד דעם האַרמאָנישן סינטעז פון עסייִסטיק און ערנסטער פֿאָרשונג. אָט די מעלות ווערן אַריינגענומען אינעם חשבון פון דעם מחברס פּאָעטישן און פּראָזאַיִשן טאַלאַנט.

# דער „נאַטירלעכער טויט"
# פון משה בראָדערזאָן

דער גוט באַקאַנטער דיכטער משה בראָדערזאָן האָט די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן אָפּגעוואָגלט אין סאָוויעטישער, ווייטער פאַר־שיקונג. ערשט נאָכן טויט פון „דעם פאָטער פון די פעלקער", האָט מען אים געלאָזט זיך אומקערן קיין פוילן, וווּ ער איז נאָך אַ קורצער צייט געשטאָרבן אין וואַרשע. אויף דער בקשה פון בראָדערזאָנס פרוי האָט מען דעם נפטר עקסהומירט און זיינעביינער אַריבערגעפירט צו קבורה אין מדינת ישׂראל.

ווען עס וואָלט היינט אין פוילן נאָך געשפּרודלט מיט לעבן אַ קאָמפּאַק־טער ייִדישער ישוב ווי אַמאָל, וואָלט אַזאַ באַשלוס אַרויסגערופן פאַרוווּנ־דערונג. ווייל דאָרט ווו דער דיכטער לעבט און שאַפט אין דער שפּראַך פון זיין פאָלק, איז נאַטירלעך, עס זאָל אין דעם לאַנד פון ייִדישער אָלט־געזעסנקייט זיך אויך געפינען זיין קבר, ווי אַן אָנדענק פאַר קומענדיקע דורות.

די נאַצישע מגפה האָט אָבער, צו אונדזער אומגעשטילטן ווייטיק, אָפּגעווישט פון דער ערד דעם שעפערישסטן ייִדישן ישוב. ווי צו געבן אַ לעצטן טויטקלאַפּ דעם נאָך זשיפּענדיקן הרוג, האָבן די נייע פּוילישע מאַכטהאָבערס אונטערגעיאָגט זיין ענדגילטיקן סוף, אַרויסטרייבנדיק פון לאַנד די לעצט־אָפּגעראַטעוועטע שׂרידים פון דער היטלעריסטישער שחיטה. דעריבער דאַרפט אונדז נישט חידושן וואָס דעם דיכטערס פרוי האָט אויס־

געדריקט איר ווונטש אים צו באַערדיקן אין דעם ייִדישן היימלאַנד. באַ־דויערנסווערטיק איז נאָר דער פאַקט וואָס די שפּראַך אין וועלכער בראָדער־זאָן האָט געשאַפן, ווערט אין דער ייִדישער מדינה נאָך אַלץ באַטראַכט ווי אַ לשון לועזית, הגם ברייטע שיכטן פון דער ישׂראלדיקער באַפעלקערונג באַהעלפן זיך מיט איר גאַנץ געשמאַק...

ווי עס איז פאַרצייכנט אין זלמן רייזענס לעקסיקאָן פון דער ייִדישער ליטעראַטור און פּרעסע, איז מ. בראָדערזאָן געבוירן געוואָרן דעם 23סטן נאָוועמבער 1890, אין מאָסקווע, אין אַ יחוסדיקער משפּחה. נאָך דעם גירוש־מאָסקווע האָט זיין משפּחה זיך באַזעצט אין לאָדזש. קינדווייז, איז ער געווען אין הויז פון זיין זיידן, אין ניעסוויזש, ווו ער האָט באַקומען זיין ערשטע דערציִונג. אין עלטער פון ניין יאָר איז ער ערשט אָנגעקומען צו זיינע עלטערן קיין לאָדזש, ווו ער האָט געלערנט אין דער האַנדלסשול און איז מיט דער צייט געוואָרן אַ בוכהאַלטער. דורך די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט בראָדערזאָן זיך ווידער געפונען אין מאָסקווע. ער איז צוריקגעקומען קיין לאָדזש אין יאָר 1918.

בראָדערזאָן איז אַריינגעטראָטן אין דער ייִדישער ליטעראַטור מיט זיין ערשטן באַנד לידער א"נ „שוואַרצע פליטערלעך". אָט די זאַמלונג האָט אַרויסגערופן גינציקע אָפּרופן אין דער ייִדיש־ליטעראַרישער קריטיק. פון דעמאָלט אָן פּובליקירט ער כסדר פיל לידער און פּאָעמעס, וואָס דערשיינען שפּעטער אין צוויי אויסגאַבעס „טוי" און „פּערל אויפן ברוק". ער גיט אַרויס אַ גרעסערן באַנד לידער „באַגייסטערונג". אַ צייט נאָך דעם דערשיינען זיינע לידער־זאַמלונגען „שוואַרץ שבת", „איבערגאַנג" און אַנדערע ווערק.

אין די אָנהייב צוואַנציקער יאָרן האָט מ. בראָדערזאָן מיט זיין אייגנ־אַרטיקן טאַלאַנט שוין פאַרנומען אַן אָנזעעוודיק אָרט אין דער נייער ייִדי־שער דיכטונג. עס איז געווען די צייט ווען די ייִדישע באַפעלקערונג אין אומאָפּהענגיקן פּוילן האָט קוים געגומען זיך היילן פון די ווונדן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאָס לאַנד האָט זיך געפונען אין אַ שווערן, עקאָ־נאָמישן מצב, פון וועלכן די ייִדן האָבן צום מערסטן געליטן. באַגלייך מיט דעם האָט די ייִדישע באַפעלקערונג אין דעמאָלטיקן פּוילן געהאַט אויסצו־שטייַן פּאָליטישע דיסקרימינאַציעס. דאָך האָט אונדזער קולטור אונטער יענע באַדינגונגען געוויזן סימנים פון שטייגנדיקן אויפבלי. אויף די ייִדישע גאַסן פון וואַרשע האָט נאָך פריש געהויכט דער גייסטיקער אָטעם פון דעם

נישט לאַנג פאַרשטאָרבענעם קלאַסיקער פון דער ייִדישער ליטעראַטור, י. ל. פּרץ. עס האָבן געווירקט פאַרשידענע אידעאָלאָגישע גרופּעס, וואָס זייער ציל איז געווען געזונטער צו מאַכן דאָס ייִדישע לעבן. מאַסן באַוווסטזיניקע לייענער, פאָלקס־אוניווערסיטעטן, מיטגלידער פון פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן האָבן אויפגענומען דאָס ייִדיש־שעפערישע וואָרט מיט וואַרעמען אינטערעס. דער בלויזער באַוווסטזיין, אַז עס איז דאָ פאַר וועמען צו שאַפן, האָט סטימולירט.

צו יענער צייט איז אויפגעקומען אין פּוילן די ליטעראַרישע גרופּע „כאַליאַסטרע”. צו איר האָבן געהערט די פּראָזאַיִקער י. י. זינגער, ע. וואַרשאַווסקי, די דיכטערס פּ. מאַרקיש, אַ. קאַציזנע, א. צ. גרינבערג, מ. ראַוויטש און מ. בראָדערזאָן, וועלכער האָט ליטעראַריש געווירקט אין דער צווייטער פּוילישער הויפּטשטאָט — לאָדזש.

מען דאַרף דאָ צוגעבן, אַז לאָדזש איז אין איר אייגענעם זכות געווען אַ ייִדישער קולטור־צענטער, ווו עס זיינען דערשינען צוויי טעגלעכע צייטונגען, פּעריאָדישע צייטשריפטן, ווו עס האָבן מיטגעאַרבעט לאָדזשער זשורנאַליסטן, שרייבער און דיכטער, צווישן זיי אויך דער באַקאַנטער העברעיִש־ייִדישער מאַרטירער־פּאָעט יצחק קאַצענעלסאָן. אין לאָדזש האָט געלעבט און געשאַפן איינער פון די גרעסטע פּוילישע דיכטער יוליאַן טווים — אַ ייִד, אָבער דערווייטערט פון זיין פאָלק. טראַגיש שאָקירט פון אונדזער לעצטן חורבן, האָט דער אַסימילירטער דיכטער זיך אידענטיפיצירט מיט דעם גורל פון פּוילישן ייִדנטום („מיר פּוילישע ייִדן”).

טוסט אַ קוק, לאָדזש — אַ שטאָט מיט פאַבריק־קוימענס, וואָס פאַרשוואַרצן רויכיק דעם הימל. אַ טומל אין די גאַסן, אויסגעמישט מיט פייפערייַ פון סירענעס, אַ שטאָט וואָס איז ווייט פון געמיטלעכקייט. און דאָך זיינען אין דעם פאַרהאַוועטן גרויסן צענטער אויסגעוואַקסן קינסטלעריש־שעפערישע טאַלאַנטן. אין דער פּוילישער מאָלעריי־קונסט זיינען גוט באַקאַנט די נעמען פון די לאָדזשער געבוירענע שמואל הירשענבערג, יעקב אַדלער, יצחק ברוינער און הענעך באַרטשינסקי. זיי האָבן געטריי געדינט דער ייִדישער קונסט. אויך אין דער ליטורגישער, ווי אין דער וועלטלעכער מוזיק זיינען פאַרטראָטן לאָדזשער טאַלאַנטן. אַ נייַעס גאָר... דער גוט־באַקאַנטער גרויסשטאָטישער דיכטער־נאָוואַטאָר א. גלאַנץ־לעיעלעס שטאַמט דאָך פון לאָדזש.

טעאַטער איז אין דער צווייטער פּוילישער הויפּטשטאָט געשטאַנען ביי ייִדן אויפן ערשטן אָרט פון קולטורעלער פאַרוויילונג. בראָדערזאָן האָט אויף דעם געביט גאָר אַ סך אויפגעטאָן. דער רעווי־טעאַטער „אַראַראַט”, דער מאַריאָנעטן־טעאַטער „חד גדיא” און „באַלאַגאַניידן” זיינען אויפגעקומען אַ דאַנק דעם דיכטערס איניציאַטיוו און געשפּילט אונטער זיין ליטעראַרישער אָנפירונג. באַזונדערס איז אין פּוילן באַקאַנט געווען דער „אַראַראַט” מיט זיינע בראָדערזאָניש־פאָלקסטימלעכע אינסצעניזאַציעס.

צו בראָדערזאָנס סצענישע ווערק געהערן די דראַמאָלעטן „אַ חתונקע”, אַ גראָטעסק־שפּיל א״נ „שנייטאַנץ”, אַ מאַריאָנעטן־שפּיל, וואָס רופט זיך „צונגעלונגען”, אַ דראַמאַטישע פּאָעמע „מלכּה שבא”, צו וועלכער דער לאָדזשער קאָמפּאָזיטאָר, הענעך קאָן האָט געשריבן מוזיק. אַ באַזונדער אָרט אין דער ייִדישער קינדער־ליטעראַטור פאַרנעמען בראָדערזאָנס קינדער־לידער און חנעוודיקע מעשׂהלעך.

בראָדערזאָנס דיכטערישער קלסתּר־פּנים האָט זיך געשטאַלטיקט אונטער ספּעציפישע באַדינגונגען פון ייִדישן לעבן אין פּוילן צווישןביידע וועלט־מלחמות. זיין דיכטונג פון יענער צייט איז דורכגעדרונגען מיט ייִדישן ווייטאָג. ער טרייבט פון זיך די מרה־שחורה. זי קומט צו אים נישט מחמת ער איז, בטבע, אָנגעבורעטע אויף דער וועלט. דער ביטערער מצב פון די ייִדן אין די שטעט און שטעטלעך, דערשלאָגן זיין געמיט.

„קיינער, קיינער וועט נישט מער אין גרויסן סדר־צימער זיין,
איך אַליין נאָר מלכותדיק געלענט,
וועל זיך זיצן ביז פרימאָרגן שפּעט,
אויף מיין מיטלאַלטערישן היסב־בעט,
אויסגעבעט מיט נעגל פונעם אינקוויזיציע־פּיין,
און באַלויכטן פון שימערירנדיקן שייטערהויפן־שיין.
פון די טרערן־אוצרות וועל איך צאַפּן אַרבע כּוסות ווײַן”.

אַ ביטערער סאַרקאַזם איבער די דורותדיקע ליידן פון זיין פאָלק, וואָס רייסט זיך דאָך דורך אַלע צרות צום לעבן.

בראָדערזאָנס דיכטעריש לשון איז מאָלעריש. ער דערלאַנגט צו אונדזער געמיט דורך בילדער און אימאַזשן, גענומען פון אונדזער געשיכטע און פאָלקס־טראַדיציע. אַ מאָל געפינען מיר אין זיין ליד דעם סינטעז (אויב

עס איז מעגלעך אַזאַ סינטעז), פון ווירקנדיקער עמאָציע און שפּילעוודיקן גראָטעסק. אין די לידער פון זיין ערשטן שאַפונגס־פעריאָד מערקן זיך השפעות פון דעם רוסישן סימבאָליזם, וואָס איינער פון זיינע פאָרשטייער איז געווען אַלעקסאַנדער בלאָק, פון עקספּרעסיאָניזם און אויך פון פוטוריזם, וואָס זיין פאָרגייער איז געווען דער איטאַליענישער פּאָעט מאַרינעטי און נאָך אים מאַיאַקאָווסקי. אין אַלע פאָרמען פון זיין דיכטעריש ליד, האָט בראָדערזאָן געגלאַנצט מיט זיין שפּראַך־ווירטואָזיטעט.

אין יאָר 1938 האָט דער דיכטער קלאָר פאָרויסגעפילט די דראָענדיקע היטלעריסטישע געפאַר, וואָס רוקט זיך אָן אויף יידן. זיין דעמאָלטיק ליד „וואָרענונג" קלינגט אָפּ ווי אַ מוטיקער אַרויסרוף צו די מערדערס פון אונדזער פאָלק:

„מיר זיינען אייזן, שטאָל אין גראָבנס פון גאָלד און זילבער,
מיר זיינען צום גערעטעניש דער שפּריירעגן, דער טוי,
אויף אַלדאָס לעבעדיקע זיינען מיר ביז זעלבסט־פאַרלייקענען פילבאַר,
און אונדזער גלויבן איז ווי הימל איבער הימל בלוי.
מיר קאָנען מילד און גוט זיין אין דער ליבשאַפט און הכנעה,
מיר קאָנען אָנצינדן די העלסטע זונען אינעם רוים,
מיר קאָנען זיך צו געטלעכקייט איבערענטפערן, פאַרטרויען,
מיר קאָנען יאוש פירן אין די וועגן פון אויסלייזטרוים.
נאָר אויב איר וועט זיך נישט צום אמת איינציקן דערהויבן,
און ווייטער אונדז פאַרוואַנדלען אין שטויב פון אייער שטן־טריט,
דאַן ווייסט; עס קאָנען אָט די אַשן און די שטויבן
מגולגל ווערן אינעם אומקום־איפּעריט".

אַזוי דערהויבט זיך דער דיכטער אין אַ דעקלאַרירטער פאָרם צו די שטאַפּלען פון אַלגעמיין מאָראַלישן, און אויך יידישן וועלטבאַנעם.

2

בעת מ. בראָדערזאָנס דיכטערישער טאַלאַנט האָט אין פּוילן זיך גרויס צעוואָקסן, איז אין דער זעלביקער צייט געקומען צום לעבן די סאָוויעטיש־

יידישע ליטעראַטור, אונטער באַדינגונגען פון גאָר אַן אַנדערן לעבנס־סדר. בראַדעריזאָן האָט צו איר געהאַט, אין אַ געוויסער מאָס, אַ סביבהדיקע שייכות. ערשטנס, איז זיין קינדהייט פאַרלאָפן אין דער רוסישער הויפּט־שטאָט. צווייטנס, האָט ער זיך שפּעריש דערצויגן אויף דער רוסישער ליטעראַטור און איז אַליין אויך געווען אַן אידעען־זוכער. דער טרויעריקער דריטנס איז, וואָס ער האָט די לעצטע זעכצן יאָר פון זיין לעבן דורכגעמאַכט אין סאָוויעט־רוסלאַנד, איבער פיר יאָר — אויף פאַרשיקונג.

אין דער סאָוויעטישער ליטעראַטור מיידט מען אויס צו באַרירן שטרענג פּערזענלעכע איבערלעבענישן פונעם יחיד. פאַר דעם סאָצרעאַליזם האָט דער יחיד אויף אַזוי פיל אַ באַטייט, אויף וויפל ער דינט די אינטערעסן פון „כּלל". און דער כּלל איז די אידעע פון קאָמוניזם מיט אַלע אירע קרומע געגנג און פאַרברעכנס. די אינדיווידועלע דיכטערישע רעפלעקסיעס פון טרויעריקע דערשיינונגען אין דער רעוואָלוציע גופא, זיינען אַ שטער פאַר דער „געבענטשטער אַנטוויקלונג פון דער נייער געזעלשאַפט". די, וואָס זיינען אין זייער שאַפן געטריי דער ליטעראַטור און זיך אַליין, (ווי, לדוגמא, אַכמאַטאָווא, מאַנדעלשטאַם, פּאַסטערנאַק אין זייער צייט), ווערן איזאָלירט פון דער שרייבערישער געזעלשאַפט, אָפט מאָל פאַרמשפּט צום טויט, ווי עס האָט געטראָפן מיט פיל יידישע וואָרטקינסטלערס, וועלכע האָבן גראָד יאָ געדינט מיט זייער שאַפן דעם סאָוויעטישן רעזשים.

דער נסתּר, אין וועמענס ערשטע שאַפונגען עס איז קענטיק געווען י. ל. פּרצעס השפּעה, האָט אין זיין וואָגיקן ווערק „די משפּחה מאַשבער" זיך אומגעקערט אין די דרייסיקער יאָרן צו אַ ריי טיפּיש־יידישע געשטאַלטן פון פריערדיקן יאָרהונדערט. זיי האָבן, אין דעם אַרומנעם פון אַלטן לעבנס־שטייגער, באַקומען אַ הויך־קינסטלערישע אָפּשפּיגלונג. אין דער הקדמה צום ווערק פּרוווט דער מחבר מיט „דיאַלעקטישער" אויסטייטשונג זיך פאַרענטפערן, פאַר וואָס ער באַמיט זיך קינסטלעריש צו געשטאַלטיקן דאָס לעבן, וואָס איז שוין פון לאַנג פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג. זיין כּוונה, זאָגט ער, איז צו ווייזן דאָס אַלטע, אָפּגעלעבטע, וואָס ווערט מיט דער צייט פאַרטראָטן פון דעם נייעם, פאָרגעשריטענעם.

הגם דער פּראָזע־מייסטער דוד בערגעלסאָן האָט אין זיין נאָך־בערלינער פּעריאָד באַוווסטזיניק און שפּעטער באָונס, אַריינגעוועבט אין זיינע ווערק סאָצרעאַליסטישע טענדענצן, איז ער, פון דעסטן, געווען דורכגענומען מיט

דעם גייסט פון „לא אמות, כי אחיה״.

דאָס נאַציאָנאַל־ייִדישע פון ד. האָפּשטיינען איז געקומען צום אויס־דרוק אַפילו אין זיינע טענדענציעזע דיכטערישע שאַפונגען. און פרץ מאַרקיש — ער האָט צום לייכטסטן זיך אינטעגרירט אין דעם „נייעם״ ליטעראַריש־שעפערישן שטראָם. ער האָט אָבער געגלויבט אין דעם אייביקן קיום פון זיין פאָלק און פון זיינע גייסטיקע ווערטן. מיר דאַרפן דאָס ביי יעדער געלעגנהייט אַרויסברענגען. ווייסן מיר דען וואָס די שרייבער־מאַרטירער האָבן געטראַכט און געפילט אין זייער לעצטער לעבנסמינוט?

אין סעפּטעמבער 1939 איז געשען דאָס, וואָס בראָדערזאָן האָט פאָרויס־געפילט. די היטלעריסטישע חילות זיינען אַנגעפאַלן אויף פוילן. ייִדן האָבן אין גרויס פאַרצווייפלונג געזוכט אַ וועג זיך אַרויסצוראַטעווען פון נאַצישן גיהנום. קליינע הייפלעך זיינען אונטער אַלע סכנות געלאָפן צו דער סאָוויע־טישער גרענעץ, נישט וויסנדיק וואָס עס דערוואַרט זיי אין אַ פרעמדער מדינה. עס זיינען אויך געלאָפן ייִדישע שרייבערס. צווישן זיי משה בראָדער־זאָן — דער יליד מאָסקווע.

ווי נאָר די פליטים־דיכטער האָבן באַטראָטן די סאָוויעטישע ערד, האָבן זיי ווי פאַרגעסן דעם גרויסן אומגליק, וואָס האָט זיך אַנגערוקט אויף אונדזער פאָלק און געזונגען שבחים צום „סאָציאַליסטישן פאָטערלאַנד״. אפשר האָבן זיי דורך די פאַנעגיריקס געוואָלט זיך אויסהיטן, מען זאָל זיי נישט חושד זיין אין שׂנאה צום סאָוויעטישן רעזשים?

דאָס ווינציק געשאַפענע, וואָס בראָדערזאָן האָט צו יענער צייט פאַר־עפנטלעכט, שפּיגלט נישט אָפּ דעם עצם מהות פון דעם דיכטער. דאָס איז גרינג צו באַווייזן מיט עטלעכע פערזן פון זיינס אַ דעמאָלטיק ליד:

„איך האָב אין דיינע שיינענדיקע אויגן אַריינגעקוקט, אָקטיאַבער,
און כ׳האָב די גרויסע מענטשלעכקייט אין זיי דערזען.
פון אַלעם גליקלעכסטן און שענסטן דו ביסט דער מחבר,
און רומפול איז געווען דיין אַנטשטיין און דיין געשען״.

בראָדערזאָן קומט דאָ אַרויס מיט זיין אייגנאַרטיקער, דיכטערישער אויסשפּראַך. עס פעלט אָבער אין דעם די עכטע פאָעטישע איבערלעבונג. דאָס זיינען אויפגעצווונגענע שורות. אויך אַנדערע אַנטרונענע דיכטער פון

פוילן האָבן דעמאָלט געזונגען אין זעלביקן טאָן. י. עמיאָט — ער רעדט נאָך היינט אין זיין דיכטערישן שאַפן מיט גאָט, — האָט, דערזעענדיק דעם ערשטן רויטאַרמייער, באַגייסטערט אויפגעזונגען:

„געדענקסטו מיך? צי ווייסטו ווי כ'האָב דייַן געשטאַלט
טיף אין מייַן האַרצן אויף אייביק פאַרזיגלט?"

אַזאַ העכסט אומפּאַרטייִישער ליריקער, ווי עס איז געווען משה שימעל, האָט מיט התלהבות זיך אויסגעדריקט, אַז ער גייט אַרום „אַ שיכּורער פון פרייד", וואָס זיין „היימלאַנד האָט אין גאַנצן זיך געביטן".

וואָס האָט באַוויזן די יידישע פּליטים־דיכטער פון פוילן אַרויסצוטרעטן מיט אַזעלכע שאַפונגען? אפשר, דער גלויבן, אַז טאָקע פון דאָרטן וועט קומען די מענטשלעכע דערלייזונג? די אויפהייטערנדיקע ראַדיאָ־מוזיק אין די גאַסן, פון איין זייט, און די היימלאָזע אָפּגעריסנקייט פון די נאָענטע און אייגענע, געבליבענע ביי די דייטשישע רוצחים פון דער אַנדערער זייט, האָבן צעברעקלט דאָס געמיט. די לויבלידער האָבן זיך נישט געפּאָרט מיטן געמיט־צושטאַנד פון דעם פאַרוואָגלטן פּליט.

די בלוטיקע מלחמה קעגן די דייטשישע אָנפאַלערס האָט זיך געענדיקט מיט אַ טריומפירנדיקן זיג. פאַר וועלכן דאָס רוסישע פאָלק האָט באַצאָלט דעם שווערן פּרייז פון צען מיליאָן קרבנות. צווישן זיי פיל יידן. קוים באַוויזן זיך אַרומצוקוקן וויפל מיר האָבן פאַרלוירן אין דעם דריטן חורבן, האָט די אָקערשט אַליין געליטענע סאָוויעטישע מלוכה זיך פאַרנומען צו פאַרטיליקן דעם טראַגישן איבערבלייב פון אונדזער פאָלק — סאָוויעטישע בירגער, דורותדיקע תושבים פון רוסלאַנד. אויפן ערשטן פאַרניכטונגס־פייער זיינען אַוועק די וויכטיקסטע קולטור־שעפערישע כּוחות. אַ סך שרייבערס זיינען געוואָרן פאַרשיקט. צווישן זיי אויך משה בראָדערזאָן. כאָטש דערשלאָגן און אויסגעמאַטערט, איז ער נישט אַריינגעפאַלן אין יאוש. י. עמיאָט האָט אין איין תפיסה־צעל געטיילט מיט אים דעם זעלביקן גורל. אָט וואָס ער שרייבט וועגן זיין עלטערן פען־חבר:

„...פיר יאָר האָבן מיר זיך געטוליעט איינער צום צווייטן, ווי קינדער פאַרבלאָנדזשעט אין וואַלד. וואָס וואָלט איך געטאָן אָן זיין וואַרעם וואָרט דורך אָט די פיר יאָר, אָן זיין ליכטיקן שמייכל, אָן זיין דערמוטיקונגס־וואָרט?"

דער גולאַג־קאַשמאַר האָט געקאָנט נאָך לענגער זיך פאַרציִען. נאָר דאָ האָט דער טויט, ווי דער איינציקער גואל הדם, געשטעלט אַ לעצטן שטריך איבער דעם לעבן פון דעם מוראדיקסטן טיראַן אין דער מענטשלעכער געשיכטע. דער צוגעגרייטער פּלאַן פון אַ נייעם בלוטיקן קרייצצוג קעגן יידישן פאָלק, איז געוואָרן צעשטערט. לכתּחילה האָבן מענטשן נישט געוווּסט, צי זאָל מען טרויערן, אָדער גאָר זיך פרייען אויפן טויט פון דעם וועלט־אַכזר, אָבער דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק האָט, נישט אַרויסווייזנדיק עס, לייכטער אָפּגעאָטעמט. באַגלייך מיט טויזנטער אַנדערע אומשולדיק פאַר־משפּטע, איז אויך בראָדערזאָן געוואָרן רעהאַביליטירט. עס זאָגט זיך רעהאַ־ביליטירט. האָט דען דער דיכטער מיט עפּעס זיך פאַרזינדיקט?

מיר זעען בראָדערזאָנען אין מאָסקווע. פריינד פאַרבעטן אים אויף אַ משפּחהדיקער שׂמחה. אין יענער פריילעכער שעה רייסן פון אים זיך סטימולירנדיק אַרויס עטלעכע פּאָעטישע שורות. ער פאַרצייכנט זיי גלייך אויף אַ שטיקל פּאַפּיר:

„מיר דוכט זיך אָפט, אַז אונדזער זון האָט אָפּגעשײַנט,
אַז אויסגעלאָשן איז פון היימישקייט דער שײַטער.
נאָר, אַז איך זע דיך איצטער, יונגע טאָכטער פון מײַן פרײַנד,
עס ווערט מיר קלאָר, עס שײַנט די זון נאָך ווײַטער!
און צער און זאָרג, וואָס האָבן מיך געבויגן,
איך וואַרעם אין דער זון פון דײַנע ליכטיקע, נשמהדיקע אויגן".

אַזוי טראָגט דער דיכטער אין זיך די האָפענונג, אַז נאָך נישט אַלץ איז פאַרלוירן. עס האָט אים געצויגן צו דעם לעבנגעבליבענעם הייפל ייִדן אין פּוילן, ווו אַ יידיש־שעפעריש לעבן האָט זיך אָנגענומען מיט פרישן אָטעם. דערמוטיקט פון דער אויפלעבנדיקער אַטמאָספער, האָט בראָדערזאָן, מכּלו־מרשט, פרייוויליק אויסגעדריקט זיין הייטערע שטימונג:

ש. מיצמאַכער

„אָט באַלד וועל איך צערײַסן אַלע בילדלעך פון באַקאַנטע פרײַנד,
פון זיך אַליין! און אויסשטעקן צו זיך מיט שפּאָט אַ צונג!
איך דאָרף נישט קיין זכרונות הײַנט! אַפילו הײַנט!"

מיר גלויבן נישט, אַז בראָדערזאָן האָט אַזוי לײַכט אַרויסגעריסן פון זײַן זכּרון די אַמאָליקע באַקאַנטע און פרײַנד, דאָס אַלצדינג, וואָס האָט גענערט און באַרײַכערט זײַן דיכטערישן טאַלאַנט. האָט ער דען געקאָנט פאַרבײַגײַן מיט פאַרמאַכטע אויגן דעם חורבן פון אונדזער פאָלק? די איבערלעבענישן אין די פײַן־לאַגערס האָבן אים פיזיש צעבראָכן און פאַר־קלעמט זײַן געמיט. אויך איצט האָט דער פּאָליטישער קלימאַט אין פוילן נישט פאָרויסגעזאָגט קיין גוטס פאַר דעם אָרעמען רעשטל ניצול־געוואָרענע יידן. די אויגנשטעכנדיקע דיספּראָפּאָרציע פון די מאַסן־קברים און דעם דורך ניסים אָפּגעראַטעוועטן יידישן שׂריד, האָבן צעריסן דעם דיכטערס האַרץ און פריצײַטיק אונטערגעיאָגט זײַן טויט.




ש. ראָזין

# דורך זײַן פען האָט געפלאַקערט דאָס פאַפיר

דעם 29סטן דעצעמבער, 1966, איז אין סאָוויעט־רוסלאַנד געשטאָרבן דער יִדישער דיכטער משה טייף. זײַן פריצייטיקער טויט האָט אונדז באַזונדערס דערשיטערט, בעת מיר האָבן זיך נאָך געפונען אונטער דעם דערהויבנדיקן אײַנדרוק פון זײַן ערשט דורכגעלייענטן בוך לידער און פּאָעמעס — „אויסדערוויילטס״ — (מאָסקווע, 1965).

מ. טייף געהערט צום צווייטן דור שרײַבער און דיכטער נאָך פּרץ מאַרקיש, דוד האָפשטיין, ש. האַלקין, ל. קוויטקאָ, א. קושניראָוו, ל. רעזניק און אַנדערע. זײַן דיכטונג האָט אין די יאָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, נאָך מער ווי אין דער פריִערדיקער צייט מיט אירע פאַרשידענע אומוואַנדלונגען, אַרויסגערופן באַזונדערן אויפמערק מצד דער סאָוויעטיש־יִדישער ליטעראַרישער קריטיק. דאָס פשוטע ליד זײַנס דערגייט אוממיטל־באַר צו אונדזער געמיט. זײַנע שאַפונגען זײַנען אין דעם דערמאָנטן בוך אויסגעסדרט אין אויטאָביאָגראַפישער אָרדענונג. דאָס העלפט אונדז, מער־ווייניקער, זיך פונאַנדערקלייבן אין דעם בהדרגהדיקן, שפּעריִשן וועג פון דעם ווייט נישט דורכשניטלעכן דיכטער.

טייפס שעפערישער גאַנג אין דער דיכטונג איז, ווי דער שטייגער פון אַלע סאָוויעטישע וואָרטקינסטלער, נישט קיין יחידישער. אים רייסן מיט די שטורמישע געשעענישן פון זײַן צייט. זײַן אידעיִשער וועלטבאַנעם איז גלייך געקומען צום אויסדרוק אין זײַנע ערשטע דיכטערישע אָנהייבן:

„מיר ווייסן ווער מיר זײַנען, דאַרף מען אונדז נישט לויבן,
מיר ווייסן וואָס מיר ליבן און אין וואָס מיר גלויבן".

אַז מען איז יונג און דאָס לעבן איז נישט פויגלדיק, לאָזט מען זיך פאַרכאַפּן פון צוזאָגנדיקע חלומות. אָבער דאָס לעבן ברענגט מיט זיך פיל אַנטוישנדיקע סיורפּריזן. אויף וויפל דער דיכטער האָט אין די ערשטע טעג פון אָקטאָבער „ליב געקראָגן וויכער און פייער", איבעררייסנדיק די פעדים, וואָס האָבן אים געבונדן מיט אַלט־ייִדישע טראַדיציעס, אויף אַזוי פיל האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווי אַ טרויעריקער רעפלעקס פון אונדזער מיליאָנען־חורבן, זיך אָפּגערופן „אין פענצטערל פון זײַן זכרון" דאָס משפּחהדיק־היימישע. אים דערמאָנט זיך דער טאַטע, וועלכער האָט אים מיט דער הילף פון ייִדישן אלף־בית געלערנט די רוסישע שפּראַך. ער זעט דער מאַמעס היימישע שטאָט, ווילנע, מיט אירע געדיכט באַזעסענע איינוווינערס, וועלכע „שלאָפן (איצט) אויפן פּאָנאַר". דער דיכטער טראָגט צום מאַסן־קבר „דעם פרילינגס־ניגון", נאָר קיינער שטייט צו אים נישט אויף. ווו ער זאָל זיך נישט קערן און ווענדן, שטעלט זיך פאַר אים דאָס דערשלאָגנדיקע בילד פון זײַן חרוב געוואָרענער היים.

טייף נעמט אויף די דערשיטערנדיקסטע דערשיינונג לויט דעם פּרווו־שטיין פון זײַן אייגענער דערפאַרונג, פאַרגלייכנדיק זי מיט דעם, וואָס ער אַליין האָט דורכגעליטן אין לעבן:

„אוי, ניט דערציילט מיר מעשהלעך פון העלדן,
מיט קלוגע ליגנס דורכגעוועבט,
ווײַל אויסגיין זאָל צו פּוסטע וועלדער, וויסטע פעלדער,
וואָס איך האָב אָנגעזען זיך, דורכגעלעבט.

מיר לאַכט זיך אָפּט פון יענע ליידן,
דאָרט אין די שלעסער בײַ שעקספּיר.
ווײַל ווי מײַן פּען הויבט אָן צו ריידן,
גלײַך טוט אַ פלאַקער דאָס פּאַפּיר".

דאָס זײַנען די ליידן וואָס פיל אַנדערע ייִדישע שרייבערס אין סאָוועט־רוסלאַנד זײַנען נישט בכוח געווען אויסצוהאַלטן. טייפן האָט אַ נס צוגע־

שפּילט, ער זאָל לעבן בלייבן, אָבער נישט אויף לאַנג.

גאָר רירנדיק דריקט דער דיכטער אויס זיין אומגעהויער טיפן ווייטיק אויפן רוצחישן אומקום פון זיין קינד. די זעונג פון זיין דערמאָרדעט ייִנגעלע באַווייזט זיך פאַר זיינע אויגן, בעת ער גייט אין מאָסקווע אויף דער גאָרקי־גאַס פאַרביי אַ קלייט, ווו מען פאַרקויפט „קיכעלעך מיט זעמעלעך". דעם פּאָעטס צער דערגייט צו אונדז אין אַ טראַגיש־שפּילעוודיקער, פאָלקסטימלעכער נאָטקע, ווי ער וואָלט אויף אַ ווײַלע פאַרגעסן זיין אומגליק.

טייפס ליד איז נישט קיין פּראָדוקט פון אומגעריכטער, דיכטערישער אָנרעגונג. זיין פּאָעטיש־באַזיניקטע שורה איז אַ געמיש פון געדאַנקלעכקייט און פיינעם דיכטערישן געפיל. ערטערווייז טרעפן מיר אָן ביי אים אויף אַ קאָנקרעטן וועלטבאַנעמישן זאָג, ווי אַ טרעפלעכע פינעזיע צום ליד. צום ביישפּיל, „דעם שכנס מיידעלע", אָדער אין דעם ציקל „אַ געזאַנג צו דיר, אסתרל". דער דיכטער זוכט נישט קיין עקסטאַטישע אויסדרוקן פאַר דער אַפילו אויסערגעווײנלעכסטער איבערלעבונג. זיין ליד פליסט ווי אַ שטילער טייך, וואָס פאַרמאָגט, פון דעסטן, מיטרייסנדיקע קראַפט („אין מאָסקווער פּאַרק סאָקאָלניקי", „גוטע בשורות"). דער דיכטער היט זיך שטרענג אויס פון וווּלגאַריזמען, ווען עס קומט אויס אַפילו אָפּצוּווייכן פון ריטם. דאָס מינערט אויף קיין האָר נישט די פּאָעטישע פרישקייט פון זיין ליד.

2

אַ טייל פון די שאַפונגען אין דער זעלבער אויסגאַבע פאַררעכנט דער דיכטער צום באַלאַדע־זשאַנער.

מיר ווילן אָנגעמען, אַז דער אָנהייב פון דער רוסישער באַלאַדע וואָרצלט אין די פאַרצייטיקע, פּרימיטיווע בילינעס. זי לאָזט זיך דערקענען לויט דעם מעשׂהדיק־דערציילערישן און פּאָעטישן נאַראַטיוו. צו אירע כאַראַקטער־שטריכן געהערט אויך דער דיאַלאָג, וואָס דראַמאַטיזירט די באַלאַדע, ווי אויך די רעפריינישע איבערחזרונג. די באַלאַדע איז אַן אייגנאַרטיקע, ליריש באַהויכטע, עפּישע פאָרם. אין דער סאָוועטישער דיכטונג איז זי ביז די יאָרן פון פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען ווייניק פאַרטראָטן. מיר

ציטירן מ. טייפס אַ קורצע שאַפונג, וואָס זעט אויס, לויט אונדזער השגה, צו האָבן דעם באַלאַדע־אַרטיקן קאָלאָריט:

„עס קלאַפּן אין טויער פון שטאָט זאַלבעדריט;
צוויי בחורים — ייִדן, אַ נעגער אין מיט.

— היי, עפנט אונדז, מענטשן! שטייט אויף! קומט אַרויס!
מיר האָבן אַ טענה צו אײַך, הערט אונדז אויס...

נאָר ס׳וויגט זיך די שטאָט פון אַ חזירשן כראָפּ,
זי וויל זיי ניט הערן, כאָטש שפּאַלט איר דעם קאָפּ.

און ווײַטער מאַרשירן אויף שליאַך זאַלבעדריט;
צוויי בחורים — ייִדן, אַ נעגער אין מיט.

נאָר פּלוצים די ביימער זיך האָבן צעלאַכט
און... אַ שאָס האָט צעריסן די נאַכט.

...דערזען האָט אויף מאָרגן די זוניקע ליכט;
דער דריטער געווען ניט קיין נעגער — נאָר איך!

עס ליגן צוויי יונגען און איך אין דער מיט,
עס שווײַגן די טויטע. עס לעבט זייער ליד״.

דאָ ווערן נישט באַזונגען קיין אַלטערטימלעכע פּרינצן און באַיאַרן, לעגענדאַרע גבורים, נאָר מענטשן פון דער היינטצייטיקער ווירקלעכקייט.

אַ באַלאַדישן טאָן געפינען מיר אויך אין די בילדער־חלומות פון דער פּאָעמע „דאָס געזאַנג וועגן ברידער״. אין דער פּאָעמע דערציילט זיך גאַנץ רעאַליסטיש ווי אין איינעם פון די הייזער אין אַ שטאָט ווערט געבוירן אַ קינד, אָבער אַלץ נאָך אין מלחמה־שרעק. דער שׂונא האָט, אָפּטרעטנדיק, פּאַרזייט די שטאָט מיט מינעס. דער דיכטער זעט אין דמיון, אָדער גאָר אויף אַן אמת, ווי לעבן הויז שטייט אַ מענטש און צאַפּלט „פון אומגעדולד״. די שטאָט־סירענעס פּײַפן. אָט וועט דער ישוב אַוועק מיטן פייער. אַ זקן

באַגעגנט אונטערוועגנס אַ בלאָנדזשנדיק קינד. דער אַלטער וואַנדערער דערציילט דעם קינד ווי דער טאַטע געפינט זיך איצט. אין דער פּאָעמע ווערן אויך אַריינגעוועבט אויטאָביאָגראַפישע רעמיניסצענצן פון דעם שטור־רעמדיקן אַמאָל. פּייזול און יעגאָר גייען דורך סכּנות אַפּראַטעווען די שטאָט פון חורבן און פאַלן, נאָכן אויספירן זייער שליחות, פון אַן אומבאַמערקטער מינע. די פּאָעמע ענדיקט זיך מיט דעם אַלטן, נביאישן חזיון פון „אַ וואָלף און אַ שעפּס און אַ קינד אין דער מיט", זיי גייען נאָך דעם „זקן דורך וואַלד און דורך פעלד". דער זיידע באַמערקט אין שטאָט די לוויה פון די צוויי העלדן, וועלכע זיינען „געגאַנגען אויף טויט פאַר דער מאַמעניו־ערד"... דער נוסח פון דער פּאָעמע איז לויט דעם סטאַנדאַרד פון דער סאָוויעטישער דיכטונג בכלל, אָבער טייף באַמיט זיך אין זיין שאַפונג אַריינצוברענגען עפּעס אייגנס. ער איז מסוגל זיך אָנצוזאַפּן מיט שטימונגען פון אַלטן עבר און געפינען פאַר זיי דעם אַנטשפּרעכיקן פּאָעטישן אויסדרוק. דאָס מערקט זיך אין זיין פערלדיקער איבערזעצונג פון „שיר השירים". זיין צורירן זיך צו „איינעם פון די שענסטע דענקמעלער פון דער ביבלישער דיכטונג", איז נישט קיין בלינדער צופאַל. די פּאַסטאָראַלע, דיכטערישע פערזן פון דעם „געזאַנג פון אַלע געזאַנגען" האָבן אים אָוועקגעפירט אין אַ היימישער, שלווהדיקער וועלט און געמאַכט אים פאַרגעסן אין דער ביטערניש פון לעבן, ל'ייכטער געמאַכט זיין שווער געמיט נאָך אַלעם, וואָס ער האָט „אַנגעזעןן זיך, דורכגעלעבט".

פונקט ווי דער טרובאַדור פון דער „כאַליאַסטרע", משה בראָדערזאָן, אַזוי איז אויך דער דיכטער משה טייף אַרויס פון דער שרייבער־שחיטה אין סאָוויעט־רוסלאַנד, אַ געקוילעטער און נישט דערקוילעט. זיין דיכטע־ריש שאַפן האָט נאָך אָנגעהאַלטן דרײַצן געשענקטע יאָרן.

1967

# „באָרוועסע טריט"
# און „ברענענדיקע בלעטער"

פינף יאָר זיינען פאַרביי, זינט עס איז דערשינען אין פוילן דוד ספאַרד'ס באַנד נאָכמלחמהדיקע לידער „אַ זעגל אין ווינט" (וואַרשע, 1961). יענע לירישע רעפלעקסן דריקן אויס דעם דיכטערס ווי איבער דעם גזירת־המלכותדיקן חורבן, וואָס אַ גרויזאַמער, פיינדלעכער כוח האָט אָנגעשיקט אויף אונדזער פאָלק. און מאָדנע, דער דיכטער גלויבט נאָך אין „יענער" גאולה, וואָס ווייזט זיך אויך אויס צו זיין אַ קבר פאַר אירע בעלי־חלומות. אַ סך פון זיי האָבן מיט דער צייט אין איר זיך ביטער מייאש געווען. נאָר נישט אונדזער דיכטער.

„עס געשעט, אַז אין מיטן פון אַ שטראָמיקן טײַך,
וואָס פליסט צו דעם ים,
טוט פּלוצעם אַ כוואַליע אַ שלאָג אין דער הויך, —
אַ שוימיקער פלאַם —
און שלײַדערט דעם שווימער צום פינצטערן דעק.
צי זאָל מען דעריבער דאָס שווימען אויפהערן
צום ליכטיקן ברעג?"

לויט דער דיכטערישער אימאַגינאַציע, איז דאָס אַן אויסנעמלעך שיין בילד. לויט דער אויגנשײַנלעכער רעאַליטעט — טראַגיש ביז גאַר. דאָס

טראַגישע וועגט טאַקע איבער דאָס פריידיקע אין ספאַרדס ליד.

„נישטאָ אַזאַ טרייסט וואָס זאָל געבן פאַרגעסונג,
און קענען פאַרגעסן דעם ווייטיק אין האַרצן".
(„נישטאָ אַזאַ טרייסט")

ספאַרד איז אַ מעדיטאַטיווער פּאָעט. זיין ליריש אַנגעגליטע שורה אַנט־האַלט אין זיך תּוכיקע מחשבה. דער קערן פון זיין סוביעקטיווער השתּפכות איז דער ליריש אַרומגעוועבטער רעיון. פרייד און טרויער, ליכט און שאָטן, וואָר און חלום, גלויבן און צווייפל, לעבן און טויט — אָט די אייביקע ווידעראַנאַנדן באַקומען ביי ספאַרדן אַ דיכטערישן תּיקון.

„יעדער פרייד
באַגלייט,
אַ שאָטן פון טרויער,
יעדן פיַין —
אַ שיַין —
פון האָפענונג בלויע.

צווישן גראָזן גרין,
אַ שפין
גאַנץ אָפט באַהאַלט זיך,
און אין גראָע שטעט
געשעט —
אַ בלימעלע צעשטראַלט זיך".
(„די טרויעריקע שפּיל")

מען דאַרף דאָ, באַזונדערס, אָנמערקן אויף דער קאָנסטרוקציע פון ליד, אויף דעם באַדאַכטן טאָן אין וועלכן ער באַטראַכט די וועלט. כאָטש „אַלע פריידן ווערן אין טרויער פאַרענדיקט", האָט, פון דעסטן, דאָס לעבן אַ ממשותדיקן זין.

אין די לידער פונעם באַנד „באַרוועסע טריט" (וואַרשע, 1966), איינ־

געציקלט אונטער דעם נאָמען „דערמאָנונג״, שווימען אויף דעם דיכטערס אידילישע זעונגען פון זיין פערזענלעכן אַמאָל. פון די עברדיקע דערמאָנונ־גען הערט זיך אויף אַרויס דער אָבלדיקער טאָן, פאַר וועלכן עס איז איבעריק זיך צו פאַרענטפערן:

„נעמט נישט פאַר אומגוט מײַן טרויער,
וואָס דויערט און דויערט,
מײַן קומען צו זוניקע שוועלן
באַלאָדן מיט נאַכטיקע שאָטנס —
עס הערט נישט דאָס האַרץ קיין באַפעלן
און וויל נישט מיט מיר זיך באַראָטן״.
(„נעמט נישט פאַר אומגוט״)

לכאורה, פאַרשאַפט אים דאָס, מכלומרשטע, נייע לעבן אין פוילן אַ ביסל אינעווייניקסטע פרייד. אָבער דאָס גרויזאַמע בילד פון חורבן שטייט אַלץ אומפאַרגעסלעך פאַר זיינע אויגן און לאָזט אים נישט רוען. גאָר אַנדערש דערשײַנט פאַר אונדז דער דיכטער „אין קעניגרייך פון טרוים״. די יוגנט־לעכע אימאַזשן און חלומות פון דעם ציקל זיינען בלויז „ליכטיקע דערמאָ־נונגען פון פאַרצייטן פאַר זיין היינטיק ליד״. וואָסער טרייסט ברענגען זיי דעם דיכטער? נאָר גוט איז זיך צו פאַרגיין אין יוגנטלעך שפּילעוודיקער זעלבסט־פאַרגעסונג.

אַמאָל, האָבן די דיכטער ווי ספאַרד א״אַ, אויס מורא מען זאָל זיי נישט חושד זיין אין „נאַציאָנאַלער באַגרענעצטקייט״, זיך אויסגעהיט אַרויסצו־ברענגען אין ליד דאָס וואָס איז זיי שורשדיק נאָענט. היינט קאָן מען ביי נישט איינעם פון זיי, אין פאַרשידענע פאָרמען, אָנטרעפן אויף אַזעלכע שורות:

„אין דיר, מײַן פאָלק, איך בין יאָרטויזנטער שוין אַלט,
און יעדער קלאַנג איז שיין, און יעדעס וואָרט — געשטאַלט,
אָפּגעשיידט פון דיר, איך בין אַ רגע בלויז,
אַ שאָטן, וואָס פאַרשווינדט, אַ שטומער אות״.
(„אין דיר, מײַן פאָלק״)

ספּאַרד ווייסט דעם סוד פון צמצום. דאָס איז אַ זעלטענע מתּנה מיט וועלכער נישט יעדער דיכטער איז געבענטשט. אַ מאָל טוט ער אויך אַ פינקל מיט אַ ביבלישן אימאַזש, מיט אַ חומשדיקער געשטאַלט, וואָס ער רופט אַרויס פון זיין זכּרון. ער שטעלט נישט בלויז דעם טראָפּ אויף דער פאַרמעלער שיינקייט פון ליד, נאָר דער עיקר, אויף דעם אינהאַלט. דער סובלימער אופן פון אויסדריקן זיינע געפילן אַפּעלירט צו אונדזער געמיט־צושטאַנד אין אַנבליק פון אונדזער מצב אין דער וועלט.

אין דער אָפּטיילונג „בדרך משל" ווינקט דער דיכטער אָן אויף די קרומקייטן פון דער „אַלטער" און אויך פון דער „נייַער" וועלט, ווו דער מענטש האָט נאָך אַלץ נישט אויסגעוואָרצלט פון זיך דאָס שלעכטס. די לידער פון דעם זשאַנער קלינגען אַפאָריסטיש און האָבן אַ מוסר־השׂכּלדיקן באַטייט.

ד. ספּאַרד היט זיך מפונקיש אויס פון פאַרעלטערטע גראַמען. גאַנץ אָפט באַנוצט ער זיך מיט דעם ווייך קלינגענדיקן אַסאָנאַנס, ווי: אייגענע — באַגעגענען, פייער — באַנייַונג, געהיימניש — אַליין נישט, שבועה — רוען א"אַ. זיינע דיכטערישע אימאַזשן געהערן צו אַ וועלט, וואָס איז אייגן נאָר אים אַליין. ער באַזיצט זיין אייגענע דיכטערישע אויסשפּראַך. פאַראַן אַ מיינונג, אַז דאָס פאַרסך־הכּלטע שאַפן פון אַ דיכטער באַשטייט אָפט מאָל פון איין מאָטיוו, וואָס חזרט זיך איבער אין פאַרשידענע וואַריאַנטן. עס קאָן געמאָלט זיין, אַז אַ דיכטער זאָל לאַנג־דויערנדיק זיין באַנומען פון איין און דער זעלביקער שטימונג, אָדער טעמע, דאָך קאָן מען די מיינונג נישט אָננעמען ווי אַ כּלל.

אין דעם לידער־באַנד „ברענענדיקע בלעטער" (תּל־אביב, 1972), האָבן מיר אַלץ נאָך צו טאָן מיט שטימונגען און רעפלעקסן פון דעם „באַפרייטן" לעבן אין פּוילן. די נישט אָפּגעשטאָרבענע שׂנאה צום ייִד דערפירט דעם דיכטער צו דערשלאָגנקייט און דעפּרעסיע. עס באַפאַלן אים קאָשמאַרן־האַלוצינאַציעס, וואָס לאָזן אים נישט שלאָפן ביי נאַכט און גיבן אים נישט קיין רו ביי טאָג.

„נאַכט־ביי־נאַכט
מיר דאַכט —
עס יאָגן דייַטשן זיך נאָך מיר

אויף ברענענדיקע וועגן,
עס גייען דייַטשן אָן אַ שיעור
פון אַלע ווינקלען מיר אַנטקעגן,
רינגלען מיך אַרום פון אַלע זייַטן——— ״

(„נאַכט־ביי־נאַכט״)

ווען עס דערגייט שוין צום מאָמענט פון „אפפו עלי רעות עד אין מספר״ און ער זאָגט: „מיין וואָרט אין חושך זינקט ווי אַ שטיין אין אָפּגרונט, און יעדער רגע אייביקייטן דויערט״, ווערן מיר באַגלייך מיט דעם דיכטער פּאַראַליזירט פון שרעק. דער דיכטער געפינט זיך אין אַן עת־צרה. ער ווידמעט דאָס ליד צו אַ פריינד, ביי וועמען ער בעט, מסתּם, רעטונג. אויך דאָס ליד „איך רוף דיך אין דער מיט פון נאַכט״ בעט זיך מען זאָל עס ציטירן. אָבער דאָס איז נישט גענוג. מען דאַרף דאָס ליד און נאָך פיל ספּאַרדס לידער לייענען אין גאַנצן.

מער אויסגעשפּראָכן און זעלבסט־דערקענענדיק קלינגט דאָס ליד „אויף דער דאָזיקער ערד״, געשאַפן אין ישׂראל:

„פון פריסטע תנ״כישע צייַטן
פון יהושוע בן נון,
האָט בלויז אויף דער דאָזיקער ערד
מייַן שפּור זיך פאַרהיט.
דאָ גריסן מיך היימיש די ווייַטן,
דאָ איז מיר אַ היילונג די זון.
דער הימל מייַן תּפילה דערהערט
און עס זינגען די פייגל מייַן ליד״.

ווי אין דעם פריִערדיקן לידערבאַנד, אַזוי אויך אין דער איצטיקער זאַמלונג, האָט דער דיכטער אָפּגעטיילט אָרט פאַר אַ בינטל משלים. גאַר באַוּנט איז אונדז די אַלעגאָריע וועגן די וואָיענדיקע שאַקאַלן, וואָס באַפאַלן

מיט זייער „הימלשפּאַלטנדיקער" טענה דאָס ציגעלע:

„אַ, חיות,
זעט ווי דאָס ברעקל גייט
מיט ציין און נעגל אונדז אַנטקעגן,
ווי ס׳טוט דאָס לעבן אונדז באַדראָען.
ראַטעוועט פון אונטערגאַנג!"

נאָר דאָס איז בלויז אַ משל, פּאַר וועלכן עס איז נישט שווער, אָך און ווי, צו געפינען דעם נמשל. לאָמיר, צום סוף, ציטירן אַ קורץ, בילדעריש ליד, אַ רעפלעקס פון דעם אַלגעמיינעם מצב אין דער ייִדישער מדינה — אונדזער איינציקע שטרעבונג, האָפענונג און טרייסט:

„טאָג נאָך טאָג
גייט אויף אין עמעצנס אַ האַרצן
אַ וויסטע קלאָג.
שטוב נאָך שטוב
קומען ווי באַגרעבער שאָטנס שוואַרצע
צו עמעצנס אַ שוועל
און אַלץ, וואָס איז דאָרט העל,
און אַלץ, וואָס איז דאָרט פרייד,
ווי אַ רויך פאַרגייט,
ווי אַ ווינט פאַרשווינדט
און עס בלייַבן בלויז —
אַ פינצטערניש אין הויז
און אַ שטומע גרוב".

(„מלחמה")

ווידער אַ מאָל אומגליק און ווידער אַ מאָל טרויער אויף דער לעצט־באַיאָגנדיקער סטאַנציע פון אונדזער לעבן. דאָך, שפּרודלט ערגעץ אין געמיט פונעם דיכטער אַ מונטערער קוואַל פון פרייד און האָפענונג פון וועלכן אויך מיר ווערן מיטגעריסן.

## צוויי בענד דיכטונג פון מ. שולשטיין

**מ.** שולשטיין ווערט אין דער היינטצייטיקער ייִדישער דיכטונג באַטראַכט ווי איינער פון אירע באַטייטיקע פאָרשטייערס. נאָך גאָר יונג, קומט ער קיין וואַרשע. אין דער גרויסער שטאָט עפֿענען פֿאַר אים זיך ברייטע האָריזאָנטן. ער אַרבעט איבער זיך, באַרייכערט זיך מיט ליטעראַרישן וויסן, באַקומט אַ דראַנג צו שרייבן, עס רופֿט אין אים זיך אָן דער דיכטער. זיין ערשטלינג־בוך לידער „ברויט און בליַי" (לובלין, 1934), ווערט גינציק אויפגענומען דורך דער ליטעראַרישער קריטיק. אין גע־מאָסטענע פערזן ברענגט דער צוזאָגנדיקער פּאָעט צום אויסדרוק דיליידן און געפילן פון דעם יונגן דור, וועלכער רייסט זיך אין געראַנגל פאַר טאָג־טעגלעכער עקסיסטענץ צו אַ בעסער לעבן. דער באַגער פון וועלט־דער־לייזונג און אייגנפּאָלקישער גאולה איז דער ריכטשנור אין זיין שאַפן ביזן היינטיקן טאָג.

דאַכט זיך, אָט ערשט נישט לאַנג איז דערשינען מ. שולשטיינס בוך דיכטונג „דער מאָרגנשטערן אין מיין פענצטער" (פּאַריז, 1974), אַ יאָר שפּעטער זיין בוך עסייען „רינג אין רינג" (פּאַריז, 1975), און איצט איז צו דער רייכער רשימה פון זיינע ווערק צוגעקומען אַ נייער באַנד לידער „דער אָרעם פון ליבשאַפט" (פּאַריז, 1977). אָט די ביכער זיינען דער־שינען, ווי שוין אָנגעוויזן, אין פּאַריז, וווּ דער דיכטער איז אַ תּושב זינט די דרייסיקער יאָרן. שולשטיין דערמאָנט אָפט אין זיינע לידער די ערשטע

היים. די שאַפּונגען אויף דער שטעטל־טעמע לאָזן איבער אינעם האַרצן פון דעם היימישן לייענער אַן אינטימע וואַרעמקייט, ווי פון עפּעס אייגנס. דער דיכטער רופט אַרויס פון זיין זכּרון בילדער און דערמאָנונגען פון דעם „ענגן הייפל", די שטוב, די מאַמע, — „ס'איז אויף שטענדיק אין מיר אַריין מיין מאַמעס ליד, מיין מאַמעס ניגון".

„איך ווייס, אַז מיך האָסטו געזען
אין דיינע לעצטע רגעס —
זע איך איצטער דיך
אין אַלע מיינע רגעס.

איך ווייס, אַז מיך האָסטו געהערט
ווען ס'איז דיין זיפץ
דער לעצטער אויסגעגאַנגען —
הער איך איצטער אים
אין אַלע מיינע קלאַנגען".

(„מיין מאַמעס בילד")
[פון בוך „דער מאָרגנשטערן אין מיין פענצטער"]

אין דעם לידער־ציקל „די סען — מיין שפּיגל", דערציילט אונדז דער דיכטער אין מאָלערישע, ווייסע פערזן וועגן געוויינלעכע טאָג־דערשיינונגען. אָט פאָרט ער צו דער סען פאַר אַ חיי־שעה כאַפּן פיש. ער זיצט זיך שטיל, נישט אויסריידנדיק קיין וואָרט. אין קענדל ראַיען די ווערעמלעך, „און מחשבות אין געמיט". זיין טרוים איז — פאַנגען אַ פישל. און אויב ער וועט מיט גאָרנישט זיך אומקערן אַהיים, וועט אויך גוט זיין. אַן אַנדערש מאָל, פאָרנדיק אין מעטראָ, ציט אויף זיך דעם דיכטערס אויפמערק אַ יונגע פרוי. זי „שטריקט אַ מלבושל פאַר דעם, וואָס דאַרף ערשט קומען. עס פורעמט זיך דאָס מלבושל, ווערט גרעסער, גרעסער, — ווי ס'לעבן אין איר לעבן".

אין אַן אַנדער ליד ווייזט אונדז דער דיכטער אַ כאַראַקטעריסטיש בילד וואָס איז אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם פּאַריזער פּייזאַזש:

„דו וועסט נישט גלויבן, מענטש, דאָס איז אַ מענטש,
פאַרוויקלט אין זיין אַלטן ראָק — אַ זאַק מיט ביינער".
(„פאַריזער פייזאַזש")
[פון בוך „דער מאָרגנשטערן אין מיין פענצטער"]

דאָס וואָרעמט זיך דורך די גראַטעס פון מעטראָ אַ קלאָשאַר, איינגע־קוטעט אין טראַנטעס.

אָפט מאָל ווערן מיר באַאיינדרוקט פון דוממדיקע זאַכן, וואָס דערגייען צו אונדז דורך דעם דיכטערס בילדערישן אויסדרוק ווי אַלוזיעס אויף דער טראַגיק פון מענטשלעכן גורל.

„עס ליגן אויפן נאַסן, אַנהייב־ווינטערדיקן ברוק
צוויי ציטונגען פאַרבלאַטיקטע און קויטיק,
אַוועקגעוואָרפן האָבן זיי צוויי דורכגייער מסתמא,
שוין אויסגעלייענטע, נישט נויטיק.

שוין אויסגעשעפּט פון זיי, זעט אויס, גענוג,
פון אַלץ: ידיעות, מעלדונגען, פּירושים, נעקראָלאָגן.
פון זיי אַרויסגעצויגן ממש די עצמות.
איצט ווערן זיי פון רעגן און פון ווינט געטראָפן.
אָט פאַלן זיי און באַלד זיי שפּרינגען ווידער אויף,
ווי עופות וואָס דער חלף האָט זיי נישט דערשאָכטן,
און פּרוּוון געבן מיט די פליגל נאָך אַ פאָך".
(„אויפן פאַריזער אַספאַלט")
[פון בוך „דער מאָרגנשטערן אין מיין פענצטער"]

שולשטיין באַנוצט זיך אין זיין פּאָעטישער אויסשפּראַך מיט דעם ייִדישן פאָלקס־אידיאָם, מיט דער ספּעציפיש־ייִדישער פּראָזע און ווערטל. אָט די שפּראַכלעכע עלעמענטן פאַרטיפן דעם אינהאַלט פון זיין ליד. ווי יעדן פון אונדז, פאַרפאָלגט אים אָן אויפהער דער גרויזאַמער חורבן־קאָשמאַר. ער מאָנט ביים דיכטער דעם פולן שעפערישן תּיקון — אַ חוב פון וועלכן אונדזער שיינע ליטעראַטור וועט, דאַכט זיך, קיין מאָל פון אים

זיך נישט אויסצאָלן. אַפילו די פרייד פון האָבן אַן אייגן ווינקל אויף דער ערד, לאָזט נישט פאַרגעסן דעם בלוט־מבול איבער אונדזער פאָלק. דאָך זעט דער דיכטער אין דער אויסגעלייזטער, באַנײַס זיך בויענדיקער היים, די היסטאָרישע פאַרגיטיקונג פאַר אונדזערע דורותדיקעליידן. די דיכטע־רישע אַנטוועקונג קומט צו אים ווי אומגעריכט ווען זיין אויג קאָן זיך נישט אָנזעטיקן מיט דער התפעלותדיקער שיינקייט פון ישראל. ערשט פאַראײַאָרן איז ער פאַרבייגעגאַן אַ טיפּן זומפּ פון וואַנען עס האָט זיך געהערט דאָס דערעסנדיקע קוואַקען פון זשאַבעס, און היינט — „ווו זייער בלאָטע איז געווען — היינט וואַקסן גראָזן".

דער דיאַפּאַזאָן פון שולשטיינס דיכטערישער טעמאַטיק איז נישט באַגרענעצט. עס טרעפט אַ מאָל אַ דערשיינונג — זי ציט נישט אויף זיך קיינעמס אויפמערק. נאָר ביים דיכטער רופט זי אַרויס אַ באַשטימטן רע־פלעקס. באַגלייך מיט דעם קומען אונטער אַנדערע אַסאָציאַציעס, דאָס פּאָעטישע געמיט צעוואָרעמט זיך, עס שאַפט זיך אַ ליד. שולשטיין איז נישט אויסקלייבעריש אין טעמעס. אין דער סאַמע וואָכעדיקסטער דערשיינונג געפינט ער פּאָעזיע. וואָס קאָן זיין באַשטענדיקער פון אַזאַ טעמע, ווי עס איז „דער שיכפּוצער פון דער תחנה מרכזית" ? גראָד אין דעם פּשוטן ליד איז פאַראַן אַזוי פיל מענטשלעכע דערהויבונג, דערפרייענדיקע רמזים, ליב־שאַפט צום יידישן פאָלק, וואָס נאָר אַן עכטער דיכטער קאָן דאָס אַרויס־ברענגען. דער עפּישער טאָן אין דער שאַפונג דערמאָנט אונדז, ווי גוזמאדיק דאָס זאָל נישט קלינגען, אין מיצקיעוויטשעס „יאַנקל צימבלער", הגם ביידע געשטאַלטן קומען פון צוויי, אין גרונט, פאַרשידענע אַטמאָספערעס. קיין פאַרגלייך איז דאָ נישט שייך. דער רושם פון ליד רופט אַרויס אַזאַ אַסאָציאַציע :

„ער פּוצט און טראַכט, אַז קומען וועט משיח מיט שיך,
מיליאָנען שיך מיט בלאָטע און מיט וואַנדערשטויבן,
פון גלות וועלן אָנקומען יידן און דאָס אָנטראָגן מיט זיך,
און ער וועט פאַלן נידעריק צו זיי און זײַן דערהויבן.

עס קומען שיך פון רוסלאַנד, ליטע, פון טשעכיי,
בראַזיל, קאַנאַדע, שטעלן אויס זיך גאַנצע טוצן,

עס שײַנט אויף זיי די בלאָטע און ער שפּיגלט זיך אין זיי,
און ער, פֿאַר נחת שײַנט און הערט נישט אויף צו פּוצן".
[פֿון בוך „דער אָרעם פֿון ליבשאַפֿט"]

אַ שיכפּוצער־וויזיאָנער. ער קוקט אויס משיחס קומען אין לאַנד אַריין מיט מיליאָנען שיך און פּוצנדיק זיי, וועט ער שײַנען פֿאַר נחת און פֿרייד.

שולשטיין ווערט לייכט באַאײַנדרוקט פֿון זאַכן וואָס פֿריִער איז נישט אויסגעקומען זיי צו זען. פּונקט אַזוי לייכט קומט אים אויס דאָס נײַ געזעענע אַרויסצוברענגען אין ליד. וועגן דעם זאָגן עדות זײַנע ניו־יאָרקער מאָטיוון אין בײדע לידערבענד. דער דיכטער איז בעת זײַן ערשטן באַזוך אין ניו־יאָרק, אויסגעקומען צו געניסן פֿון אַמעריקעס ברייטהאַרציקער הילף און גאַסטפֿרײַנדלעכקייט. ער האָט אָבער אויך באַוויזן צו זען די שאַרפֿע לעבנס־היפּוכים אין דער ריזיקער וועלטשטאָט. דאָ פּרוּווט נאָך שולשטיין אויפֿזינגען דעם ברוטאַל פֿאַרשעמטן חלום פֿון „מישט די פֿאַרבן אויס צוזאַמען".

„שוירלי, מײַן שוואַרצער מלאך,
שוירלי, קראַנקן־שוועסטער מײַנע,
קענסט הייסן קראַנקן־מאַמע גריילעך,
וואָס גיסט מיר אַלץ און דו פֿון מיר ווילסט גאָרנישט,
וואָס בײַטסט מיר יעדן טאָג אַ לײַלעך
און וויקלסט מיך אין אים,
ווי ס'האָט מײַן מאַמע מיך געוויקלט אין די ערשטע ווינדלען".
(„מײַן קראַנקן־שוועסטער")
[פֿון בוך „דער מאָרגנשטערן אין מײַן פֿענצטער"]

די פֿילמיליאָניקע שטאָט מאַכט אויף אים אַן אומגעהויערן רושם. לייענט וואָסערע אימאַזשן עס רופֿט ביים דיכטער אַרויס דער ריזיקער שטאָטייל מאַנהעטן.

„ווי אַ לעקעך, אַ פֿלאָדן איז צעשניטן מאַנהעטן,
אין דעם בעקן פֿונעם אינדזל אַרײַנגעזעצט.

ש. מיצמאַכער

האָב איך אײַך, ליבע געסט, אויף אַ שׂמחה פֿאַרבעטן,
זאָלן ווערן מיט משקה די העלדזער באַנעצט!

גאַסן, עוועניוס אין בעקן צעטיילט אויף חלקים —
אײַנגעקאַרבט מיטן מעסער מיט יושר און צום טעם,
און דעם פּלאַדן אויף שטיקער צעשנײַד איך און צעבראָק אים,
שוימט שאַמפּאַניער אין בעכערס — פֿון דער ווײַטן דער ים".

(„מאַנהעטן")

[פֿון בוך „דער אָרעם פֿון ליבשאַפֿט"]

ווי אַ מזרח־אייראָפּעיִשער ייִד, אַ געליטענער פֿון ייִדנפֿײַנדלעכע דיס־קרימינאַציעס, שאַצט ער הויך די פֿרייקייט פֿון יעדן בירגער אין אַמעריקע, פֿון וועלכן פֿאָלק און ראַסע ער זאָל נישט אָפּשטאַמען. קריסטמעס־צייט זעט ער אויף די גאַסן פֿון ניו־יאָרק פּילקאָלירייק באַלויכטענע קריסטמעס־ביימער בשכנות פֿון לויכטנדיקע חנוכּה־מנורות. ייִדן פֿילן זיך נישט גע־צוווּנגען אויסצובאַהאַלטן זייער ייִדישקייט.

די ריטמישע סטרוקטור פֿון שולשטיינס ליד איז פֿאַרשידן. אַ מאָל פֿאַרמירט זיך זיין דיכטערישע אינספּיראַציע אין לאַנגע פּערזן, ווו עס פֿילט זיך אַ געוויסע איבערגעלאָדנקייט פֿון ווערטער, אַ מאָל אין ווייסן פּערז און נישט זעלטן אין קורץ ריטמיזירטע שורות. ווי אַ מוסטער פֿון די לעצטע דינט אונדז אַ ליד פֿון די ברעטאָניער לידער „אין אַ שטורעמנאַכט", וואָס פֿאַרמאָגט, צופּעליק, די מעטרישע ענלעכקייט פֿון פּושקינס אַ קורצער שאַפֿונג „אין אַ ווינטערנאַכט":

„שטורעמנאַכט, געברום, גערעווע,
כוואַליעס קײַקלען וואַסערשטויב.
צו מײַן פֿענצטער קומט אַ מעווע,
מיט די פֿליגל פּאַטשט אין שויב".

[פֿון בוך „דער אָרעם פֿון ליבשאַפֿט"]

דער דיכטער פרעגט ביי דער מעווע צי זי ווייסט עפּעס וועגן זיין מאַמען, פון וועמען עס איז נישט געבליבן קיין שפּור. דער רוישיקער ים וואַרפט אָן אויף אים אַ מורא, גלייך ער וואָלט זיך פאַרנומען צו פאַרמבולען דעם אינדזל מיט גאַר זיין שיינקייט. ווען דער ים באַרויִקט זיך, קוקט דער דיכטער פאַרגאַפט אויף די זיך וויגנדיקע כוואַליעס, בעת די זילבערנע לבנה שפּיגלט זיך אין זיי. אָט באַוווּנדערט ער די „אינדזועלעך צעוואָרפענע ווי פינטעלעך פון חן" און די שיפלעך וואָס בוצקען זיך ביים ברעג. באַזונדערס איז ער אַפּעקטירט פון די קינדער, וועלכע שפּילן זיך אין זאַמד און פון די ברעטאָניער פרויען, פאַר זייער פּאַסטאָראַלער פּשוטקייט. דער דיכטער פלעכט פאַר דעם ברעטאָניער אינדזל דעם שענסטן לידערקראַנץ:

„אַ לבנה האָט אין ים אויף שטיקלעך זיך צעבראָכן.<br>זילבער און קרישטאָל אין סאַמע אינדערוואָכן.

פּייַערלעכע און צעבליצטע זשיראַנדאָלן.<br>יום־טובדיקע שפּיגלען זיך קרישטאָלן אין קרישטאָלן.

ס'וועט הייַנט יעדער כוואַליע ביז דער קלענסטער און דער מינדסטער,<br>פון קיין מרה שחורה נישט וויסן, פון קיין פינצטער.

נישט קיין שפלות און יחסנות, נישט קיין קלענער־גרעסער —<br>יעדער איז מיט שמוק באַהאָנגען, יעדער טראָגט אַ כּתר.

יעדער איז מיט בלישטשענדיקע בראַשן אָנגעשטאָכן —<br>אַ לבנה האָט אין ים אויף שטיקלעך זיך צעבראָכן".

(„אַ לבנה אין ים")

[פון בוך „דער אָרעם פון ליבשאַפט"]

דורך זיינע רעטראָספּעקטיווע לידער לאָזט דער דיכטער אונדז אַריינקוקן אין שפּיגל פון אַ פאַרגאַנגענער צייט, פול מיט מורא פאַר דעם מאָרגנדיקן טאָג. אַ צייט פון עקאָנאָמישער אומזיכערקייט פאַר דעם גרעסטן טייל פון דער קאָמפּאַקטער יידישער מינאָריטעט אין פאַרמלחמהדיקן פּוילן. אין

דער ייִדישער דיכטונג האָבן געלאָזט זיך הערן נייע, אויפוועקנדיקע טענער, אינספּירירטע פון אַ לעבנסבאַיאָענדיקער וועלט־אויפפאַסונג. די ציטירטע פערזן זיינען אַרויסגענומען פון שולשטיינס ערשטלינג־באַנד לידער „ברויט און בלייַ״:

„מייַן טאַטע האָט געקויפט אַ קאַלענדאַר אַ נייַעם,
הענגט ער ביי מייַן טישל קעגנאיבער,
קוקט אַראָפּ פון אים דאָס בילד פון חפץ חיים,
אין אַ שטרייַמל פון אַ טכויר, צי פון אַ ביבער.

זייַט זשע מוחל, רבי, האָט נישט קיין פאַריבל,
וואָס עס זיצט ביי נאַכט אַ יונג מיט אַ טשופּרינע,
ביי אַ חלב־ליכטל איבער ביכער קעגנאיבער,
און נאַכט ביי נאַכט עס קאָן נישט צוקומען די שכינה״.

(„אַ נייַער קאַלענדאַר״)
[פון בוך „דער אָרעם פון ליבשאַפט״]

אין די חנעוודיקע לידער פון דער זאַמלונג „דאָס פייפל אין די בערג״, דריקט דער דיכטער אויס זיין התפעלות פאַר דער שיינער נאַטור אין דער בערגיקער פוילישער געגנט. דאָ באַזינגט ער אָדער באַוויינט דאָס לעבן פון דעם אָפּגעריסענעם, פאַרהונגערטן הוצול. עס איז אַ גוטער געדאַנק וואָס שולשטיין האָט אין דעם בוך „דער אָרעם פון ליבשאַפט״ אַריינגענומען אַ טייל פון זיין דיכטערישן שאַפן אין די דרייסיקער יאָרן, מחמת די דער־מאָנטע אויסגאַבעס זענען היינט נישט בנמצא אויפן ייִדישן ביכערמאַרק. די לידער שפּיגלען אָפּ די שטימונג אין יענער צייט.

לאָמיר נאָך אַ מאָל אויפמישן דאָס בוך „דער מאָרגנשטערן אין מיין פענצטער״ און זיך אַ ווילע אָפּשטעלן ביי דעם לידער־ציקל „די פאַר־שוואונדענע וועלט פון טלאָמאַצקע 13״. דאָ האָט דער דיכטער אויפגעשטעלט אַ פילגעשטאַלטיקן מאָנומענט לכבוד די אומגעקומענע שרייבערס אין די געטאָס און אַנדערע. דער דיכטער פאַרפיקסירט אין ליד זייער אויסזען און כאַראַקטער. זייער צווייטע היים איז געווען דער ייִדישער ליטעראַטן־פאַראיין:

„און כאָטש קידער־ווידערדיק מען פלעגט וויכּוחים האַרבע פירן,
מען האָט געטיילט זיך מיטן גײַסט און ברויט, מיט יעדן קריש״.

כמעט יעדער דיכטער ווערט אַ מאָל פאַרכאַפּט פון דעם אַמביציעזן אָנטרייב אַ גלאַנץ צו טאָן מיט זיין ווערסיפיקאַטאָרישן טאַלאַנט אין דעם פערצנשורותדיקן סאָנעט. דער סאָנעט איז ווי אַ נייע דיכטערישע פאָרם, אויפגעקומען אין איטאַליע אין 13טן י״ה. ערשט פעטראַרקאַ האָט אים אין 14טן י״ה דערפירט צו געגוּיער שלימות. אַז שולשטיין איז אַ בריה זיך דיכטעריש אויסצודריקן אין אָט דער שטרענגער, מעטרישער פאָרם, באַווייזן די פּרעציז געשליפענע שורות פון זיינע דרייסיק סאָנעטן. מיר וואָלטן דאָ געדאַרפט געבן כאָטש איינעם פון זיי פאַר אַן אָנשמעק. נאָר דאָס וואָלט שוין געהייסן צו פיל ציטירט...

צום לעצטן אָפּטייל פון „דער אָרעם פון ליבשאַפט״ געהערן די איבערזעצונגען פון דער פּוילישער, פראַנצויזישער און דייטשישער פּאָעזיע. פון דער פּוילישער דיכטונג פילן מיר אָפּ אין שולשטיינס איבערזעצונגען דעם אומעט פון די האַרבסטיקע פאַרנאַכטן אין פּוילן, דעם זוניקן פרילינג און טיילווייזע אָפּרופן אויף אונדזער לעצטן חורבן. פון דער פראַנצויזישער דיכטונג רעדט צו אונדז די יונגפרויִישע לעבנספרייד, די לויטערע השתּוממות איבער דער שיינער נאַטור, דאָס פלאַמיקע עראָטישע געפיל. פון דער דייטשישער פּאָעזיע ברענגט אונדז אַריין אין התרוממות דאָס פיינפילנדיקע און אינהאַלטפולע. דאָך פרעגן מיר: ווי קאָן דאָס שיינגייסטיקע אינעם מענטשן לעבן בשלום מיט דעם בעסטיאַל פאַרדאָרבענעם אינעם פאָלק, הגם די איבערגעזעצטע דיכטער האָבן צו די היטלעריסטישע גרויל־מעשׂים ווייט נישט קיין שייכות?

1978

# אין
# שפּיגל
# פֿון אַ דור

# גלויבן און יאוש אין ב. שלעווינס שאַפן

**אריינפיר**

די יִדישע ליטעראַטור איז אין האַסטיקן באַרג־אַרויף־גאַנג, אין איר שענסטן פלי און רענעסאַנס געגליכן געוועזן צו אַ שטראָמיקן טייך, וואָס ברעכט אַדורך אַלע זיינע צוימען און ווייסט נישט, אַפילו אין ביטערע צייטן, פון קיין אָפּשטעל. נאָך יעדער נאַציאָנאַלער קאַטאַסטראָפע, ווי נאָר דאָס לעבן „האָט ווידער זיך אויפגעהויבן און אַוועקגעגאַנגען ווייטער" (לויט ה. לייוויקס ליד „אייביק"), זיינען אויפגעקומען יונגע, שעפערישע כּוחות פון די טיפענישן פון פאָלק און מיט זייער געלייטערט וואָרט דערהויבן אונדזער ליטעראַטור צו נייע, וווּנדערלעכע הויכן.

דאָס זעלביקע קאָן אויך געזאָגט ווערן היינט. נישט געקוקט וואָס מיר לעבן דורך אַ שאַרפן קריזיס אין רעזולטאַט פון אונדזער לעצטן חורבן, — דאָך קוואַלט אָן אויפהער אַ נייע שעפערישקייט און עס ווילט זיך נאָך אַלץ נישט גלויבן, אַז מיר זיינען דער לעצטער דור יִדיש־שעפער.

מיר געדענקען אַלע ווי נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די יִדישע יצירה אין פוילן אַריינגעטראָטן אין אַ פּעריאָד פון העכסטן אויפבלי. אויף דער מזרח־וואַנט פון אונדזער ליטעראַטור איז בכּבודיק געזעסן דער צווייטער דור קלאַסיקערס: שלום אַש, אַברהם רייזען, ה. ד. נאָמבערג, י. מ. ווייסנבערג, דוד בערגעלסאָן, אפרים קאַגאַנאָווסקי און נאָך פיל וויכטיקע שרייבערס, אינספּירירטע פון די קולטור־שעפערישע אידעען פון אונדזער גרויסן י. ל. פּרץ.

אָנהייב צוואַנציקער יאָרן האָבן מיט אָדלערישן שווונג זיך אַריינגעריסן אינעם היכל פון אונדזער ליטעראַטור־שאַפן אַ „כאַליאַסטרע״ דיכטער און פּראָזאַיִקער מיט נייעם שעפערישן גייסט און אינהאַלט. אין דער אימפּעריע פון דער יִידישער דיכטונג האָבן הילכיק אָפּגעקלונגען די נעמען פון פּרץ מאַרקיש, משה קולבאַק, אַלטער קאַציזנע, מלך ראַוויטש, א. צ. גרינבערג, משה בראָדערזאָן. זיי זיינען געקומען יעדער מיט זיין אייגענעם פּאָעטישן לשון, מיט נייע בילדער און אימאַזשן. אין דער בעלעטריסטיק האָבן י. י. זינגער, עוזר וואַרשאַווסקי און נאָך אַנדערע דערציילערס זיך ברייט פאַר־מאָסטן אָפּצושפּיגלען דאָס יִידישע לעבן פון פריִערדיקע צייטן און באַזונ־דערס פון יענער צייט פון מלחמות און קאַטאַסטראָפעס. עס האָט זיך באַוויזן דער ברייטלייוונטיקער, עפּישער ראָמאַן. די ווערק פון יענער געבענטשטער פּלעיאַדע האָבן אויך געהאַט אַ השפּעה אויף דעם שפּעטערדיקן נאָכוווקס, — וויכטיקע טאַלאַנטן, וואָס אויך זיי האָבן געשאַפן געשיכטע אין אונדזער ליטעראַטור.

דער צווישנמלחמהדיקער דור יִידישע שרייבערס אין פּוילן איז, דירעקט אָדער אומדירעקט, געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון הייסע, רעוואָלוציאָנערע ווינטן אין רוסלאַנד, צוגלייך מיט די פרילינגסווינטן פון יִדיש־וועלטלעכן רענעסאַנס. עס איז געווען די קורצע איבערגאַנגס־תּקופה פון נייַע, וויַיטגייענדיקע אידעען, וואָס האָבן צעטרייסלט דעם פּאַטריאַרכאַלן יִדישן לעבנס־שטייגער, ביז דער דור איז אַכזריותדיק פאַרשניטן געוואָרן. ער האָט אָבער געלאָזן נאָך זיך טיפע שפּורן אין אונדזער גייסטיקן שאַפן.

אָנהייב דרייסיקער יאָרן, מיטן שטייגן פון עקאָנאָמישע קריזיסן און מיט דער פאַרשטאַרקונג פון דער פּאָליטישער אונטערדריקונג פון די נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן אין פּוילן, האָט אויף דער וואַרשעווער אַרענע זיך באַוויזן אַ יונגע גרופּע שרייבערס און דיכטערס מיט גאָר אַן אַנדערער אויפפאַסונג פון ליטעראַטור און איר געזעלשאַפטלעכער שליחות. לויט יענער אויפפאַסונג האָט דער שרייבער מיט געוויסן געדאַרפט פילן פאַר זיין חוב אַרויסצופירן אין זיין שאַפן די קלאַסן־קאָנפליקטן אין דער אומיושרדיקער געזעלשאַפט. פאַרשטייט זיך, אַז דער אידעאָלאָגישער קער איז געשטאַנען אונטער דער השפּעה פון דער סאָוויעטיש־יִדישער ליטעראַטור, וואָס האָט אין יענע יאָרן דערגרייכט צו אַ הויכער מדרגה. מיט דער צייט איז די השפּעה צערונען, נאָכן אויסגעפינען דעם שקר, וואָס איז אין דעם צייט־

ווייליקן אמת געלעגן פאַרבאָרגן. דערווייל האָט דער ייִדישער שרייבער אין האַלב־פאַשיסטישן פּוילן זיך אָנגעגורט מיט רעוואָלוציאָנערן צייטגייסט. זיין שאַפן האָט זיך אָנגענומען מיט סאָציאַלער צילגעווענדקייט, אונטער־האַלטנדיק די האָפענונג פון דעם פאַרלוירענעם, ייִדישן אינטעליגענט, פון דעם אָרעמען אַרבעטער און פאָלקסמענטש.

בכלל האָט דער ייִדישער שרייבער קיין מאָל נישט געהאַט קיין גע־העריקע באַדינגען פאַר זיין שאַפן. דערצו נאָך האָבן די רעוואָלוציאָנערע שרייבערס געהאַט אויסצושטיין רדיפות פון דער פּאָליציי. די ליטעראַרישע אויסגאַבעס זיינען געשטאַנען פאַר זיי געשלאָסן. זיינען זיי געקומען מיט זייער ניי שעפעריש וואָרט אין די האַלב־לעגאַלע צייטשריפטן „ליטעראַ־רישע טריבונע", „זיבן טעג", „דער פריינד" — אויסגאַבעס, וואָס האָבן אָפט געטוישט זייערע נעמען, ווייל זיי זיינען אָפט געוואָרן קאָנפיסקירט. אָבער דווקא אַרום די האַלב־לעגאַלע צייטשריפטן האָט זיך גרופּירט אַ מאַסן־לייענער, וועלכער האָט געזוכט אַ ניי וואָרט אינעם ייִדישן שאַפן. פון דער נייער גרופּע דיכטערס און דערציילערס האָבן זיך דעמאָלט באַ־זונדערס אויסגעטיילט: בינם העלער, משה שולשטיין, קלמן ליס, מ. א. קנאַפּהייס, כלאַוונע קאַגאַן, דוד מיצמאַכער. זיי האָבן דורך דער צייט זיך געשאַפן אַ נאָמען צווישן די פיל פאָלקס־לייענערס אין די שטעט און שטעטלעך.

אין דעם בוך „קשיענגא ווספּאמניען" (בוך פון זכרונות) 1919—1939, דערשינען אין פּויליש, אין וואַרשע, 1960, שרייבט דער היסטאָריקער און קריטיקער בערל מאַרק:

> „אונדזער גרופּע, וואָס האָט וואָס אַ מאָל מער אויסגעברייטערט אירע רייען און איז געווען באַקאַנט ווי די גרופּע רעוואָלוציאָנערע שרייבערס, האָט זיך געהאַלטן אין די יאָרן 1931—1934 אַרום דעם ליטעראַרישן חודש־זשורנאַל „ליטעראַרישע טריבונע", וועלכער האָט געשפּילט אַן ערנסטע ראָל אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער קולטור אין פּוילן אין די צוואַנציקער יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות.
>
> ...צווישן די פּראָזאַיִקערס פון אונדזער גרופּע האָט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער ערשטער מינוט ווען ער האָט זיך

באַוויזן אין וואַרשע, דער יונגער בנימין שלעווין פון בריסק. ער האָט אין דער הויפּטשטאָט געפירט אַן אומלעגאַל לעבן, זיך אויס־באַהאַלטן פון דער פּאָליציי, וואָס האָט אים פאַרפאָלגט. מערקוויר־דיק איז, קודם כּל, געווען דער פאַקט, אַז דער שוואַך געבויטער, דעליקאַטער יונגער מענטש, אַ וויניק באַריידעוודיקער רויִקער און גלייכווערטיקער, האָט געהאַט אונטער זיך ביטערע און שטורמישע איבערלעבונגען. ער איז געווען אַ לעבעדיקער עכאָ פון פויערישע אויפשטאַנדן, פּאַציפיקאַציעס און פּאָגראָמען".

אין יענער צייט איז די אַטמאָספער אין פוילן אַלץ מער געווען אָנגע־לאָדנט מיט פּאָליטישן אומרו און דראָענדיקער געפאַר. צי האָט מען דען געקאָנט פאַרויסזען דאָס אויסטערליש־טראַגישע, וואָס שטייט פאַר אונדזער פאָלק? דער היטלעריסטישער מאָנסטער אויף יענער זייט גרענעץ האָט שוין געהיים געענוי אויסגעפּלאַנירט דעם טאָטאַלן אומקום אונדזערן. וויפל גייסטיקע אוצרות פון אונדזער פאָלק זיינען פאַרניכטעט געוואָרן צוזאַמען מיט זייערע אויסגעקוילעטע שעפער!

קוים באַוויזן זיך אַרומצוקוקן ווי מיר שטייען אין דער וועלט נאָך אונדזער דריטן חורבן, האָט אַן אַנדערע רוצחישע האַנט נאָך שטייפער פאַרצויגן דעם שטריק אַרום דעם האַלדז פון דעם פּילגעליטענעם ייִדישן שריד אין סאָוויעט־רוסלאַנד. די לעצטע ייִדישע קולטור־אינסטיטוציעס זיינען געוואָרן פאַרניכטעט. די עליטע פון דער סאָוויעטיש־ייִדישער ליטע־ראַטור — פּרץ מאַרקיש, דוד האָפשטיין, דער נסתּר, דוד בערגעלסאָן א״אַ זיינען געוואָרן דערמאָרדעט.

די סאָוויעטיש־ייִדישע ליטעראַטור האָט, זינט איר אָקטאָבערישן אָנ־הייב, געטריי געדינט דעם סאָוויעטישן רעזשים, פאַרקריפּלענדיק אָפט דאָס רעאַלע פּנים פון דעם ייִדישן טיפּאַזש, דעם אַרויסגעוואַקסענעם פון דורות איינגעוואָרצלטער טראַדיציע. אַזוי האָט זי מיט איר געטריישאַפט אָפּגע־נייגט פון דעם לעבנס־אמת אין דער ליטעראַטור בכלל. נישט געקוקט אויף איר אידעאָלאָגישער גראַדליניקייט, האָט זי ביי די הויפּט־פאַרשטייערס פון סאָוויעטישן רעזשים פאַרלוירן דאָס רעכט צו לעבן.

גאָר אַ קליין הייפל האָט אויסגעמיטן דעם שווידער פון ביידע מאַסן־שחיטות. איינער פון די לעבנגעבליבענע וועלכע מיר געדענקען נאָך פון

פאַרמלחמהדיקן פוילן, איז בנימין שלעווין. אין זיין שאַפן ווערט רעאַליס־טיש אָפּגעשפּיגלט די געשיכטלעכע טראַנספאָרמאַציע פון זיין צייט, — אַן עפּאָכע וואָס איז רייך מיט וועלט־אויפטרייסלענדיקע געשעענישן. זיי ווערן אויף אַ קינסטלערישן אופן ברייט אָפּגעשפּיגלט אין די ווערק וועגן וועלכע עס וועט ווייטער זיין אַ רייד.

1.

אין יאָר 1933 איז אין וואַרשע דערשינען דער ערשטער באַנד דער־ציילונגען א״נ „צווישן ווענט״. דער יונגער שרייבער האָט אין אָנהייב פּעריאָד פון זיין שאַפן זיך נישט באַגרענעצט, דווקא, צו בלויז ייִדישער טעמאַטיק. לויט דער דעמאָלט אָנגענומענער דיאַלעקטישער אויפפאַסונג, האָט ער געשעפּט מאַטעריאַל פאַר זיין שאַפן אין דער כוללדיקער פּעריפע־ריע, פון וועלכער אויך דאָס ייִדישע לעבן איז געווען באַדינגט. ער זעט די עקסטרעמע אָרעמקייט פון ווײַסרוסישן דאָרף, ער ווייזט אונדז ווי דער פוילישער אָקופּאַנט טרייבט מיט נאַהייקעס און ביקסן די ערד־אָרעמע פויערן צו אומזיסטער האָרעוואַניע, כמעט ווי לײַבאייגענע. שלעווין מאָלט דעם דערשטיקטן פאָלקסצאָרן ווען איינער פון די בריקבויערס פאַלט אַראָפּ אין תּהום און ווערט דערטרונקען. דאָס דאָרף אין פּאָלעסיע בונטעוועט זיך.

אין דער נאָוועלע „אַן אייניקל״ דערציילט אונדז דער מחבר וועגן אַ פאַריתומט קינד אונטער דער אַפּטרופּסות פון זיידע־באָבע, אָפּגעקומענע גבירים. מיט דינע שטריכן ווערן דאָ אַרויסגעבראַכט מאָמענטן פון קינדע־רישער פּסיכאָלאָגיע. די מאַמע פון עם קינד איז פאַר פּאָליטישער טעטיקייט אַריינגעפאַלן אין תּפיסה, דער טאַטע, אויך אַ פּאָליטיש פאַרזינדיקטער, איז אַוועק אויף יענער זייט גרענעץ. דאָס אַלטע פאָרפאַלק ליידט קעלט, הונגער, און דאָך לאָזן זיי נישט דער קליינער ראַיען זיך חברן מיט די אָרעמע, שכנישע קינדער. די אָרעמקייט ווערט דאָ געשילדערט מיט וואַרהאַפטיקן רעאַליזם.

אין דער דערציילונג „אין שרעק״ צייכנט פאַר אונדז שלעווין אַן אַנדערן פּאָרטרעט פון אַן אָפּגעקומענער גבירטע. בערטאַ שרעקט זיך, פון איין זייט, פאַר די באָלשעוויקעס, וועלכע דערנענטערן זיך צו דער פּויליש־שער גרענעץ, פון דער צווייטער זייט צאַפּלט זי פון מורא פאַר דעם

פּוילישן מאַיאָר, דעם אומגעוווינטשענעם קוואַרטיראַנט אין איר פּילצימער־דיקן הויז. אין די נעכט, בעת מען הערט שוין נאָענט דאָס דונערן פון דער אַרטילעריע, איז די פּאַרזעסענע מויד וואַך צו יעדן שאָרך פון יענער זייט טיר. אין דעם אימפּרעסיאָניסטישן אופן פון מאָלן דאָס הויז פון דער „אָפּגייענדיקער" בערטאַ, די פּוסטע שטובן, ווו עס ווייעט דער אומעט פון גבירישער ירידה, מערקט זיך נאָך אין שלעווינס סטיל דער בערגעל־סאָנישער אַנהויך.

אין דער דערציילונג „טאָג־מענטשן" שטעלט פאַר אונדז שלעווין ווידער אַוועק אַ רעאַליסטיש בילד פון דאָרפישער נויט. קאָסטיאַ, דער טאָגלוינער אין דער גאַרבאַרניע, חזרט איבער פאַרצווייפלט דעם שפּרוך פון זיין פאַר־שטאָרבענעם ברודער, נאָך דעם ווי ער קערט זיך אום פון יענעמס לוויה: „אַ ביטערער פאַרשווין האָט עס אַלץ אויסגעקלערט, דעם גאַנצן עסק דאָרטן..." דאָס איז דער פּאַטאַליסטישער לעבנס־סך־הכל פון דעם גרויען, פאַריאָכטן האָרעפּאַשניק, אויף וועמען די געזעלשאַפט קוקט זיך נישט אום.

אַ פאַרגאַנצטע געשטאַלט, אַרויסגענומען פון דער פאַרמלחמהדיקערווירקלעכקייט אין פּוילן, איז דאָס דאָרפישע מיידל דאַשקע („צווישן וועגט"). אין שטאָט איז אַלץ פאַר איר ניי, פרעמד און אומפאַרשטענדלעך. דאַשקע איז אַ דינסטמיידל אין שכנות פון דער פּאָליציי־דעפּענסיווע און זעט ווי עס ווערן געבערענגט אין די נעכט אַרעסטירטע און מען פּייניקט זיי ביי די לאַנגע נאַכט־אויספאָרשונגען. זי האָט מורא טאָמער וועלן די געהיים־אַגענטן דאָ אַהערברענגען איר געליבטן, דעם פּאָליטיש פאַרדעכטיקטן וויקענטי. די שטימונג און די שילדערונג פון דעם פּאָליציישן טעראָר אין דער דערציילונג, ווייזן דעם שרייבערס אופן פון זען און פילן.

די זעלביקע שטריכן זיינען אויך קענטיק אין דער דערציילונג „אין שינעל". דאָ ווערט נישט בלויז געשטאַלטיקט דער אויסערלעכער אויסזען פון בער פלינטן אין מיליטערישן שינעל, נאָר זיין באַדענקטע געוואַגטקייט אונטער די שטרענגסטע פאַרבאָטן פון דער פּוילישער אָקופּאַציע־אַרמיי, ווו עס דינען ווייסרוסן, אוקראַינער און יידן. דער פּראָסטער זעלנער האָט אין דער פּוילישער אַרמיי פון שטענדיק אָן זיך געפילט דערנידעריקט און באַעוולהט. בער פלינט פאַרבינדט זיך אויסער דער קאַזאַרמע מיט דער דרויסנדיקער וועלט און זייט, ווי עס זאָגט די מליצה, דאָס קערנדל פון רעוואָלוציאָנערן באַוווסטזיין. דער קריטיקער לעאָ פינקלשטיין האָט וועגן

שלעווינס צווייטן בוך דערציילונגען געשריבן:

„ב. שלעווין איז, דער עיקר, אַ רעאַליסט. עס דאַרפט אונטער־געשטראָכן ווערן די רייפע פאָרם ביים אָנפאַנגער. ער צילט אויך צו קאָמפּאָזיציע. און קאָמפּאָזיציע פון אַ נאָוועלע איז, ווי באַקאַנט, דאָס סאַמע שווערסטע". ב. מאַרק ווייזט אויף, אַז „שלעווינס פּסיכאָלאָגישער דעטאַל קריצט זיך איין אין זכרון. אָריגינעלע ווערטער־קאָנסטרוקציע, געזונטער בוי פון זאַץ".

דער אומגעקומענער דיכטער שמואל זאראמב האָט אַזוי זיך אויסגע־דריקט וועגן שלעווינס דערציילונגען:

„ער זעט, קודם־כּל, מענטשן אין געזעלשאַפטלעכע קאַטעגאָריעס. מען דערפילט, אַז מען האָט צו טאָן מיט אַ קינסטלער וואָס זעט. ער באַנוצט זיך מיט די חושים און ווירקט אויף חושים פון אַ צווייטן".

קיין ספק נישט, אַז שלעווין האָט זיינע פּראָזאַישע שאַפונגען אָנגע־לאָדנט מיט דער צוגעאייגנטער סאָציאַלער טענדענץ. די אידעישע ציל־געוועגדקייט אין דער ליטעראַטור האָט זיך אָנגענומען אינעם שאַפן פון דער גאַנצער אויבנדערמאָנטער יונגער גרופּע דיכטער און פּראָזאַיקערס. ווי אַזוי דער דאָזיקער מעטאָד האָט זיך אויסגעווירקט אין שפּעטערדיקן פּעריאָד פון זיין שאַפן, וועלן מיר זען אין די ווייטער באַהאַנדלטע ווערק.

2.

„גרויע פּראָפּילן" (פּאַריז, 1937) איז דאָס צווייטע בוך דערציילונגען וואָס ב. שלעווין האָט פאַרעפנטלעכט נאָך עטלעכע יאָרן לעבן אין פּאַריז. דאָ האָט זיך אויסגעפאָרמירט אַ נייַע סביבה פון אָנגעלאָפענע, פאַרפאָלגטע אימיגראַנטן. זיי האָבן מיטגעבראַנגט מיט זיך פון דער פאַרלאָזטער היים דעם פּויליש־ייִדישן, גייסטיקן קלימאַט. איבער אייראָפּע איז שוין דעמאָלט געהאָנגען די געפאַר פון דער ברוינער פּעסט. זי האָט באַדראָט די גאַנצע וועלט, באַזונדערס דעם סאַמע קיום פונעם ייִדישן פאָלק. עס איז געווען די צייט פון אַלגעמיינער, אַנטיפאַשיסטישער מאָביליזאַציע. דורך דעם ייִדישן בעלוויל אין פּאַריז איז אין יענע יאָרן געפלאָסן אַן אַנאָנימע אַרמיי פון דער ייִדישער יוגנט, וואָס האָט דורך געשוואַרצטע גרענעצן זיך געריסן

צו קעמפן אויף די שפּאַנישע פראָנטן. אַ קאָלעקטיווער אויסדרוק פון אַנטי־פאַשיסטישער מאָביליזאַציע אויפן ייִדישן אָפּשניט, איז אויך געווען דער קולטור־קאָנגרעס, וואָס איז אין האַרבסט 1937 צונויפגעקומען אין פּאַריז. שלעווין האָט געהערט צו דער גרופּע איניציאַטאָרן פון יענעם צוזאַמענפאָר פון ייִדישע קולטור־שעפערישע כוחות פון אַלע לענדער.

ב. שלעווין האָט נאָך אַלץ געשטאַלטיקט דעם היימישן טיפּאַזש, דעם פּויליש־ייִדישן שטייגער, די שטעטלדיקע לאַנדשאַפט, די גרויסע שטאָט, — אָבער ער ברענגט שוין אין דעם בוך „גרויע פּראָפילן" אייניקע געשטאַלטן פון דער נייער אימיגראַנטישער סביבה אין פּאַריז. און כאָטש די באַדינגונגען פון זיין שאַפן זיינען גאָר שווערע, שניצט ער און פיילט זיינע „העלדן פון דער צייט". אין שלעווינס קינסטלערישער וויזיע צייכענען זיך שוין די נאָכקומענדיקע ווערק „דער מאַרש אויף בריסק", „די ייִדן פון בעלוויל", וואָס האָבן קלאָר אַוועקגעשטעלט זיין פּאָזיציע אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

אַ טייל פון די דערציילונגען אין דעם בוך האָבן נאָך אַן אינהאַלט־לעכע שייכות צום לעבן אין פּוילן, הגם ער פּרוּווט שוין אין אייניקע פּראָזע־שאַפונגען צו געשטאַלטיקן די ייִדישע ווירקלעכקייט אין פרעמדן פּאַריז. דאָך גיבן זיך אים צום בעסטן איין די שילדערונגען פון דעם היימישן לעבן אין פּוילן. דער פּויער ארכיפּ זובאַוו לאָזט זיך פאָרן מיט דעם הונט צו דער גמינע אָפּצונעמען דעם שטייער־צעטל. ער האָט זיך אָבער נישט גערעכנט, אַז ער וועט דאַרפן פאַר דעם הונט אויך צאָלן שטייערן, אין דער צייט ווען אים סטייעט נישט אַפילו איינצוקויפן אַ ביסל נאַפט, זאַלץ, שוועבעלעך פאַר דער אָרעמער באַלעבאַטישקייט. מיט שטאַרקע פאַרבן ווערט דאָ געמאָלן די אָרומיקע פּאָליעסיער לאַנדשאַפט, די זומפּיקע געגנט און דאָס פאַרקלעמטע געמיט פון דעם פּויער. ער פאַרענטפערט זיך פאַר דעם הונט און קוילעט אים...

דאָס זעלביקע שווערע געמיט פילן מיר ביים הייצער אַנדריי גראָמאָוו, דעם איינזאַמען באַנוועכטער. ער האָט אין שטאָט זיך אָפּגעזוכט אַ מיידל, אַזאַ עלנטע ווי ער. דער יונגער דוניאַשע ציט עס אָבער צוריק אין שטאָט אַריין. זי אַנטלויפט פון אים. דאָס נישט דערברענטע שטיקל מאַכאָרקע־ציגאַרל אויף זיינע ליפּן, איז דער נעבעכדיקער סימבאָל פון זיין צאַנקנדיק לעבן. בעת די דייטשן דערנענטערן זיך צו דער שטאָט, נעמט אַנדריי דאָס

פאַריתומטע, קראַנקע מיידעלע, דאָס פאַרבליבענע פון ערשטן ווייב און אַנט־לויפט אין פייער און אין רויך. אין דער ווייטער שטאָט קיִעוו דערוואַרט ער זיך ביז די רויטע אַרמיי דערנענטערט זיך צו וואַרשע. דעמאָלט רייסט ער זיך צוריק אַהיים צום קאַרשנסאַד, צום הייזערדרינג, צו דער פעסטונג ביים בוג — דער שטח אויף וועלכן עס באַוועגן זיך די העלדן פון שלעווינס שפּעטערדיקע, ברייטער פונאַנדערגעוויקלטע ווערק.

אין „די, וואָס קומען" דרינגט דער מחבר אַריין אין דער יידישער אַרעמקייט אין וואַרשע. אַ פּולע שטוב מיט זין און טעכטער, — זיי מאַטערן זיך ביי שווערער האַרעוואַניע. דאָס ייִנגסטע מיידל זעט פאַר זיך האָפּע־נונגען נאָר אין קאַמף פאַר אַ ניַיער וועלט.

אין „אַ פּראָטאָקאָל" ווערט רעאַליסטיש אַרויסגעבערענגט דער ווילקיר פון דעם פּוילישן פּאָליציאַנט, לגבי דעם קליינעם, יידישן קרעמער, צו וועמען ער טשעפּעט זיך אָפּט און פאַרשרייבט אים, אָן אַ פאַרוואָס, אַ שטראָף־פּראָטאָקאָל. באַזונדערס טראָגט דער פּאָליציאַנט אַ בייז האַרץ אויף דעם לאָמען בערקען. ער וויל אים כאַפּן ביי דער האַנט בעת ער פאַרוואַרפט אויף די דראָטן אַ רויטע פאָן. דאָס דערפירט דעם פּאָליציאַנט ביז קאָמיזם, וואָס ווערט דורך שלעווינען אויסגעדריקט דורך דינעם הומאָר.

דאָס לעבן פון דער אימיגראַנטישער אַרעמקייט אין פּאַריז איז פול מיט זאָרג און מורא פאַר דעם מלוכה־געזעץ, וואָס פאַרבאָט אַפילו דעם פון לאַנג שוין אַריינגעקומענעם אין לאַנד זיך צו באַזעצן. אין אַזאַ מצב געפינט זיך דאָס עלטערע מיידל קריינדל. זי ליגט אַ קראַנקע ערגעץ אין אַ פאַר־שטעקטן האָטעל אין בעלוויל, ווו „מען קאָן דאָ אויסגיין און קיין טיר זאָל זיך נישט אויפמאַכן". דער זעלביקער ווו־געטאָגט־נישט־גענעכטיקטער עלנט ווערט דורך שלעווינען בילדעריש אָפּגעשפּיגלט אין דער קורצער דערציילונג „פּאַריזיאַדע".

צווישן די אָנגעלאָפענע אימיגראַנטן געפינען זיך אויך אַזעלכע, וואָס ווייסן ווי אַזוי זיך אַרויפצואַרבעטן, ווי, אַ שטייגער, דער רויטער בינעם. ער האָט אין זיין ענגער דירה איינגעפירט אַן אייגענעם שניידערשן אַטעליע, ווו ער און זיין ווייבל האָרעווען נאָך שווערער ווי פריִער. דער רויטער בינעם באַשליסט אַראָפּצונעמען זיין טאַטן פון וואַרשע. דער אַלטער דער־פילט גלייך אין ערשטן טאָג זייער קאַלטע באַציִונג צו אים. בעת דער אַלטער ליגט אַ קראַנקער אין בעט, באַקלאָגט זיך דער זון: „אַ גאָלדענעם

סעזאָן קוילעט ער מיר אַוועק". דער געיעג צו ווערן רייך, פאַרטעמפּט אין בינעמען דאָס משפּחהדיקע געפיל און דערווייטערט אים פון אַלץ, וואָס קומט פאָר אַרום אים.

גאָר הויך האָט אויפן עקאָנאָמישן לייטער אַרויפגעשטיגן מסיע גרין. („דאָס פּעטערל"). אין זיין גרויסער געביידע, ווו ער פירט אָן מיט אַ גאָר גרויסן שניידעריי־אַטעליע, קומען באַקאַנטע באַלמעלאָכעס פון היימישן שטעטל אַרויסנעמען אַ ביסל אַרבעט. מסיע גרינס געהילף איז דאָס פּעטערל, וועלכער טיילט אויס די אַרבעט צו די פּאַסאַניערן. אַ באַזונדערן צוטריט צו דעם קליינעם כיטרען ייִדל האָט דאָס חנעוודיקע ווייבל מיט אירע שמייכעלעך. זי באַקומט ביי אים שטענדיק אַרבעט, אַפילו ווען דער סעזאָן איז שוואַך. די אַנדערע שניידערס פאַרשטייען, אַז מען דאַרפט בעסער שיקן דאָס ווייב אַרויסצוקריגן אַ ביסל מלאָכה. דאָס איז אַ טראַגי־קאָמישע שפּיל, וואָס דער פּרנסה־זוכנדיקער אימיגראַנט איז געצוווּנגען צו שפּילן אין קאַמף פאַר זיין עקסיסטענץ. אַן ענלעכקייט צו דעם „פּאַטראָן" פון די לאַנדסלייט מסיע גרין געפינען מיר אין ש. אַשס „אַנקל מאָזעס", הגם די קינסטלערישע פאַרקערפּערונג פון אָט די ביידע געשטאַלטן זיינען פאַרשידן.

ביז שלעווינען האָט נאָך קיינער פון די ייִדישע שרייבערס אַזוי קינסט־לעריש געטריי אָפּגעשפּיגלט דאָס נישט נאָרמאַלע לעבן, דעם שטייגערלאָזן שטייגער פון דעם ייִדישן אימיגראַנט אין דער „שטאָט פון ליכט", פּאַריז.

ייִדיש לעבן, דראַמאַטישע קאָנפליקטן אינערהאַלב דעם ייִדישן לעבן אין דער נייער היים הויבן וואָס מער אָן צו דאָמינירן אין שלעווינס ווייטער־דיקן שאַפן.

3.

אין זיין ערשטן פּלאַנמעסיק־געבויטן ראָמאַן „דער מאַרש אויף בריסק" (פּאַריז, 1938), האָט שלעווין זיך פאַרמאָסטן קינסטלעריש אויפצוּוויקלען אַ ברייט־אַרומנעמענדיקן לעבנס־שטח. דאָס איז געווען אַ גערעטענער פאַר־מעסט. דעם רוישטאָף פאַר זיין ווערק האָט ער געשעפּט פון זיין היים, ווו עס האָט נאָך דעמאָלט געשפּרודלט אַ געזונט ייִדיש לעבן ביים בוג און ביי דער ווייסל.

אין די ערשטע קאַפּיטלען שילדערט דער מחבר די יוגנט פון זיין דור:

אַ פֿאַריתומט מיידל, דאָס יינגל שיע, בערלינערס הייזעררינג, די רויע לעבנס־באַדינגונגען אין װעלכע זיי זיינען אויסגעוואַקסן און געלערנט צו פֿאַרשטיין די וועלט. אָט זעען מיר די „קיוווער סלאָבאָדקע", די גאַרבע־רייען, קאָוואַרטאָווסקיס טאַרטאַק, ווו איינער פֿון די אַרבעטער פֿאַלט אַריין אין דער זעגמאַשין, דער שוסטער מאיר קאַראַסטע אין ווענעמס וואַר־שטאַטל עס קומען זיך צונויף געהיימע קרייזלעך. דער געמיינזאַמער קאַמפּס־אינטערעס בינדט צונויף דעם יידישן מיט דעם נישט־יידישן אַרבעט־מענטש. ווענווע רימערס זון, שיע, איז אין צענטער פֿון די געשעענישן. דאָס הויז ווערט באַוואַכט פֿון אומגעזעענע פּאָליציישע בליקן. רעוויזיעס, אַרעסטן. אַזוי גייען די יונגע מענטשן אַדורך דעם גיהנום פֿון דער פּוילי־שער דעפּענסיווע.

אין דעם דריטן טייל פֿון ווערק ווערן אין פֿאָדערגרונט אַרויסגערוקט די יוגנטלעכע ביי דער אַרויסלאָז־פּייערונג פֿון דער יידישער שול. „זיי טרעטן איצט שוין אַריין אין לעבן", ווי די לערערס דערקלערן זיי פּייער־לעך אויפֿן לעצטן שולאָוונט. די יוגנט האָט אָבער נישט דעם מינדעסטן אָנשפּאַר אין לעבן, קיין שום אויסזיכט פֿאַר עקאָנאָמישער עקסיסטענץ. עס איז די צייט ווען אין פּוילן הערשן די „פּולקאָווניקעס". דאָס לאַנד זינקט אין אַ שווערן, עקאָנאָמישן קריזיס. אַרבעטסלאָזיקייט אין די שטעט, הונגער אויפֿן דאָרף, דער אויסקוק פֿאַרן מאָרגן איז זייער פֿאַרוואָלקנט.

ביי די פּריצים אין די פּאַלאַצן שיכּורט מען און מען הוליעט. איינע פֿון די הוליאַנקעס ווערט געשילדערט אויפֿן הינטערגרונט פֿון די געזעל־שאַפֿטלעכע אויפֿטרייסלונגען אין לאַנד. אין העל באַלויכטענעם אָפֿיצירן־קלוב זעען מיר אַריינלויפֿן דעם וואַלד־אויפֿזעער קאָשובסקי, דעם פּאָליציי־שעף דעמיאַניוק, אָנזאָגן די בייזע בשורה, אַז די וועלדער ברענען. דערנאָך קומען פֿאַר אַרעסטן, פּייניקונגען אין אויספֿאָרשאַמט, שטאַנדגעריכטן, די באַשולדיקטע ווערן פֿאַרמשפּט צו לאַנגע יאָרן תּפֿיסה, — צו די אומרוען נעמט נישט קיין סוף.

די יידישע יוגנט איז זיך מקריב פֿאַר די אידעאַלן פֿון גערעכטיקייט. דער פּויער גייט אין פֿייער אַריין, ווייל ער האָט נישט וואָס צו פֿאַרלירן. די אָנגעזאַמלטע פֿאַרביטערונג דערפֿירט צו אַן אויפֿברויז, אָבער די פּאָלי־ציישע שטראָף־עקספּעדיציע דערשטיקט דעם אויפֿשטאַנד.

צום דערשיינען פֿון בוך „דער מאַרש אויף בריסק", האָט „די פֿראַנ־

צוויזישע סעקציע פון אַלוועלטלעכן קולטור־פאַרבאַנד״ איינגעאָרדנט אַ פייער־לעכן אָוונט. אין דעם אָוונט האָבן זיך באַטייליקט: זלמן שניאור, דניאל טשאַרני, ח. סלאָוועס, א. גאליצין (מוניע נאַדלער — דערשאָסן געוואָרן דורך די נאַציס אין 1942 אויפן מאָן וואַלעריאַן), דער קריטיקער אהרן בעקערמאַן (דעפּאָרטירט אין 1943) און אַנדערע.

זלמן שניאור איז אויף יענעם אָוונט אַרויסגעטראָטן מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„נאָך אַ מאָל איבערגעלייענט דאָס בוך. עס איז נישט צו פאַר־גלייכן דאָס לייענען שטיקלעכווייז אין אַ צייטונג, ווי דאָס לייענען מיט איין אָטעם, פון טאָוול ביז טאָוול. עס איז געזען מיט אָפענע אויגן, אונטערגעכאַפּט מיט אַ פאַרשאַרפטן געהער, און די שפּראַך איז געזונט און פולבלוטיק. עס איז אַ ווערק וועגן וועלכן די בעסערע יידישע קריטיק וועט זיך באַשטימט אָפּרופן מיט סימפּאַטיע און אויך דער ברייטער יידישער לייענער אין דער גאָרער וועלט״.

דער פּראָזע־מייסטער א. מ. פוקס האָט אין שייכות מיט שלעווינס ניי־דערשינענעם בוך, געשריבן אָט וואָס:

„די יונגע, יידישע פּראָזע איז טעמאַטיש רייך אין שילדערונגען פון יידישן לעבנס־שטייגער. אַלע דערשיינונגען, וואָס זיינען פאַר־וואָרצלט אין דער יידישער טראַדיציע פון דורות, ווערן דינאַמיש אַרויסגעשטויסן פון זייער אַלטער לעבנספאָרם, בעת די עלעמענטן פון נייע אידעען זיינען נאָך אָן אַ באַשטימטן אויסבליק. עס איז אַ געראַנגל אויפן שיידוועג פון סאָציאַלן אויפברויז, ווען דער יידישער מאַסנמענטש מיט זיין באַזונדער און אָפּגעזונדערטן אופן פון לעבן, מוז אַנטשיידן זיין גורל, וואָס ליגט נישט מער אין זיינע אייגענע הענט. עס איז דער מידת־הדין פון דער נייער צייט, וואָס גייט מיטן אייזערנעם טראָט פון מרידה און קאַמף איבער אין בלוט־אָנגע־טרונקענער ערד פון מזרח. בנימין שלעווינס ראָמאַן „דער מאַרש אויף בריסק״ געהער צו דער יידישער פּראָזע פון יענער גורל־שווערער תקופה פון איבערברוך אין יידישן לעבן, געשריבן אין אַ ניכטערן סטיל פון דער רעאַליסטישער פּראָזעקונסט מיט אַ רייכן

פאַרנעם פון האַנדלונג און באַוועגונג פון פאַרשוינען. כאָטש שלעווין איז אין זיין שרייבן מער מאָלער פון שאַרפער בילדערישקייט, איז אָבער די האַרמאָניע פון ווערק אַ פּסיכאָלאָגישע גאַנצקייט".

די ייִדיש־ליטעראַרישע עפנטלעכקייט איז נאָך דעמאָלט געווען אַן עקסיסטירנדיקער, ווירקנדיקער כּוח. זי האָט אַרויסגעהויבן דעם יונגן מחבּרס אייגנאַרטיקן אופן פון שילדערן אַ שטיק, ביז אים נישט באַ־מערקטע, ווירקלעכקייט. די קריטיק האָט אויפגענומען דאָס ווערק מיט באַזונדערער אָנערקענונג. דאָס האָט שלעווינען געגעבן מער מוט ברייטער און העכער צו פליִען.

עס איז טאַקע געווען אַ העכערער פלי, אָבער אַלץ נאָך איבער דעם זעלביקן שטח.

נאָך דעם ווי די בלוטיקע מלחמה־כוואַליע איז אָפּגעפלאָסן, מען האָט זיך צוריקגעקערט צום לעבן, האָט ב. שלעווין ווידער פאַרטראַכט אַ נייעם ראָמאַן, וואָס זאָל ברייט אַרומנעמען דאָס ייִדישע לעבן אין פּאַריז ערב און נאָך דעם טראַגישן מבול („די ייִדן פון בעלוויל", פּאַריז, 1948). די ערשטע דריי קאַפּיטלען — געשריבן אין אַ פאַרכאַפּנדיקן סטיל, ווייזן דעם וואַנדערוועג פון אַ נייַער ייִדישער מיגראַציע־כוואַליע אין דער וועלט אַריין, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. שלעווין שילדערט דעם „האָניק־חודש" פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט. דאָס דעמאָלטיקע וואַרשע, די אינפלאַ־ציע־בהלה, דאָס יורדישע הויז פון דעם סוחר אויף גענשע־גאַס, קלמן גרינבערגער. דער זון זיינער, בעני, דעזערטירט פון דער פּוילישער אַרמיי, בעת דאָס לאַנד ווערט אַריינגעצויגן אין אַ נייער מלחמה. ער וויל נישט גיין זיך שלאָגן מיט די באָלשעוויקעס.

אין צווייטן קאַפּיטל געפינען מיר זיך אין אַ ווינקל פון דער טיפּיש־ייִדישער גרענאַדיר־שטראַסע אין נאָכמלחמהדיקן בערלין, דעם מקום־מקלט פון אַ סך ייִדישע יונגעלייט, אַנטלאָפענע פון פּוילן. ווייטער ווערט אין דעם ווערק פונאַנדערגעוויקלט דאָס פילפאַרביקע בילד פון ייִדישן לעבן אין פּאַריז. דער סיפּור־המעשׂה פליסט ווי אַ שטראָמיקער טייך און לייענט

זיך מיט הנאה. דער סטיל איז דורכגעוועבט מיט זאַפטיקע, אידיאָמאַטישע אויסדרוקן און ווערטלעך, ווי עס רעדט דאָס פֿאָלק. עס ווערט דאָ אַרויס־געבראַכט די גאַנצע אימיגראַנטישע סביבה, דער געיעג פֿון אַ טייל זיך אַרויפֿצואַרבעטן, ווערן אַליין אַ „פּאַטראָן". נישט יעדן גליקט עס אָבער אָפּ, ווי דעם פּאַטראָן זשאָזעף. דער לעצטער דערמאָנט אונדז אין דעם טיפּישן „אָלרייטניק" אין אַמעריקע, וועלכער זוכט דורך ביליקער נדבנות זיך איינצוקויפֿן כּבוד, געזעלשאַפֿטלעכן אָנזען.

דורך דער גאַנצער סוזשעטישער האַנדלונג פֿונעם ווערק וועבן זיך אויס עטלעכע ליבעס: זשאַק מיט דער בריהש־נישט־פֿאַרשלאָפֿענער קריינדל, כּעמיעלע־אַנרי מיט בערט, יאַשקע מיט סימעלע, דער קעכין פֿון ייִדישן אַרבעטער־קלוב, דזשעק מיט זאָשקע, און צו לעצט דער דרייַעק זשאָזעף־רוזשעלע־בעני — זיי פֿאַרנעמען דאָס צענטראַלע אָרט אין דער געדיכט געשילדערטער סביבה אויפֿן בעלוויל. די אַלע ליבעס פֿאַרשאַפֿן אונדז נישט קיין גרויס נחת... דער געראַנגל פֿאַר פּשוטער עקסיסטענץ איז גאָר אַ שווערער. דערצו זייַנען די פֿאַרליבטע אונטער דער שטענדיקער מורא אַרויסגעשיקט צו ווערן פֿון לאַנד.

אַ רעליעף געצייכנטע געשטאַלט איז זשאָזעפֿס שוועסטער ראַשעל, אַן אומגליקלעך, פֿאַרזעסן מיידל. זי ווייסט אָבער וועגן אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין דער אַטעליע, און אויך וואָס עס קומט פֿאַר צווישן זשאָזעפֿס צווייט ווייב, רוזשעלע, און בעני.

די אַלע צווישנמענטשלעכע פּאַסירונגען, פּערזענלעכע אָדער בשותּ־פֿותדיקע איבערלעבונגען, קומען פֿאַר אויפֿן הינטערגרונט פֿון אַלגעמיינע געשעענישן אין לאַנד. דער מחבר ברענגט אַרויס אַ ריי הויפּטמאָמענטן, וואָס האָבן אַרויסגערופֿן דעם צאָרן פֿון פֿראַנצויזישן פֿאָלק: דער שווערער עקאָנאָמישער מצב, די טרויעריק באַקאַנטע סטאַוויסקי־אַפֿערע, די שטרייק־כוואַליע, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דאָס לאַנד מיט דעם געשריי: „דער פּרעמדער, דער אויסלענדער עסט אונדזער ברויט!"

זייער בולט איז געצייכנט די שיידליניע, וואָס טיילט פּסיכאָלאָגיש פֿונאַנדער דעם פּשוטן חי־וקיים, דעם גוטמוטיקן זשאָזעפֿן, פֿון דעם סוחריש ראַפֿינירטן בעני גרינבערגער, בענין — פֿון דעם ערלעכן פֿאַלקסמענטש זשאַק, וועמענס אַמביציעס זייַנען „פֿון גאָר אַן אַנדער שניט", אָדער גאָר דעם אָרנטלעכן אַדוואָקאַט ביילים פֿון דעם קאַריעריסט גאָלדבלאַט.

זשאַק און קריינדל זיינען אונדז שוין פון לאַנג באַקאַנט פון אַ פריִער־דיקער דערציילונג. דאָס אומקערן זיך צו פריִער שוין געשטאַלטיקטע פערסאָנאַזשן געהערט צו שלעווינס שרייבערישן מעטאָד. אים דאַכט זיך אַלץ, אַז ער האָט די פריִערדיקע כאַראַקטערן נישט גענוג געשטאַלטיקט און פאַרטיפט.

בעני און רוזשעלע, ווי עס מאָלט זיי מיט אַ זיכערער האַנט דער מחבר, דערזעען מיר אין זייער פולער גראַבהויטיקער נאַקעטקייט. ווען עס קומט די דייטשישע אָקופּאַציע, נעמען זיי זיך גאָר ווינציק איבער מיט דער סכנה, טראַכטנדיק, אַז אומקומען וועלן אַנדערע, נישט זיי. „ס׳שאַדט נישט, זאָל אייראָפּע אָפּגיין אַ ביסל אין בלוט״, זאָגט דער „לייטישער״, זעלבסט־זיכערער בעני. ער שטעלט זיך פאָר, אַז די מלחמה וועט אים ברענגען רייכ־טום. מען דאַרפט נאָר וויסן ווי אַזוי צו מאַניפּולירן אין אַזעלכע צייטן. די געלט־פאַרבלענדניש טרעט נישט אָפּ פון אים, ביז די מערדערהאַנט דערגרייכט אויך אים. און מאָדנע, ערשט אין לאַגער פילט זיך בעני ווי צוגעבונדן צו דעם אָרעמען ייִד, ווען ער האָט אַלע מאָל אויסגענוצט און באַליידיקט ביים אַרויסגעבן אים אַ ביסל אַרבעט. דאָ, אין לאַגער, ווייזט דער „פאַרוואַקסענער״ ייִד אַרויס מער מוט און וויטאַליטעט ווי בעני. ער פאַרגעסט אַלע עוולות פון זיין אויסנוצער און העלפט אים מיט וואָס נאָר ער קאָן. איצט פאַראייניקט זיי איין גורל.

אויך ביי רוזשעלען האָט דער סוחרישער גייסט אָפּגעטעמפּט דאָס ביסל מענטשלעכע ווירדע. זי לויבט ביז אין הימל אַריין דעם אויבערלייטענאַנטס פּערפידע העפלעכקייט. אָבער אויך איר אילוזיע פון אויסמיידן דעם ייִדישן גורל צערינט.

באַזונדערס שטאַרק זיינען די באַשרייבונגען פון די שלאַכטן אַרום דער מאַרנע. בעת די דייטשישע האָרדעס רייסן זיך אַריין און פאַרשווענקען דאָס לאַנד, ווייזן אויך די נישט־נאַטוראַליזירטע אימיגראַנטן אַרויס פּאַטריאָ־טישע איבערגעגעבנקייט צו פראַנקרייך. שוין דעמאָלט ווען עס איז פאַרגע־קומען דער שפּאַנישער בירגערקריג שליסט זשאַק זיך אָן אין דער פראַנ־צויזישער אַרמיי. אין דער איצטיקער מלחמה קעמפט ער פאַרביסן. די שלאַכט האָט אָבער גלייך אויסגעזען צו זיין אַ פאַרשפּילטע. ערשט אין געפאַנגענשאַפט, ווו ער פילט אויף אייגענער הויט די שׂנאה צו דעם ייִדישן מיטקעמפער מצד די סאָלדאַטן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן, ווערט אים

קלאָר דער יידישער גורל צווישן די פעלקער אין דער וועלט.

„די יידן פון בעלוויל", איבערגעזעצט אין פראַנצויזיש, איז דורך דער פראַנצויזישער קריטיק געוואָרן אויפגענומען ווי אַן אַנטדעקונג. זיי האָבן ערשט דערזען, אַז יידן זיינען נישט, סתּם, קיין רעליגיעזע סעקטע, נאָר אַ פאָלק מיט אַן אייגנאַרטיקער פסיכאָלאָגיע און כאַראַקטער. עס איז שלע־ווינס פאַרדינסט וואָס ער האָט דורך זיינע שילדערונגען אין דעם ווערק אריינגעבראַכט אַ ביסל קלאָרקייט אין דער פאָראורטייל־באַציִונג פון אַנדערע פעלקער צום ייִד. דער אָפּגעשפיגלטער גוראַנגל פון זיינע העלדן איז נישט בלויז אַ געראַנגל פאַר זייער אייגענעם דאָ־זיין, נאָר פון דעם קיום פון גאַנצן פאָלק.

4.

אין יאָר 1951 איז דערשינען ב. שלעווינס אַ ניי ווערק א"נ „געווען איז עס נעכטן" (פאַריז, 1951). דאָס זיינען געווען, ווי דער מחבר לאָזט אונדז פון פאָרויס וויסן, די ערשטע אָנווורפן פון זיין, מיט דער צייט איבערגעאַרבעטן, מער פלאַנירטן ווערק „חברים פון מוראַנאָווער ראַיאָן". אָבער אויך אין דער אומשלימותדיקער פאַרקערפּערונג איז דאָס בוך אַ באַשטימטע, שעפערישע דערגרייכונג.

אַ שטאַרקער, סטימולירנדיקער כּוח האָט געשטויסן דעם קינסטלער אָנצושרייבן דאָס דאָזיקע ווערק פון דער האַנט אַוועק. אַ כּוח, געטריבן פון אינערלעכער מורא עס זאָל, חלילה, נישט פאַרלוירן גיין פון אונדזער זכּרון אַ שטיק יידיש לעבן, וואָס איז געוואָרן אָפּגעמעקט דורך דעם היטלעריס־טישן משחית, אין זיין פינצטערן פאַרמעסט אין גאַנצן צו פאַרניכטן דאָס יידישע פאָלק.

שלעווין פרוווט דאָ אָנשטעלן זיין קינסטלערישן ליכטוואָרפער אויף דער צייט פון שפּאַנישן בירגערקריג ווען איבער דעם אייראָפּעיִשן הימל האָבן געגומען זיך אָנקלייבן פינצטערע וואָלקנס. באַזונדערס האָט אין אַ סכּנותדיקער פאַסטקע זיך געפונען דער טויזנטיאָריקער יידישער ישוב אין פוילן. בשעת די נאַצישע האָרדעס שטייען שוין נאָענט הינטער וואַרשע, נעמט דער בינעקינסטלער קורט ווינקלער שוין צום צווייטן מאָל דעם וואַנדערשטעקן אין האַנט, און צוזאַמען מיט הירשן קומען זיי דורך פאַר־

שידענע וועגן און אומוועגן קיין פראַנקרייך. עס נעמט נישט לאַנג, ווי אויך דאָס לאַנד ווערט באַהערשט פון דעם דייטשישן אָקופּאַנט. קיין צענטראַ־לער העלד ווערט אין דעם ראָמאַן נישט אַרויסגערוקט. די אַקס אַרום וועלכער עס וויקלט זיך די האַנדלונג וואָלט דאָ געדאַרפט זיין דער דיכטער הירש מאָליוואַר. ער איז אָבער נישט קיין פאַרענדיקטע געשטאַלט. איבע־ריקנס, איז דער מחבר דאָ אויסן געווען צו געבן אַ פולדיקע אָפּשפּיגלונג פון דער יידישער פאָלקס־אינטעליגענץ פון אונדזער אומרויִקער צייט. עס מערקט זיך נישט קיין עצמדיקער אונטערשיד אין דעם וועלטבאַנעם פון די פּערסאָנאַזשן. אויך קומען נישט פאָר צווישן זיי קיין דראַמאַטישע סיכסוכים דורך וועלכע מיר זאָלן דערקענען די אינדיווידועלע אייגנשאַפטן פון זייערע כאַראַקטערן. בשעת אַ הייסן וויכוח אין וואַרשעווער שרייבער־פאַראיין, טרעט קורט ווינקלער מיט שאַרפע דיבורים אַרויס קעגן דער נידעריקער מאָראַל פון דער פעלקער־ציוויליזאַציע, הלמאי זי רויבט אַוועק די מענטשלעכע רעכט פון דעם וועלטבירגער, דעם ייִד, וועמענס פיל־צוויַיגיקע פאַרדינסטן אין דער וועלט־געשיכטע זיינען געחתמעט דורך דורות. דערביי לאָדנט דער אַקטיאָר־אינטעלעקטואַל אויס זיינע, טיילווייז באַרעכטיקטע, אָבער היסטאָריש פאַרעלטערטע טענות צו די אַמאָליקע „שיינע ייִדן, די גרויסע סוחרים, די דאָן מאַנועלס, די לאָפּעזעס פון קאָרדאָ־ווע, פון פאָרטאָ און ליסאַבאָן, וואָס האָבן מיט זייער האַנדלספּלאַט גע־שניטן אַלע ימען״ און זיך איינגעבעטן ביי האָלאַנד, פראַנקרייך און דייטש־לאַנד „מען זאָל זיי לאָזן הויזן אונטער זייער דאַך, פאַרשפּאַרט אין אַ געטאָ״. קורט ווינקלער קלאָגט אָן די פריִערדיקע ייִדישע גענעראַציעס פאַר לאָזן זיך פאַרוויגן מיט משיחישע טרוימען אין זייער דורותדיקער שטרעבונג צו פאָלקס־דערלייזונג. ער דריקט אויס דעם ראַציאָנאַלן געדאַנק, אַז קולטור פון אַ פאָלק קאָן לעבן און געדייען ווען זי האָט אונטער זיך אַ געזונטן, דויערנ־דיקן יסוד.

שלעווין פאַרנעמט זיך ווייניקער אין זיינע שילדערונגען מיט ווינקל־דיקע פּרטים. פאַר אים איז וויכטיק דאָס אַרומיקע בילד, וואָס כאַראַקטע־ריזירט די גאַנצע סביבה. פון זיין באַריידעוודיקן סטיל באַקומט זיך דאָס געפיל ווי אַן אייגענער מענטש וואָלט מיט אונדז געזעסןביים טיש און אָן שפּראַכיקע פליטערלעך דערציילט וועגן מיטצייטלערישע פאַרלויפענישן וואָס זיינען, מער ווייניק, אונדז שוין באַקאַנט און דאָך וועקן זיי צו יעדער

צייט אונדזער אינטערעס. ערטערוויז באַנוצט זיך דער מחבר, פאַר שפּראַכ־לעכן קאָלאָריט, מיט אויסדרוקן פון דער אַמאָליקער פּויליש־ייִדישער פּראָווינץ, — די נאַטירלעכע אויסשפּראַך פון אַ טייל פּערסאָנאַזשן, וועלכע לאָזן זיך דערקענען אין דער גרויסשטעטישער ספּערע, הגם זיי זיינען לאַנג שוין אַוועק פון דער קליינשטעטלדיקער היים. שלעווין לאָזט זיך נישט אַריין אין ראָמאַנטיק, ווען עס קומט אויס צו שילדערן דאָס לעבן אין שטעטל, ווי מיר זעען דאָס נאָך היינט ביי אַנדערע מחברים. ער איז, בכן, אַ רעאַליסט אין זיין שאַפן. דער סטיכישער רעוואָלט פון די „אחדות״־ליט קעגן די אויסנוצערס, ווי געמאָלן אין וויסנבערגס „שטעטל״, איז אַ פּרימיטיוו־בונטאַרישער אויסדרוק פון באַלמעלאָכעס, אויף וועמען איטשעלע קאַמאַשנמאַכער זאָגט, אַז זיי זיינען „געהרגעט אויף דער עברי״. אין שלע־ווינס ווערק האָבן מיר צו טאָן מיט סאָציאַל־באַוווסטזיניקע, געזעלשאַפט־לעך־פאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן, זיי האָבן אַ ציל אין לעבן, דעם ציל איבערצואַנדערשן די וועלט.

אין „געוועזן איז עס נעכטן״ ווערט אָנגערירט דאָס פּראָבלעם פון גע־מישטע חתונות. שלעווין דערציילט דאָ זייער פיל וועגן דעם אימיגראַנטן־לעבן אין פראַנקרייך מיט זיינע פּלאָגן און מיט דער אַלטער צרה פון אַסימילאַציע. דוד מאָליוועד האָט גרויס צער וואָס זיינוול האָט זיך נישט אויסגעקליבן זיינס גלייכן פאַר אַ ווייב און חתונה געהאַט מיט דעם פראַנ־צויזישן מיידל. באַזונדערס בולט ווערט דאָ געשילדערט עוואַ, אָדער כאַוו־טשע, וועלכע לויפט פון איין סכּנה צו אַן אַנדערער. זי דערקענט צופעליק איר שול־חברטע, אַ נאָנע, יענע פירט איר אַריין אין קלויסטער זי אויס־צובאַהאַלטן פון דער געסטאַפּאָ. אָבער אויך פון דאָרט אַנטלויפט זי. כאַוטשע קערט זיך אום דורך אַלע סכּנות קיין פּאַריז און זוכט אויף זיינוולען אויפן בעלוויל. דער נאַצי־קעמפער פון דער אונטערערד נעמט זי אונטער זיין שוץ און געפינט פאַר איר אַ זיכערע מלינה. אין גאַנצן אַן אָפּגעפרעמדטע פון דער ייִדישער סביבה, איז כאַוטשע זיך איצט מוסר־נפש ביים ראַטע־ווען ייִדישע קינדער פון אומקום.

און טאָני מינסקער? נישט גענוג וואָס ער איז צעבראָכן פון צער און

וויטיק איבער דעם חורבן פון זיין פאָלק, איז ער נאָך געשטראָפט מיט אַ פערזענלעכן אומגליק. איינע פון זיינע טעכטער האָט גאָר חתונה מיט אַ דייטש. פאַרלאָזנדיק דאָס הויזגעזינד, איז ער „אַנטלאָפן צו זיך אַליין". אַ שאָד וואָס אָט די אינטערעסאַנטע געשטאַלט איז אין דעם ראָמאַן אַזוי ווייניק פאַרטראָטן.

אַ נעבנטעמע אין דעם ווערק איז די „אַריינגעפּאַסטע" דערציילונג „רות און נעמי". לויט אונדזער השערה האָט שלעווין געוואָלט פאַרענדיקן דאָס מלחמה־קאַפּיטל מיט דעם אויפבוי פון אַ נייעם ישוב אין פוילן. עס וווּנדערט אונדז וואָס דער מחבר האָט גראָד איצט צונויפגעפּאָרט קורט ווינקלערן מיט זיינוולען. אַ מענטש מיט שעפערישער ענערגיע, ווי עס איז קורט ווינקל, האָט דאָך געקאָנט זיין, לאָמיר זאָגן, אין אַוואַנגאַרד פון נייעם, געזעלשאַפטלעכן אויפבוי אין פוילן. מיר וויסן אָבער, אַז דאָס זיינען די ערשטע אָנווורפן פון אַ שפּעטערדיקן איבערגעאַרבעטן, מער פּלאַנירטן ווערק. ווען מיר אָפּוואַרטן די צייט און זען די נייע תקנות, וואָס שלעווין וועט אַריינברענגען אין דעם קומענדיקן וואַריאַנט פון דעם זעלבן ווערק.

# די „ברידער־כײַקין"־טרילאָגיע

דערוויל האָט שלעווין אָפּגעגעבן צען יאָר שעפערישע מי פאַר זיין טרילאָגיע „די ברידער כײַקין", וואָס נעמט אַרום אַ צייט־אָפּשניט פון איבער דרייסיק יאָר.

אין דער אַקציע פון דעם ברייט אַרומנעמענדיקן ווערק ווערן אַריינ־געצויגן טיפּן־כאַראַקטערן מיט פאַרשידענע אידעאָלאָגיעס, וואָס האָבן באַ־רייכערט דאָס ייִדישע לעבן אין מזרח־אייראָפּע מיט געזעלשאַפטלעכן שטייגער און אינהאַלט. אויך דאָ קערט דער מחבר זיך אום צו אַ ריי העלדן, וועלכע זיינען אונדז שוין באַקאַנט פון פריִערדיקע ווערק. דער דאָזיקער אומקער האָט ביי שלעווינען זיך שוין אָנגענומען ווי אַ מעטאָד, אָבער נישט אַלע מאָל פירט ער צו שלימות. נאָכפאָלגנדיק דעם שעפערישן וועג פון אַ שרייבער, איז אין אַזאַ פאַל שווער אָנצוצייכענען דעם בהדרגה־דיקן פאָרויסגאַנג אין זיין שאַפן. שלעווין איז אָבער צוגעגאַנגען צו זיין טרילאָגיע מיט אַ באַשטימטער טענדענץ. זיין כוונה איז געווען קינסטלעריש צו געשטאַלטיקן אַ גאַנצע עפּאָכע, אַרויסצוהייבן דאָס עיקר־ווערטלעכע, וואָס האָט געלייגט אַ חותם אויף דער צייט. דער דאָזיקער צוגאַנג שטעלט מיט זיך פאָר אַן ערנסטן פאַרמעסט. אין דעם ווערק באַשטייט דער טיפּאַזש פון סאַמע יגיע־כפּימניקעס — רימערס, שמידערס, סטעלמאַכעס, גאַרבערס פון וועלכע די ברידער דב, וואָלף און זאַלקע כייקין שטאַמען אַרויס.

דער מחבר באַזירט די האַנדלונג אויף רעאַלע פאַקטן און פּאַסירונגען פון אונדזער נישט וויטן עבר. און כאָטש די תקופה, וואָס ווערט אין דעם ווערק באַהאַנדלט, איז, לויטן באַגריף פון געשיכטע, אַ קליינער אָפּשניט פון צייט, זיינען די ראַשיקע, געזעלשאַפטלעכע אַנטוויקלונגען פון אַזאַ עפּאָכע־מאַכנדיקן פאַרנעם, וואָס ביי נאָרמאַלע באַדינגען וואָלטן זיי געהאַט אַן אָרט אין דער געשיכטע אַ סך יאָרן שפּעטער.

קודם וועגן דעם ערשטן באַנד „דאָס הויז אויף דער טאָפּאָלן־גאַס״ (פּאַריז, 1955). דער מחבר פירט אונדז ווידער אַריין אין דער מיטעלער פּראָווינצשטאָט ביים בוג, נאָך שווער דורכגעלעבטע צוויי מלחמות. די פּילסודסקי־לעגיאָנערן רייטן אַריין אין דער פעסטונגשטאָט בעת פון דער נאָענטער גרענעץ בלאָזן צוגווינטן פון דער רוסישער רעוואָלוציע. מיר זעען אויפוואַקסן אַן ענטוזיאַסטישע יוגנט, וואָס זוכט אַ ראַדיקאַלע ענדע־רונג אין זייערע אידעאָלאָגישע קאַמפן און בלאָנדזשענישן. איינער פון יענע ענטוזיאַסטן איז דער לערער ישׂראל אידעלסאָן. אַ פּאָליטיש פאַר־פאָלגטער, קערט ער זיך געהיים אום אין שטאָט אַריין. פון אים לערנען דעם שמידס זין דב, וואָלף און זאַלקע, דעם וועג פון לעבן. זיי פילן צו אים אַ גייסטיקע קרובהשאַפט און קומען צו אים אין בוידעמשטיבל, וווּ ער באַהאַלט זיך אויס פון דער פּאָליציי.

נאָר איין דב האָט זיך נישט אין גאַנצן אונטערגעגעבן סרוליקס השפעה. באַווירקט פון דעם חלוצישן געדאַנק, איז ער נאָך אין יענע יאָרן אַוועק קיין ארץ־ישׂראל „זוכן אַ באָדן אונטער די פיס״. דער מיטעלער וואָלף פאַרבינדט זיין גורל מיט דעם קאַמף פאַר פרייהייט אין לאַנד. און ווען עס ברעכט אויס דער בירגערקריג אין שפּאַניע, שוואַרצט ער גרענעצן און קומט קעמפן קעגן פראַנקאָ־פאַשיזם. אויך דער יונגער זאַלקע וואַקסט אויס צום צענטער פון די פּערסאָנאַזשן. שלעווין פירט אים אַדורך דורך אַלע צרות, וואָס אַ ייִד שטייט אויס אין דעם היטלער־גיהנום, ביז ער ברענגט אים צוריק צו זיין היימשטאָט, אַן אויסגעקוילעטע — אָן ייִדן.

געוויסע קאַפּיטלען גיבן דעם איינדרוק ווי זיי וואָלטן נישט געהאַט קיין סוזשעטישע שייכות צום ווערק. מען פילט, פון דעסטן, ווי דער מחבר באַמיט זיך נישט אָפּצווייטיקן פון דער טעמע. קיין כאַראַקטעריסטישע פיגורן ווערן אין דער האַנדלונג נישט אַרויסגערוקט. בלויז די געשטאַלט פון דעם לערער אידעלסאָן לאָזט זיך נישט פאַרגעסן. די לעצטע יאָרן וווינט ער אין וואַרשע. ער איז שוין מיד נאָכן „אַרויסגעבן פון זיך אַזוי פיל ענערגיע״. סרוליק איז אַ היסטאָריקער מיט אַן אַנאַליטיש טיפן בליק. ער זעט פאָרויס דאָס געשעענע. אַפילו ווען ער איז שוין צווישן די לעצט פאַרמשפּטע, הערט ער נישט אויף צו פאַרצייכענען די שווידערפאַקטן פונעם לעבן אין פאַרמאַכטן געטאָ.

וועגן וואָלף דערוויסן מיר זיך מער אין דעם צווייטן בוך פון דער

טרילאָגיע „אויפן פּאַריזער ברוק" (וואַרשע, 1956). ער איז איינער פון די, וואָס גיבן אָפּ זייער גאַנץ לעבן אין קאַמף קעגן דער נאַצי־חיה. זיין פרוי האָבן די דייטשן אומגעברענגט. דאָס לעבנגעבליבענע מיידעלע מאַכט דורך אַלע שרעקקאָשמאַרן פון אַ ייִדיש קינד אונטער דער מאַכט פון דער געשטאַ־פּאָ. דער קלימאַקס פון דער האַנדלונג אין „אויפן פּאַריזער ברוק" זיינען די לעצטע צוויי קאַפּיטלען, ווו עס ווערן געשילדערט די טראַגישע נאָכ־ווייען פון דער קוים איינגעשטילטער היטלער־מלחמה.

אין דריטן בוך פון דער טרילאָגיע „דאָס צוגעזאָגטע לאַנד" (פּאַריז, 1965), טרעפן מיר זיך מיט די צוריקגעקומענע פון די לאַגערס און בונ־קערס, ווי אויך פון די וועלדער — די פּאַריתומטע שארית־הפליטה, וואָס זוכט, נאָך אַזאַ בלוטאָפּפלוס, אַ מקום־מנוחה. אויף דער אויבערפלאַך פון ייִדישן לעבן אין פּאַריז שווימען צוריק אויף די פּאַרמלחמהדיקע כלל־טוערס, ווי דער אַלטער דירעקטאָר פון פּראָפעסיאָנעלער אויסבילדונג ביילים, זיין פרוי בעלאַ אַבראַמאָווגאַ, דער קהלשער קאָכלעפל דאַנציקער. פון דער שווייץ האָט זיך אומגעקערט דער פּאַריזער כלל־טוער מיכלסאָן, דער אַמעריקאַנער שליח דייווי מאָרגאַן און זיין מיטהעלפערין, די קלוגע, עלעגאַנטע טאַניאַ איסאַקאָווגאַ. דאַן וויקלט דער מחבר פאַר אונדז אויף אַ פּאַנאָראַמע פון מדינת ישראל באַלד נאָך דער באַפרייונג. מיר באַקענען זיך מיט דעם לעבן פון אַ קיבוץ, ווו עס געפינט זיך, זינט לאַנגע יאָרן, דער עלטסטער פון די כייקין־ברידער, דב. דעם פּיאָנער פון ישראלדיקן אויפבוי זיינען הייליק די פּרינציפּן פון סאָציאַליזם. ער זעט אָבער איין, אַז מען נייגט אָפּ פון דעם אָנגעצייכנטן וועג. דב פאָרט אין שליחות קיין איראָפּע איינצוהאַנדלען מאַשינען. ער איז אָבער נישט פון די שליחים, וואָס נוצן אויס די שליסל־פּאָזיציעס פאַר אייגענע אינטערעסן. דער אינטערעס פון דער מדינה שטייט ביי אים העכער פון פּערזענלכן לעבן. גלייך באַלערנדיק ווי אינטערעסאַנט איז דער שמועס צווישן דב און זיין ברודער וואָלף:

„מיר זיינען, אפשר, נאָך אַלעמען, געגאַנגען צו די זעלבע צילן, נאָר מיט פאַרשיידענע וועגן, אומוועגן און סטעזשקעלעך... אַלע בלאָנדזשען מיר צו ביסלעך. ס'איז די בלאָנדזשעניש פון אַ מענטש אַ זוכער. דער ציניקער, דער היפּאָקריט, בלאָנדזשעט נישט. מיר האָבן זיי, מיין איך, אויף אונדזערע וועגןביידע געגוג אָנגעטראָפן. ייִד

און מענטש באַדאַרף, לויט מיר נאָך, קלינגען ווי איינס און דאָס
זעלבע״.

אויך ביי וואָלפן איז וואָך דאָס געזונטע געפיל פון דעם ייִדישן פאָלקס־מענטש. ער קאָן נישט פאַרטראָגן די פאַלשקייט פון דעם כּלומרשטן כּלל־טוער, וואָס מיינט נאָר די טובה פאַר זיך אַליין. דב איז זיך משתּדל ביי דעם בעל־השפּעהדיקן דאַנציקער, ער זאָל העלפן זיין ברודער זיך נאַטור־ראַליזירן ווי אַ פראַנצויזישער בירגער. יענער לייגט אים פאָר פאַר דעם פּרייז אויסצופירן אַ קרומע שליחות, וואָס דב וואַרפט אָפּ מיט עקל.

שלעווינס פאַרכאַפּנדיקער אופן פון דערציילן וועקט דעם לייענערס אינטערעס. פאַראַן אין דעם ווערק דאָס מיטצייטלערישע, וואָס הייבט אַרויס און באַשיינט אונדזער דור. די אַלע, וועלכע האָבן מיט אָפענע אויגן געקוקט אויף דער היסטאָרישער ווירקלעכקייט פון אונדזער צייט, געפינען אין די איבערלעבענישן און געזעלשאַפטלעכע געראַנגלען פון שלעווינס טיפּן און פאַרשוינען די אָפּשפּיגלונג פון זייער אייגן לעבן און קאַמף. דערפאַר איז ב. שלעווינס טרילאָגיע „די ברידער כּיַקין״ אַ ווערק פון אונדזער צייט.

אין 1958 דערשיינט שלעווינס „די גאָלדענע אילוזיע״ (פּאַריז, 1958). דאָס בוך טיילט זיך קוים אויס מיט עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אין אינהאַלט זיין אַנדערש פון די פריִערדיקע ווערק. דער מחבר צאַלט דאָ ווידער זיך קינסטלעריש פונאַנדער מיט געוויסע העלדן שוין באַקאַנטע פון פריִער, וואָס זעט אין אונדזערע אויגן שוין אויס צו זיין אַן אוממאָטיווירטע איבער־חזרונג. ווידער ווערט דאָ באַרירט די ברוטאַלע דייטשישע אָקופּאַציע אין פראַנקרייך, די זעלבע פשוטע ייִדן פון בעלוויל, שרעק און מורא, פאַר־צווייפלונג — אָבער אַנדערש דערציילט. דער סטיל איז דאָ אַ מער האַסטי־קער. דער אופן פון שילדערן — געאייַלט, כאַטש גאַנץ געדיכט.

פאַראַן, אפשר, אַ פּסיכאָלאָגישע סיבה, וואָס באַווירקט שלעווינס אומ־געזאַמטן אויפכאַפּן בילדער און סיטואַציעס. די טאָג־טעגלעכע פאַרלויפע־נישן יאָגן איינס דאָס אַנדערע מיט אַזאַ גיכקייט, אַז דער שרייבער וויל באַוויַזן דאָס געזעענע גלייך אויפצוכאַפּן מיטן אויג און מיט דער פּען. אָבער קיין נייס ברענגט ער דאָ נישט אַריין סיי טעמאַטיש און אויך נישט אין קינסטלערישן פאַרנעם. דאָך לייענען זיך שלעווינס קורץ געפאַסטע שילדערונגען מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. פון די אימפּרעסיווע שטריכן באַקו־

מען זיך טייל מאָל בילדערישע געמעלן, וואָס שפּיגלען אָפּ גאַנצע צייט־אָפּשניטן. פּאַר אַ באַווייז לאָמיר דאָ ציטירן פאָלגנדיקן פּאַסוס:

„אין הייסן מיטזומער ווען דאָס ווייב מיטן יינגל זיינען פאַרבליבן אין די בערג, האָט זיך איסר, איינער אַליין, אַרומגעדרייט אין שטאָט. ער איז אין די שטיקנדיקע אָוונטן אַרומגעקראָכן איבער די אַלטע געסלעך פון פּאַריז, אין די שפּורן פון דער פּוילישער אימיגראַציע פון גייסט; אין די שפּורן פון מיצקיעוויטשן, וועלכער איז דאָ מיט איבער הונדערט יאָר צוריק איין מאָל געקומען אָנצופאָרן אין אַן אַלטמאָדישן פּאַיעטאָן אין לאַטיינישן קוואַרטאַל, אין די שפּורן פון טאָוויאַנסקין, פון נאָרווידן — די טרעגערס פון פּוילישן מעסיאַניזם, וועלכע האָבן זיך דאָ געוואַלגערט אין די אָנגערויכערטע ביר־קעלער־האַלעס אויפן לינקן ברעג סען; אין די שפּורן פון די אַלטע, יידישע אימיגראַנטן פון די 80ער יאָרן, וואָס זיינען געלאָפן פון די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד, אויפן וועג קיין אַמעריקע און זיינען דאָ שטעקן געבליבן, אויפגעלעבט דאָס קאַסקעטן־פאַך, דאָס שניידער־פאַך. ער איז געגאַנגען אין די שפּורן פון גלות״.

איסר, דער אַנטוישטער יידישער פאָלקס־אינטעליגענט, קוקט אויף דער וועלט מיט אַ ברייטן, קלאָרן בליק. ער וויל אָבער זיך נישט אויסטאָן פון דעם אַלעם, וואָס איז אים דורותדיק נאָענט און אייגן. אים מאַטערן האַרבע פראַגן וואָס שייך געשיכטע און וויטערדיקן קיום פון זיין פאָלק. אים איז שווער שלום צו מאַכן מיט דעם פאַקט וואָס זיין זון, דער יונגער דאָקטער, האָט גענומען דאָס קריסטלעכע מיידל פון דאָרף פאַר אַ ווייב. דאָך ווייזט ער אַרויס צו דער שנור צוגעבייגטקייט און טאָלעראַנץ.

אויך אַנרי, דער רעוואָלוציאָנער, איז אין קאָנפליקט מיט דער וועלט. ער איז אויך יידיש אָנגעווייטיקט. ביידע, אי איסר, אי אַנרי, ווי זיי וואָלטן געטראָפן געוואָרן פון איין גורל, קאָנען זיך נישט צופּאַסן צום גייסט פון זייערע ווייבער, דער מוטער מיט דער טאָכטער. די געלט־גייציקע שיינדל, איסרס צווייטע פרוי, וויל נישט רעזיגנירן פון דעם גאָלד־אוצר וואָס איר ערשטער מאַן, דער שניידער, האָט ערגעץ פאַרשטעקט אין די אַלטע לופּטעס פון אַ הויז, איידער די דייטשן האָבן אים דעפּאָרטירט. די קאַפּריזנע סוזאַן, די טאָכטער, איז אַ פאַרשלאָסענע אין זיך, אַ געליטענע און אָפּגעפרעמדטע

פון זיי אַלעמען. שיינדל וויל צובינדן צו זיך דעם פיל ייִנגערן אַנרי, אַרייַנ־ציִען אים אין אירע סוחרישע פּלענער. דערווייל פאַרפּלאָנטערט זי אים מיט איר טאָכטער.

דורך אַ ריי נעגאַטיווע שטריכן, וואָס זייַנען כאַראַקטעריסטיש פאַר אַ געוויסן טיפּ ייִדן, גיט דער מחבר אונדז אַנצוהערן וועגן דער נישטיקייט פון יענע מענטשן, וואָס יאָגן זיך נאָך רייכטום אין אַ צייט ווען דאָס לעבן איז באַדראָט ווו נאָר זאָלסט זיך נישט קערן און ווענדן.

טיפּיש איז דער אַדוואָקאַט וואָלפע מיט דעם וואָס ער לאָזט זיך מיט־רייסן פון שיינדלס געלט־האַלוצינאַציעס. זי וויל דורך אַלע וויטגייענדיקע השתדלותן באַקומען צוריק די דירה, ווו עס ליגט באַהאַלטן דער אוצר... צום סוף שלעפּט זי אַרויס פון די פאַררויכערטע לופטעס אַ פאַרסאַזשעטן ציגל...

עס פעלן נישט אין דעם בוך קיין פּרעכטיק געמאָלענע בילדער פון פראַנקרייכס נאַטור. דאָס איז דער הינטערגרונט פון אַלצדינג, וואָס ווערט אין דעם בוך דערציילט. די קאַפּיטלען לייענען זיך אָבער ווי באַזונדערע פראַגמענטן, ווייל עס פעלט אין זיי די אַקס אַרום וועלכער עס זאָל זיך דרייען דאָס ראָד פון אַן אויספלאַנירטער פאַבולע. דאָך האָבן די קאַפּיטלען פאַר זיך אַליין אַ ליטעראַריש־קינסטלערישן ווערט און לייענען זיך מיט אינטערעס.

דאָס פאָרוואָרט צום בוך „די גאָלדענע אילוזיע" איז אַן אויפטרייס־לענדיקער אָפּרוף פון מחבר אויף דעם גרויזאַמען משפט, וואָס דאָס „ערשטע לאַנד פון סאָציאַליזם" האָט אַרויסגעטראָגן איבער דער ייִדישער קולטור און אירע שעפערס — אַ משפט פון רציחה און פאַרניכטונג.

דער דאָזיקער הימל־געשריי רירט אונדז אַלעמען אָן און טאָר נישט פאַרגעסן ווערן, און אַוודאי נישט בלייבן אומדערהערט.

## 6.

מיר האָבן שוין אויבן אָנגעמערקט די שייכות פון דעם ראָמאַן „געווען איז עס נעכטן" מיט די „חברים פון מוראַנאָווער ראַיאָן" (פּאַריז, 1961). דער מחבר האָט דאָ שטאַרק אויסגעברייטערט די פאַבולע. ער שילדערט דאָס

הויז פון דעם ציוניסטישן עסקן אַדאַם נאַטאַנזאָן, און דער עיקר, זיין זון, יאַנעק, אַ רעוואָלוציאָנער, אָבער אין גאַנצן דערווייטערט פון ייִדישקייט. אין „חברים פון מוראַנאָווער ראַיאָן" ענדיקט זיך דאָס ווערק מיט דער ייִדישער מאַסן־עמיגראַציע פון פוילן. עס ווערט דאָ אָפּגעשפּיגלט די טראַגעדיע פון אַ דור נאָך דעם חורבן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה בעת דער קוים זשיפּענדיקער ייִדישער ישוב אין פוילן ווערט פאַרטריבן.

דורך דער צייט צווישן ביידע וועלט־מלחמות האָט אין ווײַסל־לאַנד געשפּרודלט אַ פילפאַרביק ייִדיש לעבן. שעפערישע כוחות האָבן זיך געריסן פון אונטער דער ערד. דאָס איז, באמת, געווען אַ תקופה פון שטורעם און דראַנג. די יוגנט, אָן אויסזיכט פאַר דער צוקונפט, איז ענטוזיאַסטיש געווען פאַרגלויבט אין אַ הויכן אידעאַל. זי האָט איבערגעריסן מיט די אַלטע לעבנס־פאָרמען, אָפּגעזאָגט זיך פון פערזענלעכן גליק, אויסגעטאָן זיך פון משפּחה־עול און געגאַנגען אין אַלע פייערן לטובת הכּלל.

ווי אַ רעאַליסט בויט שלעווין די האַנדלונג פון דעם ראָמאַן אויף געשעענע פאַקטן. אינעם ערשטן טייל זעען מיר די אָרעמקייט אין לאַנד, דעם געראַנגל פאַר עקסיסטענץ. דאָ טרעפן מיר זיך ווידער מיט דעם פאַרטרעטער פון פוילישן ייִדנטום אין סיים, דעם פובליציסט אַדאַם נאַטאַנזאָן. ער זעט פאָרויס דעם גורל פון די ייִדן אין פוילן. ער וואָרנט אין זיינע רעדעס און אַרטיקלען די יוגנט, זי זאָל אַוועק, ווייל זי האָט גאָרנישט צו דערוואַרטן אין דער פוילישער מדינה. אין סיים איז זיין שטים האַרב און מאָנענדיק. די דעפּוטאַטן פון רעכטס ביז לינקס מוזן באַוווּנדערן זיין קלאָרן געדאַנק, די זאַכלעכקייט אין זיינע רעדעס, אָבער זיי לאַכן אים אויס און פאַרווילן זיך אויף זיין חשבון.

דער זון יאַנעק גייט נישט אין די וועגן פון זיין פאָטער. אים אינטערעסירט נישט דער ייִדישער גורל. ער וועט זיך אָבער שפּעטער אויף אייגענער הויט איבערצייגן, אַז אַנטלויפן פון אייגענעם אָפּשטאַם איז נישט קיין אויסוועג. דאָס איז געווען ווען ער איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער פּאָליציי. דער גראָבהויטיקער פּאָליציי־שעף וואַרפט אים אין פּנים אַריין, אַז אין חשבון פון פוילישן אַרבעטער און פויער, ווערט דער ייִד אין גאַנצן נישט גענומען אין באַטראַכט. יאַנעק קוקט אויף אים מיט פאַראַכטונג, אומדערשראָקן.

גאָר פון אַן אַנדערער סביבה קומט יאַנעקס חבר, אהרן. ער האָט,

ווי שלעווין כאַראַקטעריזירט אים, אַריינגעוועבט אין זיינע לידער „דעם אינערלעכן גערֹאַנגל מיט דער מאַמעס שבת־ליכט". אהרן זעט אייַן, אַז דער אייגנטלעכער ציל פון זייער קאַמף איז דאָך אַריינצוברענגען אַ ביסל ליכט, אַ טראָפּן פרייד אין דער אָרעמער, יידישער גאַס.

אָנהייב דרייסיקער יאָרן, ווען דאָס לאַנד לעבט איבער אַ טיפן קריזיס, גייט אויף דורך דער יונגער יידישער דיכטונג דאָס געשריי פון אַ דער־שטיקט יידיש לעבן. שלעווין וויקלט אויף פאַר אונדז די סביבה פון יידישע שרייבערס, וועלכע זוכן אַריינצוברענגען אַ שטיקל ענדערונג אין אונדזער טרויעריקער ווירקלעכקייט. אָבער אהרנס פלאַמיקע רייד וועגן דער „יידישער רעאַליטעט" דערגייען נישט צו יאַנעקס אויערן. ער פּרוווט געשיקט אויסבאַהאַלטן זיין יידישקייט.

יאַנעק האָט מיט דער ניי־אָרגאַניזירטער פּוילישער אַרמיי געשטור־רעמט לובלין, ווו עס האָט זיך פאַרמירט אין 1944 די נייע פּוילישע רעגי־רונג. ער האָט זיך באַטייליקט אין קאַמף צו באַפרייען וואַרשע פון נאַציִשן אָקופּאַנט, אים איז אין נייַעם פּוילן אָנפאַרטרויט געוואָרן אַ מלוכה־אַמט — דאָס אַלץ האָט געשטאַרקט זיין גלויבן אין „סאָציאַליסטישער גערעכ־טיקייט". ערשט ווען מען האָט אים מיט פייגלען אַראָפּגעוואָרפן פון לויפנ־דיקן צוג, האָט ער באַנומען די דורותדיק־איינגעוואָרצלטע שנאה צום ייד. אויפן רעיון זייַנען אים אויפגעקומען די רייד פון זיין פאָטער, בעת ער איז געקומען פון ישראל צו דער אויפדעקונג פון דעם געטאָ־דענקמאָל:

„— פאַרשטיי איין מאָל פאַר אַלע מאָל, יאַנעק, אויך אין דער פּראָגרעסיווער וועלט רעכנט מען זיך נאָר מיט אַ פאָלק, וואָס האַלט אַ ביקס אין האַנט".

און אהרן? אין די האַניק־חדשים פון נייעם פּוילן איז ער געווען פאַר־כאַפּט פון יידישער ענערגיע אין די בעל־מלאָכהשע און לאַנדווירטשאַפט־לעכע קאָאָפּעראַטיוון אין נידערשלעזיע. מען האָט אילוזאָריש געהאָפט, אַז די יידן וועלן דאָ, אפשר, געפינען אַ געזונטן יסוד צו לעבן. דער געדאַנק גייט אים נאָך זינט ער איז געשטאַנען ביי דער שקלאַפנאַרבעט אין בייערן, אין דייטשלאַנד.

„— ווען מען זאָל זיי, אַ שטייגער, געווען אַזוי אַ זאָג טאָן, די יידישע שניידערס: איר זענט פריי! גייט אייך אָוועק אין עק וועלט

אַריין, רייסט דאָרט אויף די פעלזן, לייגט דורך אַ שאָסיי, פאַר־
אַקערט די ערד, בויט אויף פאַר זיך אַליין אַ דאַך איבערן קאָפּ. נאָך
וואָס זיך אַרומדרייען אין פרעמדע, גרויסע שטעט מיט דער נאָדל
אין לאַץ? צי וואָלטן זיי עס ענדלעך פאַרשטאַנען?"

אין יענעם גיהנומדיקן מצב ווען יעדע מינוט לעבן איז געווען אין
סכנה, קלינגט אהרנס געדאַנק, גראָד ביי דער שקלאַפנאַרבעט, בטלנותדיק.
האָט מען דען פאַר דער מלחמה און מיט אַ סך יאָרן פריִער נישט פיל גע־
טראַכט און פּאָלעמיזירט וועגן שאַפן אַ געזונטן יסוד פאַר דעם יידישן
לעבן? דער דיכטער האָט זיך דערמאָנט דעם פּלאַם, וואָס האָט אין יענע
יאָרן אַרומגעכאַפּט די יִדישע יוגנט אין די שטעט און שטעטלעך אין
פּוילן צו פאָרן קיין ביראָ־בידזשאַן. יענער פּלאַם האָט אים דיכטעריש אָנגע־
רעגט. פאַר וואָס זיינען זיי אַהין נישט אַוועק? — פרעגט דער דיכטער,
ווי שלעווין הייסט אים — ווײַל ווען זיי וואָלטן פינצטערע האַנט האָט צעשטערט אָט די
פּשוטע, געזונטע לייזונג פאַר אונדזערע אומגליקן?...

דורכן מויל פון אהרנען וואַרפט דער מחבר, מיט פּאָליטישער נאַיִווי־
טעט, די שולד פון בירא־בידזשאַנער דורכפאַל אויף יענע, וועלכע האָבן
נישט געוואָלט פאַרלאָזן די „וואַרעמע" היימען, נישט וויסנדיק, אַז די דירעקט
שולדיקע אין דעם טראַגישן דורכפאַל זיינען די אָפיציעלע פאַקטאָרן פון
דער סאָוויעטן־מלוכה. אין אַ רעאַליסטיש ווערק, וווּ דאָס דערציילערישע
שטיצט זיך אויף דעם אמת פון לעבן, דאַרפן גורל־פראַגן אָפּגעשפּיגלט
ווערן לויט דער פולער באַקאַנטשאַפט מיטן אמת.

די אידעע פון פּראָדוקטיוויזאַציע ווערט אין דעם בוך אַרויסגערוקט ביי
פאַרשידענע סיטואַציעס. ערגעץ האָט שלעווין אונדז שוין דערציילט וועגן
אַ טייל פון די לעבנגעבליבענע יידן, וועלכע זיינען נאָך דער מלחמה בעסער
געגאַנגען אין פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס, געלעבט, ווי עס גייט דער
זאָג, אויף גאָטס חשבון. דאָ מאָלט דער שרייבער אַן אַנדער טיפּ ייִד.

„ — ווי מיינט איר — האָט שייַע געבעדט צו שלמה הורוויצן —
איז דען נישט גלייכער אַליין אַרויסצושלעפּן דאָס שטיקל ברויט פון
דער ערד, ווי צו לויפן אין די קאָמיטעטן?..."

דער אַגראָנאָם שייַע איז צופרידן „אַרויסצושלעפּן דאָס שטיקל ברויט
פון דער ערד", דאָך נאָגט אים אַן אַנדער געפיל: „אוי, ווען מיר האָבן אַזאַ

שטיקעלע ערד אין עמק, אין נגב..."

שייע באַווייזט דאָ זיינע ספיקות אין „זייער" סאָציאַליזם. אַמאָל האָבן די שייעס אַזוי נישט געטראַכט. מען האָט זיך נישט פאַרגעשטעלט, אַז אין „נייעם דעמאָקראַטישן" פוילן זאָל מען אין די קרייזן פון הויכן באַאַמטנ־טום פילן די שׂנאה צום ייִד. די אייביקע ייִדן־פראַגע! מען נוצט אויס זייערע פעיִקייטן ביז מען דאַרפט זיי נישט מער. דער חבר זלמן, „די לעבע־דיקע לעגענדע פון מורדזשיעל", פרעגט זיך אַ רעזיגנירטער:

„— ביי וואָס זיינען מיר פאַרבליבן? די שטורמישע יוגנט...

מיר האָבן זי פאַרשפּילט אין אַלע שלאַכטן. מיר גיבן זי נאָך אַלץ אַוועק צו אַנדערע".

די ייִדן פון פראַנקרייך האָבן פון די מזרח־אייראָפּעיִשע לענדער מיט־געברענגט מיט זיך די שענסטע ייִדישע טראַדיציעס. אין די טעג פון פאַלקספראָנט, אין דעם ווידערשטאַנד בעת דער היטלער־אָקופּאַציע — אומעטום האָבן ייִדן געגעבן זייער קרבנותפולן ביישטייער פאַר גלייכבאַ־רעכטיקונג און ווילזיין פון דער וועלט.

פאַר דעם דריטן טייל פון דעם בוך איז דער נאָמען „די זון פאַרגייט אין פוילן", ריכטיק צוגעפּאַסט. אינעם ערשטן טייל ברענגט דער שרייבער צום אויסדרוק די רעוואָלוציאָנערע ראָמאַנטיק. אין צווייטן טייל טאָטשעט דער וואָרעם פון צווייפל. אינעם דריטן טייל קומט דער לעצטער קלאַפּ פון יאוש און אַנטוישונג.

אין תּוך איז נישט פאַראַן קיין פונדאַמענטאַלער אונטערשייד צווישן דעם ערשטן און צווייטן וואַריאַנט פון דעם ראָמאַן „חברים פון מוראַנאָווער ראַיאָן". נישט מער דער שרייבער האָט דאָ אויסגעוועבט אַ ברייטערע קאַנווע פון ייִדישן לעבן אין אַלט באַזעסענעם פוילן און אין דעם ניי באַ־זעסענעם פראַנקרייך. זיינע שילדערונגען זיינען אַ מקור צו דערקענען דעם כאַראַקטער פון פוילישן ייִד. פאַראַן אין דעם בוך געוויסע אומפּינקטלעכ־קייטן פון כראָניקאַלן, וואָס וועט, מיט דער צייט, אָננעמען היסטאָרישן כאַראַקטער. מיר געפינען ביי שלעווינען קורץ געפּאַסטע עפּיזאָדן, וואָס דערציילן אונדז גאָר אַ סך. אַ מאָל כאַפּט זיך אַריין אין זיינס אַ באַריידעוו־דיקער שילדערונג אָן איבעריקער, מילד זיך אויסגעדריקט, שטריך וואָס נעמט זיך, אַוודאי, פון האַסטיקער, שרייבערישער ווערווע. אָבער דער פּגם אין געמעל בלייבט...

אין ב. שלעווינס ראָמאַן „חברים פון מוראַנאָווער ראַיאָן" ווערן אויף אַ רעאַליסטישן שטייגער, אַרויסגעבראַכט ביטערע אמתן, וואָס זיינען במשך פון לאַנגע יאָרן פאַרשוויגן געוואָרן דורך אַ טייל פון אונדזערע לייַבלעכע אָפּשטאָם־ברידער, די בלב ונפש איינגעגלויבטע אין אַן אידעאַל, וואָס האָט זיי פאַרפירט און דערפירט צו לעצטער אַנטוישונג.

7.

דער ייִדישער שרייבער אין אונדזערע טעג איז כּסדר באַהערשט פון אַ געפיל פון חשבון־הנפש. דער מעמד פון דער ייִדישער ליטעראַ־טור, פון דער ייִדישער קולטור בכלל, לאָזט אים נישט צו רו. ווי שטאַרק עס זאָל נישט זיין זיין אמונה אין דעם דויערנדיקן המשך פון ייִדיש־שעפערישקייט, מאַטערט אים דער יאוש פון לעצטיקייט. פאַרשידן זיינען די עווענטואַליטעטן אין דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק. עס קאָנען, גאַנץ מעגלעך, אויפקומען נייע, קולטור־שעפערישע כּוחות, וואָס פאַר זיי וועט ייִדיש זיין דער אינטימסטער אויסדרוק פון זייער פילן און טראַכטן.

דערוויל איז דער ייִדישער שרייבער דורכגענומען מיט דעם געדאַנק איינצושפּייַכלערן זיין פאַרמעג ווי ער וואָלט געטראַכט: מילא, איצט ווערן ייִדישע ביכער ווייניק געלייענט. לאָמיר וואַרטן אויף בעסערע צייטן, ווען דאָס שאַפן אויף ייִדיש וועט ווידער אויפגעריכט ווערן אין פאָלק.

מיט אָט דער מחשבה, מיינען מיר, האָט ב. שלעווין אָפּגעקליבן זיין רעטראָספעקטיווע זאַמלונג „געקליבענע דערציילונגען" (פּאַריז, 1933—1963), אַרויסגעגעבן דורך אַ ביכער־קאָמיטעט צום דרייסיק יאָריקן יובל פון זיין שאַפן.

מיר ספקן צי דאָס זיינען אין פולן זין פון באַגריף רעטראָספעקטיווע

שאַפונגען. אין אונדזערע אויגן זיינען זיי דערציילונגען, אָדער פראַגמענטן אַרויסגענומען פון נישט לאַנג צוריק דערשינענע ווערק. אָבער ווי עס זאָל נישט זיין, איז די זאַמלונג „געקליבענע דערציילונגען" אינטערעסאַנט.

די ערשטע דערציילונג אין דעם באַנד טראָגט דעם נאָמען „אהרן מיט די בנים", אַ קאַפּיטל פון דער טרילאָגיע „די ברידער כייקין", געשריבן אין רייפסטן פּעריאָד פון שלעווינס שאַפן. אין בולטע שטריכן ווערן דאָ געצייכנט די כאַראַקטערן פון די דריי ברידער און זייער פאָטער. ס'איז די צייט פון דער דייטשישער אָקופּאַציע בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַ צייט פול מיט געפאַרן און הפקר. די מורא פון דעם ייִדן צו וווינען אין אַ פאַרוואָרפן דאָרף צווישן ווייסרוסישע פויערן — דאָס אַלץ ווערט געמאָלן מיט אַ זיכערער האַנט.

פאַרשידן זיינען די גורלות פון אהרן־לייבס זין. אין דער דערציילונג „אין די האַרינער וועלדער" פירט דער מחבר דעם ייִנגסטן פון אהרן־לייבס בנים, זאַלקע, דורך אַלע גרוילן און געפאַרן. ער האַלט זיך אויף אין די שטעלער ביי אַ פּאָפּ און פאַראַסקע, דאָס דאָרפישע מיידל, העלפט אים זיך לאָזן אין וואַלד אַריין צו די פּאַרטיזאַנער. זאַלקע איז אַ פּראָסטער בשר־ודם, אָבער צו וואָס ער דערטראַכט זיך, איז דאָס פּשוט און אָפן געמיינט.

אין איינער פון די „געקליבענע דערציילונגען („אין חודש אַפּריל") באַגעגענען מיר ווידער דעם לערער און היסטאָריקער ישׂראל אידעלסאָן, דעם קעמפער פון וואַרשעווער געטאָ. מיט די לעצטע כּוחות שלייכט ער איבער די גאַסן פון אַרומגעמויערטן געטאָ, קלעטערט אויף די בוידעם־באַהעלטענישן, דרינגט אומעטום אַריין צו פאַרצייכענען די פאַקטן פון גרויל און אומקום. אויף איינעם פון די חרובע עטאַזשן זעצט ער זיך אַוועק אָפּרוען. ד... דערקענט ער פּלוצים זיינעם אַ שילער, אַ יונגן אויפשטענדלער. די באַגעגעניש, ווי דער קינסטלער שילדערט זי, דער דיאַלאָג צווישן זיי, איז אין דער אָנגעשטרענגטער פייער־ און מרידה־אַטמאָספער פון הויכער דראַמאַטישקייט וועגן דעם גורל פון אונדזער פאָלק.

צו די טיפן פון הויכן גייסט געהערט אויך טאָני מינסקער („אין די אַלטע שפורן"). ער לעבט דורך די טיפע טראַגעדיע פון מאָראַלישן אַוועקגאַנג פון זיין ווייב מיט די טעכטער בעתן נאַצישן גיהנום און זייער אָפּגעפרעמדקייט פון זיינע אידעען. מען זעט, ווי זיי לאָזן אין גאַנצן זיך אַוועק מיטן וועג פון טאָטאַלער אַסימילאַציע. טאָני קאָן מער נישט אָטעמען מיט

דער פּאַרפּעסטעטער לופט אין הויז. די עלטערע טאָכטער און זיין ווייב לאָזן זיך באַאײַנפלוסן פון דעם באַראָנס זון, דעם פאַשיסט. טאָני איז גייסטיק צעבראָכן. ער איז אַוועק, „מער קיין מאָל נישט אומצוקערן זיך".

אַן אויטענטיש בילד פון „באַפּרייטן פּוילן", פון די לעבנגעבליבענע פון די לאַגערן און וועלדער, איז די דערציילונג „רות און נעמי". דער טאַטע זייערער, שלמה הורוויץ, אַ פּאַרטיזאַן פון די ווייסרוסישע וועלדער, מיינט, אַז אין נידערשלעזיע, וואָס איז אַרויסגעריסן געוואָרן ביי די דייטשן, וועלן ייִדן קאָנען אויף ס'נײַ בויען אַ לעבן. ער איבערצייגט זיך אָבער שנעל, אַז דאָס זענען שלעסער געבויט אין דער לופט. ער זעט באַלד איין, אַז דאָס צווייטע ווייב זיינס, וואָס „טויג" זיך צו אַלצדינג אויס, איז אויך נישט פאַר אים און גייט זיך מיט איר פונאַנדער.

שלעווין ווייזט אונדז דעם תהום, וואָס צעטיילט מענטשן מיט שאַרף קעגנזעצלעכע אייגנשאַפטן. דאָרט ווו ער שילדערט דאָס לעבן אויפן פאַרם, פילט זיך די וואַרעמע באַציִונג צום האָרעפּאַשנעם מענטשן מיט זיין אומחשק זיך אַוועקצולאָזן אין פרעמדע מקומות צו פאַרדינען זיין שטיקל ברויט. און דאָרט ווו ער ווייזט דעם אומפּראָדוקטיוון ערב־רב, מערקט זיך דעם שרייבערס ווידערווילן צו די לופטמענטשן.

מיט שרייבערישער געניטקייט טרעט שלעווין צו צום קאַפּיטל „דב בייקין". דער בחפזונדיקער סטיל אַנטשפּרעכט דעם אימפּעט מיט וועלכן די ייִדישע מדינה בויט זיך. די רעאַליסטישע פאַקטן אָטעמען מיט דער אַווירא דישׂראל. שלעווין אידענטיפיצירט זיך מיט זיין באַליבטן העלד. דב געהערט נישט צום שניט מענטשן, וואָס זוכן אויסצונוצן די קאָניוקטור אין לאַנד פאַר אייגענע אינטערעסן. דער באַשיידענער דב זעט די פּסיכישע ענדערונג אין קיבוץ, דאָס פאַלן פונעם גייסט פון חלוציזם. אויך רחל, זיין ווייב, קוקט מיט חידוש אויף אירע חברטעס, ווי זיי האָבן, פאַרלאָזנדיק דעם קיבוץ, זיך געענדערט אין דער הלבשה, און אין זייער אויפפיר. זיי האָבן זייערע איינשטעלונגען פאַרביטן אויף ניכטער־אויסגערעכנטער פּראַקטיש־קייט...

חבר אהרן, דער אויסגעפּרוּווטער רעוואָלוציאָנער, קומט אין לאַנד אַריין מיד, אויסגעניכטערט פון די אַלע שיינע פראַזן, וואָס זיינען געבליבן אָן דעקונג („חבר אהרן"). נאָכן וואַלגערן זיך לאַנגע יאָרן אין די תּפיסות אין פּוילן און אויך אין „לאַנד פון סאָציאַליזם", געפינט ער אין ישׂראל אַ ביסל

רו. די חלוצישע מי דערוועקט אין אים האָפענונג, ווייל ער זעט דאָ אייגנט־לעך דעם זעלבן גייסט פון יענע, וועלכע זיינען געגאַנגען פאַר זייער אידעאַל אויף די באַריקאַדן און אויף די תּליות. אהרן פילט זיך שולדיק קעגן זיין יינגסטער שוועסטער, די קיבוצניצע. ער האָט אַזאַ פריינדלעכקייט פון קיבוץ נישט פאַרדינט. זיין צוריקקער קלינגט ווי אַ ווידוי. ער האַלט אָבער, אַז די קרבנות וואָס ער און זיינס גלייכן האָבן אַוועקגעגעבן פאַר אַלעמענס באַפרייונג, זיינען נישט געווען אומזיסט. די באַגייסטערונג פאַר דער מדינה פאַרבלענדט אים נישט, ווייל פיל לעבנס־סתירות האָבן אויך דאָ זיך גע־וואָרפן אין די אויגן.

אַן אָפּגעבראָכענער צווייג פון אַן אויסגעוואָרצלטן בוים, פאַרוואַלגערט דורך ווינטן און שטורעמס, איז „די מעדשוועסטער מאַיאַ". די מעשה איז טראַגיש־פאַסצינירנדיק. נאָך אַלס אַ קליין קינד איז איר שוין באַשערט געווען, צוזאַמען מיט דער מוטער, צו וואַלגערן זיך איבער שטעט און לענ־דער, מיטמאַכנדיק אַלע קאָנספּיראַטיווע רייזעס פון דעם טאַטן, דעם רעוואָ־לוציאָנער, וועלכער האָט אומעטום געדאַרפט זיך אויסהיטן פון אַ פּאָליציייִש אויג. עס זיינען נישט געבליבן אינעם מיידל קיין שטאַנדהאַפטיקע דערמאָ־נונגען. לעמבערג, ווין, בערלין, פּאַריז, ווו געטאָגט, דאָרט נישט גענעכטיקט, ביז — בירא־בידזשאַן... מאַיאַס טאַטע־מאַמע זיינען ערגעץ אומגעקומען אין גרויסן מלחמה־געווירבל. זי האָט זיך געהאָדעוועט אין די קינדערהייזער אין רוסלאַנד. מלחמה־צייט איז זי געוואָרן מאָביליזירט ווי אַ קראַנקן־שוועס־טער אין דער רויטער אַרמיי. קיין צוגעבונדנקייט צו אַ היים, אָן אַ קלאָרער השגה וועגן דער וועלט אויסער ראַטנפאַרבאַנד, איז זי אויסגעוואַקסן אַ מיידל אָן קאָנטראָל איבער זיך. זי פאַרבלאָנדזשעט אין חורבן בערלין אויף אַ יזכור־אָוונט נאָך די אומגעקומענע ייִדן אין די געטאָס און לאַגערן. דאָס האָט זי סאַשקע, דער „אָדעסיט", אַהין געפירט. זי איז ווילִיק אומעטום צו גיין מיט דעם פריילעכן בחור (ער האָט אין יעדן שמועס אַריינגעוואָרפן פושקינס אַ פערז פון „יעווגעני אָניעגין") ביז ער פאַרשווינדט אויף „יענער זייט" בערלין. ווען זי טרעפט אים, זאָגט זי, וואָלט זי אַליין מיטן נאַגאַן אין האַנט, געפירט אים אין שטאַב אַריין. דערנאָך איז מאַיאַ אויך אַריבער „אויף יענער זייט", ווו עס האָט געוואַרט אויף איר אַ מומע, אַ גליקלעכע, וואָס זי האָט אָפּגעפונען כאָטש אַן איבערבלייַב פון איר אומגעקומענער משפּחה.

אין אונדזערע אויגן זעט סאַשאַ אויס צו זײַן אַן אויסגעטראַכטער טיפּ. זײַן באַהעמישע אויפגעלייגטקייט פּאַסט זיך נישט אַריין אין דער נאָכ־מלחמהדיקער אַטמאָספער פון אומקום און טרויער, וואָס האָט, אַוודאי, אויך סאַשאַן אָנגערירט.

אין „גאָלדפּאַדעניאַדע" גיט אונדז דער מחבר אַ סקיצנאַרטיקע צייכע־נונג פון אַן „אויסגעשפּילטן" אַקטיאָר אויף דער עלטער, וועמענס טעאַטער־אויפטריטן נעמען מער נישט אויס ביים עולם. צום געפיל פון דעם פּשוטן טעאַטער־ליבהאָבער אַפּעלירן מער גאָלדפּאַדענס פאָלקסשפּילן מיט זייער פאָלקלאָריסטישן חן.

אין שלעווינס כראָניקאַלער סקיצע שווימען אויף אייניקע כאַראַקטע־ריסטישע פּערסאָנאַזשן פון ייִדישן טעאַטער אין פּאַריז, ווי דער דירעקטאָר גנענדלמאַן, די גרויע אַקטריסע מאַניע לערנער. איר איינציקער בינע־דערפאָלג איז „די באָבע יאַכנע", וואָס זי שפּילט צום לעצטן מאָל פאַר אייגענעם בענעפיט, דעם געשטופּלטן סופלאָר און דעם טיפּישן טעאַטער־ליבהאָבער יאָסל. זיי זיינען אָבער קאָנטורנמעסיק געצייכנט.

„דער צוקער־בעקער פון פּלעצל" איז איינע פון דעם רוב דערציילונ־גען אויף דער טעמע פון דער לעצטער מלחמה. דער מאָלערישער אַריינ־פיר, די פאַרהאַוועטקייט פון דעם פרומען ייִד ר' שמעיה אין זיין בעקעריי, דאָס ווייב זיינס, וואָס שטאַרבט אין קימפּעט, דאָס טעכטערל וואָס ווערט אַ קאַבאַרעט־זינגערין, פון וואָס דער טאַטע האָט גרויס צער, דאָס קריסט־לעכע מיידל מיט איר מענטשלעכער געטרײַשאַפט צום ייִד דעם בעקער, ווען זי באַהאַלט אים אויס פון די דייטשן, — די אַלע פאַקטן שטעלן צונויף דאָס פאַרכאַפּנדיקע לעבנסבילד פון פּאַריזער געטאָ.

אַ שטיקל באַגריף פון דעם לעבנס־שטייגער פון די אַלזשיריאַנער, טוניסער און מאַראָקאַנער ייִדן, — אין די ענגע געסלעך פון „פּלעצל" — באַקומען מיר פון „די כלה פון קאַלאָמב בעשאַר". אין קורצע זאַצן שטעלט דער מחבר פאַר אונדז אַוועק אַ גאַנצן אָריענטאַלישן יאַריד פון מענטשן, זאַכן, קאָלירן און קלאַנגען. שלעווינס קינסטלעריש אויג כאַפּט דאָ אויף דאָס כאַראַקטעריסטישע אינעם אויסזען און אויפפיר פון די מזרח־ייִדן.

די פאַרעלטערטע לינקע אַקטיוויסטין פּערעלע, אין דער דערציילונג „אַ גוטער פריינד, ווען איך וועל שטאַרבן", לעבט נאָך אַלץ מיט דעם גרויסן אידעאַל פון אַ שענערער, יושרדיקער וועלט. זי איז, בטבע גוטהאַרציק און

האָט ליב צו טאָן מענטשן טובות. יעדעס מאָל, ווען זי קומט אַריין צום שכן, דעם זקן ד״ר כעמיע, ברענגט זי אים עפּעס מיט. זי איז פול מיט מענטש־לעכן מיטגעפיל און ברענגט אויך אַ ביסל אין אָרדענונג זיין אָפּגעלאָזענע דירה. אָבער דער אַלטער איז אַן אַנאַרכיסט און דאָס איז אין פּערעלעס אויגן אַ געפערלעכע „אַפּיקורסות״ קעגן דעם קאָמוניסטישן אידעאַל. זיינע „אַפּי־קורסישע״ פילאָסאָפיעס, דערקלערטע אין אַ פיין געשליפענער שפּראַך, דערגייען נישט צו פּערעלעס שׂכל. שלעווין האָט נישט אַן כּוונה אַריינגעלייגט אין מויל פון אַלטן סאָציאַליסט הערעטישע געדאַנקען, וואָס נאָר דאָגמאַ־טיקערס קאָנען זיי נישט באַנעמען. און אָט איז פּערעלען אויסגעקומען צו פירן דעם אַלטן ד״ר כעמיע צו דער לוויה פון דער פאַרשטאָרבענער סיעדאָוואַ, די אַלמנה פון טראָצקי, בייצווזיין די טרויער־צערעמאָניע אויפן פּערלאַשעז. דאָס זעט אין פּערעלעס אויגן אויס צו זיין אַ פאַרברעך קעגן איר פּאַרטיי. ערשט ווען זי האָט דערזען די אויפגעוויקלטע, אין שוואַרצער קרעפּע געהילטע פּענער מיט דעם סערפּ־ און האַמער־עמבלעם, האָט איר פּראָלעטאַריש געוויסן זיך עטוואָס באַרויִקט... זי איז אָבער נאָך אַלץ נישט געווען „כּשר״ ביי זיך וואָס זי האָט באַגלייט צו אייביקער רו די פרוי פון אַ „פאַררעטער״, דעם הויפּט־אָנפירער פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע, וועל־כער איז פאַרלייקנט און פאַרטריבן געוואָרן אין גלות. „צוריקוועגס האָט פּערעלע זיך אַליין און אויך דעם אַלטן געפּרעסן לעבעדיקערהייט״. דער באַגאַנגענער „חטא״ האָט געפּייניקט איר תּמימותדיק געוויסן און, אפשר, אונטערגעיאָגט דעם טויט.

ווען מען האָט ד״ר כעמיען געגעבן צו וויסן, אַז פּערעלע איז געשטאָרבן, „האָט זיך ביים אַלטן אַ פאַרקרום געטאָן אַ ברעם. מיט ציטערדיקע ליפּן האָט דער זקן געשטאַמלט: — ס׳איז געשטאָרבן אַן אמתע קאָמוניסטקע, כ׳מיין אַן אַנאַרכיסטקע, אַ צדיקית...״

מערקווערדיק איז די אידעיִש־גייסטיקע אַטמאָספער מיט וועלכער עס אָטעמט די באַשרייבונג, דער גלויבן און מסירת־נפש פון די, וואָס האָבן אַ גלויבן. אין דער דערציילונג „קאָסמאָפּאָליטן״ ווערט דורך ראַפינירטער שיל־דערונג אַוועקגעשטעלט דער טיפּ פון אַ רוסיש־ייִדיש מיידל אין דער סביבה פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור. דער פאָטער אירער, אַ סוחר פון דער „פּערווע גילדע״, האָט זי אַרויסגעפירט פון אויפגעשטורעמטן פּעטראָגראַד אויף עמיגראַציע. זי איז פאַרכאַפּט פון דעם דיכטער־דעקאַדענט,

און ווערט מיטגעריסן מיט די נאָכמלחמהדיקע „איזמען" אויפן מאַנפּאַרנאַס. נינאַ איז די נאָענטע פריינדין פון דעם פראַנצויזישן פּאָעט לענערמאַן, זי ווערט אַריינגעצויגן אין סאַמע צענטער פון ליטעראַרישן לעבן אין פּאַריז. און דאָך הענגט אַלץ איבער איר דער שווערער וואָלקן — דער ייִד־קאָמ־פּלעקס. יאָ, קאָסמאָפּאָליטיזם האָט אַמאָל, לויטן מחבר, געהערט אין די מאַרקסיסטישע קרייזן צו די הויכע באַגריפן. ווי טיף די אינטערנאַציאָ־נאַליסטין נינאַ און דער אימיגרירטער דאַדאַ־פּאָעט, דער ציניקער גריגאָרי אַדלער זאָלן נישט שטעקן אין דער פראַנצויזישער קולטור, ווערן זיי באַך אַלץ נישט באַטראַכט ווי אייגענע...

אין דער לעצטער פון די „געקליבענע דערציילונגען" טרעט בולט אַרויס דער אויטאָביאָגראַפישער עלעמענט. כאָטש די זאַך איז אָנגעשריבן אין דער דריטער פּערזאָן, איז קענטיק, אַז שלעווין מיינט דאָ זיך אַליין. דער מחבר קערט זיך נאָך פיל יאָרן צופעליק אום אין זיין האַלב פאַרגע־סענער היים, אין דער ווייסרוסישער שטאָט ביים בוג. דער געל־וואַסער־דיקער טייך, די טאָפּאָלן אַרום דעם הויז, דער היימישער אויפסטאַד, דער גאַניק צווישן די אַקאַציעס, דער „גרינער" בית־מדרש, די היימישע ייִדן, די אָרעמע ייִדישע פאָלקסשול — דאָס אַלץ קומט אויף אין זיין דמיון. אַ פּילקאָלירים ייִדיש לעבן, וואָס שלעווין האָט במשך פון יאָרן קינסטלעריש פאַרקערפּערט אין זיינע ווערק. פון דאָרטן האָט ער מיטגעבראַכט, צוזאַמען מיט זיינע העלדן, דעם שענסטן אידעאַל פון פרייהייט. שלעווין רופט אַרויס פון זיין זכרון באַגייסטערנדיקע פּערזן פון אַ סאָוויעטיש־ייִדישן דיכטער דורך וועלכע ער האָט וויזיאָנעריש אָנגעזאָגט דעם אויפקום פון אַ נייער וועלט.

איצט זעט ער ווי זיין היים ליגט צעוואַלגערט אין חורבות.

8.

ב. שלעווין האָט מיט זיין היימשטאָט נאָך אַלץ זיך נישט שעפע־ריש אָפּגעזעגנט. ער ברענגט זי ווידער אַרויס אין זיין היסטאָריש ווערק „ליפּע קאָמאַשנמאַכער" (פּאַריז, 1969). די מיטעלע פּראָווינצשטאָט ביים בוג איז דער הינטערגרונט פון אַ פּיל ברייטער פאַרטראַכטן ראָמאַן, ווו ער פאַרמעסט זיך קינסטלעריש צו פאַרקערפּערן אַן עפּאָכע אין וועלכער עס קומען אויף נייע אידעען פון פאַרשידענע ריכטונגען אין יידישן לעבן.

ווי אין זיינע פריערדיקע ווערק, אַזוי אויך דאָ, פּירט שלעווין זיינע העלדן דורך יענע לעבנס־פּראָצעסן וואָס מען דאַרפט נישט, דווקא, נאָכ־קאָנטראָלירן זייער היסטאָרישע פּינקטלעכקייט. הגם אין אַ היסטאָריש ווערק דאַרפט מען אויסמיידן טעותים. דער מחבר געפינט זיין פאַרענטפערונג אין דעם, וואָס זיין כוונה איז נישט צו שרייבן געשיכטע, נאָר באַלייכטן אויף אַ קינסטלערישן אופן פאַקטן, נויטיקע פאַר דער אידעע פון זיין ווערק.

דער אויפמערקזאַמער לייענער וועט, מסתמא, געפינען אין דער צווייטער העלפט פון דעם ראָמאַן מער כראָניק ווי בעלעטריסטיק. דאָך האָט שלעווין אויך אין דעם טייל פון זיין ווערק אוממיטלבאַר אַרויסגעבראַכט דעם העכערן אמת, דאָס צייטלעכע וואָס איז אַלצייטלעך — דעם אמת פון אונדזער גלויבן און פון אונדזער אַנטווישונג.

אויף אָפּצושפּיגלען אַ היסטאָרישע עפּאָכע, פאָדערן זיך ברייטע לייוונטן. שלעווין וויקלט זיי קינסטלעריש פונאַנדער, דער עיקר, אין דער ערשטער העלפט פון זיין ראָמאַן, ווו דער דערציילערישער שטראָם פליסט פריי. דער שרייבער דרינגט אַריין אין דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם רייכן אונטערנעמער לייבל זיידמאַן מיט זיינע פּיפּיקע אויסריידן, וואָס זיינען נישט מער ווי ביטרע אָנשטעלן און צביעות. לייבל זיידמאַן קלאָגט אויף גלות־השכינה, בכן דער ייִד האָט גאָר קיין ווערט נישט צווישן גויים. אָבער אין זיין טאָרטאָק

און גאַרבעריי נעמט ער ליבערשט אַריין גוייִשע באַלמעלאָכעס און נישט קיין ייִדן. דער גביר איז פאַרביסן אויף די ייִדישע שטרייקערס, הלמאי זיי ווילן אַראָפּוואַרפן „ניקאָלאַיען". דער עיקר, טראָגט ער אַ האַס אויף ליפּע קאַמאַשנמאַכער, דעם אָנפירער פון שטרייק, בפרט ווען ער דערוווסט זיך, אַז ליפּע אוכאַזשעוועט גאָר נאָך זיין גרעראָטענער טאָכטער טייבעטשקע. ליפּע מוז אַנטלויפן פון שטאָט, די אָכראַנע זאָל אים נישט אויסגעפינען. צום אומגליק פאַלט ער אַריין אין תּפיסה און ווערט פאַרשיקט אין ווייטן סיביר.

דער סיפּור־המעשה נעמט אַרום די סוף ניינציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט ביז סוף דרייסיקער יאָרן, ערב אונדזער גרעסטן אומגליק. צווישן די פיל טיפּן אין דעם ווערק טרעטן אין דער האַנדלונג אַרויס באַקאַנטע היסטאָרישע פיגורן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. באַגלייך מיטן אויפוואַכנדיקן סאָציאַליזם, שילדערט שלעווין דעם אויפקום פון דער חובבי־ציון־באַוועגונג מיט דעם פּאָליטישן באַגרינדער פון ציוניזם, טעאָדאָר הערצל. די תּקופה אין וועלכער ער לעבט, די סביבה ווו ער פאַרקערט, איז דורכ־געגנומען מיט דעם הויכן גייסט פון זיינע מיטצייטלערס: עמיל זאָלאַ, אַלפאָנס דאָדע, מאַקס נאָרדוי.

דער דרייפוס־פּראָצעס, דער קישינעווער פּאָגראָם, דער מצב פון די ייִדן אין דער וועלט בכלל, זיינען געווען די אַנטשיידנדיקע גורמים פון הערצלס אויפגעפלאַמטן, ייִדישן באַוווסטזיין. ער זוכט דורך דיפּלאָמאַ־טישער שתּדלנות צו דערגרייכן דעם טשאַרטער אויף ארץ־ישׂראל. ער קומט אַפילו צום צאַרישן סאַטראַפּ פאָן פּלעווע, אויסשפּועלן אַ דערלויבעניש פאַר ייִדישער עמיגראַציע פון רוסלאַנד. ער פאַרלאָזט דעם קאַבינעט פון דעם רוסישן שוואַרצמאַהניק מיט אַ צעבראָכן געמיט. די אינטערווענץ ביים טערקישן סולטאַן האָט אויך נישט געבראַנגט קיין רעזולטאַטן. אָבער ער ווערט נישט מיד צו ראַנגלען זיך פאַר דער אידעע פון אַ ייִדישער היים.

די אידעע פון אַן אייגענער היים האָט דערווייל אויסגעזען צו זיין אַ ווייטער חלום. אין צאַרישן רוסלאַנד האָט זיך געוויזן אויף עפּעס אַנט־שיידנדיקס. אויף דורכצוברעכן די מויער פון ייִדישן תּחום, האָט מען דרינגענדיק זיך גערדאַרפט פאַרבינדן מיט דער נישט־ייִדישער וועלט, ווו דאָס רוסישע פאָלק און אַנדערע נאַציאָנאַלע מינאָריטעטן זיינען געשטאַנען אין ביטערן קאַמף זיך צו אַנטיאָכן פון דער צאַרישער טיראַניע. אויף

קאָנספּיראַטיווע פֿאַרזאַמלונגען קומען פֿאַר הייסע דיסקוסיעס צווישן די סאָציאַליסטן. עס שווימען אויף וויכטיקע פֿיגורן, באַקאַנטע פֿאַרשטייער פֿון „בונד", צווישן זיי דער יינגסטער — ליפּע קאַמאַשנמאַכער. שלעווין צייכנט זיי — יעדער מיט זיין כאַראַקטעריסטישן אויסזען.

ליפּע זעט גיך איין די גלייכגילטיקע באַציונג צו יידישע אַרבעטער־פּראָבלעמען סיי פֿון די „איסקראָווצעס", און סיי פֿון פּ.פּ.ס. זיי וואַרפֿן אָפּ די ספּעציפֿישקייט פֿון אונדזערע פּראָבלעמען. איין אויסוועג איז געגעבן געוואָרן פֿאַר די יידישע מאַסן: אויפֿלייזן זיך דורך אַסימילאַציע. אויך טיבעטשקע ראַנגלט זיך באַגלייך מיט ליפּען קעגן אַזאַ איינשטעל. אָבער קיינער האָט דעמאָלט נישט געקענט פֿאָרויסזען ווי ווייט דאָס קאָן דערפֿירן. אין רוסלאַנד האָבן אויפֿגעברויזט די רעוואָלוציאָנערע כּוחות פֿון יאָר 1905 און שוין דעמאָלט עקבערט ליפּען די פֿראַגע „פֿאַר וואָס די רעוואָלוציע מוז פֿאַרפּליצט ווערן מיט טייכן יידיש בלוט?"

די פֿעברואַר־רעוואָלוציע און דערנאָך די אָקטאָבער־איבערקערעניש האָבן בלויז פֿאַר אַ קורצער צייט געוועקט די יידישע האָפֿענונג. דורך אויטענטיש געשילדערטע פֿאַקטן ווערט דאָ באַוויזן ווי וואַגיק און וויכטיק עס איז געווען דער יידישער אַנטייל אין אַלע עטאַפּן פֿון דער רעוואָלוציע און וואָס פֿאַר אַ גרויזאַמען שׂכר אירע פֿאַרטיידיקערס און באַזינגערס האָבן באַקומען.

אינטערעסאַנט איז די לענין־געשטאַלט ווי שלעווין שטעלט זי פֿאָר. דער פֿירער פֿון דער אָקטאָבער־איבערקערעניש איז האַרט, קאַלטבלוטיק, ניכטער, אָן „ראָמאַנטישע שוואַכקייטן", אין קעגנזאַץ צו אַנדערע, וועלכע זיינען, אפֿשר, מילדער אין זייערע באַטראַכטונגען, איבערקלערנדיק וועגן עס האַנדלט זיך אין באַזייטיקן „שוועריקייטן", ווייל נישט אַלע רעוואָלוציאָנערן זיינען דאָך פֿון איין טייג געקנאָטן... דער פּולער פּאָרטרעט פֿון דעם „אַפּאָס־טאָל פֿון וועלט־דערלייזונג" איז, אַוודאי, נישט דערגאַנצט, נאָר פֿאַר דער אידעע פֿון גלויבן און אַנטוישונג — זי ציט זיך ווי אַ רויטער שנור דורך דעם ראָמאַן — זיינען די עטלעכע כאַראַקטער־שטריכן אויך פֿילזאָגנדיק.

די באַלפֿור־דעקלאַראַציע פֿאַרעפֿנטלעכט גראָד אין יענע רעוואָלוציע־טעג האָט געבראַכט אַ געוויסע אויפֿמונטערונג פֿאַר די יידן, ווייל די פּערספּעקטיוון פֿון אַן אייגן יידיש לעבן אין לאַנד פֿון „אָקטאָבער" האָבן באַלד אין אָנהייב אויסגעזען צו זיין פֿאַרטונקלט. די אומקאָמפּראָמיסלעך אויסגע־

שפּראַכענע התנגדות צו פּולער, ייִדישער גלייכבאַרעכטיקונג, האָט, צום סוף, דערפירט צו טאָטאַליטאַרע מאַסמיטלען, צו אָפענע און באַהאַלטענע פאַרברעכנס. דער שרייבער דערציילט אונדז וועגן דער יאושדיקער אויס־ווירקונג פון די מעשׂים־תּעתּועים אויף יענע „פּאַרעקשנטע" אידעאַליסטן, וועלכע האָבן ביז זייער לעצטגילטיקן דורכפאַל געדינט מיט בלינדן צוטרוי דעם פאַררעטערישן מאַכטהאָבער. אַזוי איז דער חזיון פון אַ שיינער יושר־דיקער וועלט, דערפירט געוואָרן צו אַ וויסטן מדבר.

טייל קאַפּיטלען שטעלן מיט זיך פאָר אַ קאָמפּילאַציע פון טרוקענע פאַקטן אין וועלכע ליפּע און טייבעטשקע זיינען אַנגאַזשירט. אין אַ וועלט פון שקר, ווילקיר, מאָרד, ווו די ליטעראַטור האָט פאַרלוירן איר מאָראַלי־זאַטאָרישן כּוח, איז, אפשר, גאָרנישט אונטערן סטאַנדאַרט פון דער ריינער וואָרטקונסט צו אַרגומענטירן קעגן עוולות און גרוילטאַטן קאָנקרעט — אָן מייסטערישע באַפּוצונגען.

מיר האָבן שוין אויבן אָנגעמערקט, אַז שלעווין איז אַ בריה אין מאָלן דאָס פּעריפערישע, דאָס מאַסנבילד אויפן פאָן פון דער אַלגעמיינער גע־שעעניש. דאָ און דאָרט באַווייזט זיך עפּיזאָדיש אַ צמצומדיק געצייכנטע פיגור, וואָס זעט זיך קוים אַרויס פון דער מאַסן־געדיכטעניש, און דאָך, איז דאָס אַ וויכטיקער ניואַנס וואָס דערגענצט דאָס בילד. נישטאָ ביי שלעווינען קיין צו לאַנגע דיאַלאָגן. אַ מאָל וואַרפט איינער אַריין אַ באַמער־קונג, אַ זאָג, באַדינגט פון דער געגעבענער סיטואַציע און געמיט־צושטאַנד.

איינס פון זיינע מאַסנבילדער איז די רעאַליסטישע שילדערונג פון דער וואַרשעווער האַלב־אונטערוועלט. צווישן אַנדערע געפינען זיך הפקר־יונגען, אָנגעשלאָסענע אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. די פאַרטייען האָבן, צו יענער צייט געהאַט זייערע „כּוח־גייערס" אויף צו פאַרכאַפּן אַרבעטסערטער, בכדי אויסצואיבן זייער השפּעה איבער די אַרבעטער. צווישן די באַיוווקעס קומט אָפט מאָל צו בלוטיקע געשלעגן. שלעווין רופט אָן באַקאַנטע נעמען פון שלעגערס, וועלכע האָבן אָנגעוואָרפן אַ מורא אויף די ייִדישע שכנים פון דער אָרעמער גאַס אין וואַרשע.

אָפּשפּיגלענדיק די לעבנס־ווירקלעכקייט פון אונדזער צייט, וואַרפט אויך שלעווין אַ בליק אויף צוריק צו אונדזער רייכן עבר. דער באַנעם פון יידישן קיום און המשך סטימולירט זיין שאַפן. ער איז דער שרייבער פון אונדזער תקופה — אַ פולע מיט אויפטרייסלענדיקע געשעענישן און ביטערע נסיונות פאַר אונדזער פאָלק. זיין קינסטלעריש אויג נעמט אַרום ברייטע לעבנס־שטחים און סביבות און יעדעס ווערק זיינס לייענט זיך מיט באַזונדערן אינטערעס. אין דער שייכות פאַרנעמט דער פּראָזאַיקער בנימין שלעווין אַ בכּבודיק אָרט אין אונדזער ליטעראַטור.

טאָראָנטאָ, 1976

